# מעריַ

## ראָמאַן

פון

## שלום אַש

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס״
175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק
1917

איך ווידמע דאס בוך

„מערי“

מיינע פרוי און פריינד

מאטעל אש

אין דאנקבארקייט פאר לייד און גליק.

דער מחבר.

## ראָס ערשטע קאַפּיטעל.

עס איז געווען דער יונגער הערבסט, וועלכער האָט מערי ראָזענצווייג אַזוי געשטימט.

דער יונגער הערבסט אויף דער קליידרוסישער ערד.

זי איז געגאַנגען צווישען די געדיכטע קוסטען מיט ווילד גראָז בעוואַקסען, וועלכע זיינען פּייכט געווען. טראָפּענס וואַסער זיינען געהאָנגען אויף די בלעטער, איהרע פיס זיינען נאַס געוואָרען און זי האָט ניט געקוקט דערויף. זי איז אַלץ טיעפער אריין צווישען די גרעזער. װאָס זיינען דאָרט געוואַקסען, ווי זי וואָלט געוואָלט צווישען זיי פערפאַלען ווערען. עס איז געווען אַ שטילער זונען־אונטערגאַנג, מיט בלאַהע זיידענע וואָלקען אויסגעמישט, וועלכע זענען נאָך איבערגע־בליבען אויפ'ן הימעל פון דעם נאָכמיטאָגדיגען רעגען. און זי איז פול געווען מיט די פרומע געזאַנגען, וואָס זי האָט געהערט.

פון דער קליינער פּויעריש־מאַלאָראָסישער קירך איז זי גע־גאַנגען, וואָס איז געווען ווייט אַבגעלעגען פון שטאָדט. זי האָט זיך צוגעהערט צום געזאַנג פון די מיידלעך און קינדער, וואָס האָבען ביי זייער בעטען געזונגען, און האָט געטראַכט וועגען דעם, ווי וועניג שעהנע רעליגיעזע צערעמאָניעס עס זיינען דאַ ביי אידען: ווי אָרים די אידישע שוהל איז, ווי ווייט זי איז פון איהר און ווי פרום, ווי מורא'דיג פרום איז די פּויערשע קירך.

זי האָט זיך דערמאָהנט, ווי אַ מיידעל האָט געקניהט פאַר'ן פּאָפּ און האָט זיך פאַר איהם מתודה געווען. פאַרוואָס איז ביי יודען ניטאָ אזא מנהג? — האָט זי געקלערט. און דאַ איז איהר ערשט גע־קומען אויף די געדאַנקען, אַז זי האָט אייגענטליך גאָר קיין רעליגיאָן נישט, אַז זי איז אויפגעוואַקסען אָהן אַ גאָט. ווי אונפערשטענדליך און פרעמד עס זיינען איהר די רעליגיעזע צערעמאָניעס פון איהרע עלטערען! קיינער האָט זיך נישט געמיהט איהר זיי געבען צו פערשטעהן, קיינער האָט נישט פערלאַנגט פון איהר, אַז זי זאָל זיי

אבהיטען. און זי האט מיט בענקשאפט און וועה געקוקט אויף די אָרימע פויערשע מיידלעך, וואס זיינען איצט געגאנגען פון קירך אויף ביידע זייטען וועג אין זייערע ווייסע קליידער און די בלומען פון זייערע פעלדער אין די געבעט־ביכער אריינגעשטעקט.

ווארום עס איז געווען די צייט, ווען דאס אכטצעהן־יאהריגע מיידעל שעפט־אויף אין איהר נשמה אלע חוואליעס פון שטימונגען, וואס שוועבען אין דער לופט ארום.

און אכטצעהן יאהר איז מערי דאן אלט געווען, און א געשטאלט האט זי געהאט, מעהר צו א איינגעל געגליכען איידער צו א מיידעל. א פלאכע ברוסט האט זי געהאט, און אויגען, גרויסע און פייערדיגע, ווי מען געפינט עס ביי רבי'אימשע קינדער פון א חסיד'יש הויף. און די האר האבען זיך איהר געקרייזעלט אין לאקען און זיינען ווי פיאות אראבגעפאלען איבער איהר לענגליך געזיכט. און א שטערען האט זי געהאט א הויכען, א געוועלקטען און א מלכות'דיגען, און זי האט אויסגעזעהן איצט, צווישען די קוסטען ווילד גראז, וועלכע האבען זיך שוין געטונקעלט אין אבענד־דעמערונג, ווי א ווערבעלע א יונגם מיט העננענדע לאנגע צווייגען האט זיך אויסגעריסען פון דער ערד און געהט צווישען די גרעזער איבער די פעלדער.

— „פאטער אונזער, אונזער טעגליך ברויט גיב אונז היינט“ — האט געקלונגען דער אבגעהאקטער זאץ פון געבעט ביי איהר אין זכרון. ווי פראסט די ווערטער זיינען! — האט זי זיך געטראכט. א ארים פאלק, פויערים קומען אריין אין קירך, וואס שטעהט אין מיטען פעלד, און בעטען פאר זייערע תבואות. און זי האט פערנומען אין זיך דאס קירכען־געזאנג, די קינדער'ס ציטערנדיגע שטימען, די פארכט און דעם ערנסט פון דער תפילה. און א פרומער צוק איז דורכגעגאנגען דורך איהר ביינערדיג לייב, וואס איז קוים געווען איינגעהילט אין איהר שווארץ זיידענער בלוזע און אין איהר ווייכען טיולענעם טוך. און פלוצלונג האט זי זיך פערטראכט וועגען איהר מוטער.

איהרע געדאנקען זיינען איצט איבערגעטראגען געווארען אויף עפים אנדערש — וועגען דעם ערשטען קאפיטעל פון איהר ראמאן, וואס זי האט צו שרייבען, וועגען וועלכען זי האט געטראכט נאך זייענדיג אין גימנאזיום אין דער גובערנסקער שטאדט. זי האט איהם אבגעלעגט אויף דער צייט, ווען זי וועט אהיים קומען צו דער מוטער

אויף וואקאציע. אבער ביז איצט איז איהר נאך אלץ נישט אויסגע־קומען אוועקצוזעצען זיך ביים טישעל.

זי איז טרויעריג געווארען און האט זיך פארווירפע געמאכט: דער גאנצער זומער איז אוועק אין גארנישט!

יעדעס מאל, ווען מערי איז ערנסט געווארען, האט זי געטראכט וועגען דעם ראמאן וואס זי דארף שרייבען, און איהר פוילקייט האט זי געבראכט צו זעהר טרויעריגע געדאנקען איבער איהר צוקונפט. און זי האט אנגעהויבען צו קלערען וועגען פעטערבורג, וואוהין זי וויל פאהרען צום ווינטער אויף די קורסען, און וועגען איהרע חבר'טעס, די פריילינס עהרליך, וועלכע וואוינען דארט.

נאך היינט אויף דער נאכט א בריעף שרייבען — האט זי זיך געזאגט. נאר דאס טונקעלקייט, וואס האט אנגעהויבען צו הערשען ארום איבער די פעלדער, און דאס קירכען־געזאנג, וואס האט נאך געקלונגען אין איהרע אויערען און עס האט זיך איהר געדאכט, דאס צו פערנעהמען איצט פון די אויסגעשפרייטע פעלדער, פון די זומפען און פון די נאסע קוסטען, וואס זיינען ארום — האט זי נישט געלאזט זיך פערנעהמען מיט געדאנקען וועגען פראקטישע זאכען, ווי א בריעף צו די עהרליכ'ס. זי האט זיך ארייננעלאזט אין געדאנק וועגען ראמאן. דאס האט געזאלט זיין עפיס א שרעקליכע געשיכטע פון א גרעפין, וואס ליעגט אויפ'ן טויטען־בעט און בעשווערט איהר זוהן, אז ער זאל ווערען א קאטוילישער גלח, און דער זוהן פערליעבט זיך אין א מיידעל. און די מלחמה ביי איהם צווישען דער מוטער'ס שבועה און דער ליעבע צו זיין אויסדערוועהלטער — דאס האט געזאלט זיין עפיס זעהר הארצרייסענדעס.

ווארום מערי האט אין אזעלכע מינוטען שטענדיג געטראכט וועגען גרעפינס און גראפען, אלטע שלעסער־ריטער פון מיטעלאלטער, וואס קומען ביי־נאכט אויף זייערע פערד אנגעלאפען, רויבען אוועק זייערע כלות און אנטלויפען מיט זיי. זי איז געווען ווי אין א חלום, און ארום איהר האט געוויטעלט די סביבה פון מיטעל־אלטערישע שלעסער, נור צוליעב זייטיגע סבות לעבט זי פארלויפיג דא, אין דעם קליינעם שמוציגען אידישען שטעדטעל, ביי איהרע אידישע עלטערען. זי וועט זיך אבער אמאל אויפחאפען אין א פריה־מארגען און וועט זיך געפינען אין איהר ריכטיגען מיליע...

זי האט ביי זיך אבגעמאכט — אויף דער נאכט, ווי זי וועט אהיים קומען, אוועקזעצען זיך און אנשרייבען דאס ערשטע קאפיטעל פון איהר ראמאן: „די גרעפין אויפ'ן טויטען-בעט".

מיט דעם בעשלוס איז זי אין שטוב אריין.

עס איז געוועזן שבת אויף דער נאכט. די מוטער האט נור ערשט וואס געהאט א ליכט אנגעצונדען, איז געזעסען אין א ווינקעל און געזאגט שטיל „גאט פון אברהם". די שטוב איז געוועזן אין טונקעל איינגעהילט. די נאכט האט מען נור דורך די פענסטער געזעהן. דער פאטער האט זיך ארויף און אראב געדרעהט איבער'ן שטוב און געקרעכצט פון צייט צו צייט — עכטע יודישע קרעכצען.

זי האט זיי נישט געזעהן, האט זיך מיט זיי נישט געגריסט און איז אריין צו זיך אין צימער אהן ווערטער. זי האט זעוואלט די לאמפ אנצינדען, נור דאס טונקעלקייט פון שטוב איז איהר געפעלען, האט זי זיך אויף איהר בעטעל אוועקגעזעצט און געקוקט אין דער פינסטער-רער שטוב אריין.

אין א ווײלע ארום האט זיך די טהיר געעפענט, און די מוטער איז אריינגעקומען, ווי אריינגעשלייכט. זי איז פאמעליך צו צום בעט און האט מיט ליעבע גערופען: „מרים-לעבען!".

מערי האט זיך נישט אבגערופען.

די מוטער האט די האנד אויסגעשטרעקט, געטאפט איהר קאפ און האט ניט אהן שרעק אויסגערופען:

— דו האסט דאך היץ!

דאס מיידעל האט נישט געענטפערט. איהר איז גוט געווען צו פיהלען אין דער טונקעל דער מוטער'ס האנד אויף איהר קאפ. איהר שווייגען האט די מוטער אנגענומען פאר א גוטען צייכען, און זי האט ווייטער געוואגט צו ריידען:

— זאל איך אנצינדען דאס ליכט?

— ווי דו ווילסט.

די מוטער האט דאס ליכט אנגעצונדען און זיך צוריקגעזעצט נעבען איהר בעט:

— ווי דו זעהסט אוים, טאכטער, דו ביזט דאך נאס, וואו ביזטו געווען?

דאס מיידעל האט זיך פערקרימט: — מאמע!

— טהו זיך אוים, דו װעסט זיך, חלילה, פערקיהלען. דאס מיידעל
האט זיך װיעדער פערקרימט: — מאמען!
— מרים־לעבען, װי דו זעהסט אוים!
דאס מיידעל האט זיך אבגערופען:
— איך װיל זיין אליין.
די מוטער האט אבגעקרעכצט, געקושט די טאכטער אויפ'ן קאפ
און איז אין דער צװייטער שטוב אריין.

---

## דאס צװייטע קאפיטעל.

װען מערי איז אליין געבליבען, האט זי זיך אויפגעזעצט, איבער־געטהאן זיך טרוקען און זיך אװעקגעזעצט נעבען איהר װייסען טיש, ביי װעלכען זי פלעגט מאכען די לעקציעס פון גימנאזיום. זי האט ארויסגענומען דאס ראזע בריעף־פאפיר און געװאלט אנהויבען צו שרייבען דעם ראמאן.

אז זי האט געװאלט אנהויבען צו שרייבען — איז איהר דער גאנצער ראמאן װי אװעקגעפלויגען; דאס מיליע פון די גדעפינס אויפ'ן טויטען־בעט איז אזוי װייט געװען פון איהר, אז זי האט נישט גע־װאוסט מיט װאס אנצוהויבען.

און דא ערשט האט זי דאך אלץ געהאט!

נאכ'ן ערשטען זאץ האט זי אװעקגעלעגט די פעדער. זי האט אנגעהויבען ארומשפאנען איבער דער שטוב ארויף און אראב. פון דער װאנד האט אראבגעקוקט צו איהר באטיטשעלי'ס א װענעציאנע־רין, געציהרט דעם קאפ אין א פערל־הייבעל. זי האט זיך פערקוקט אויף דאס שמוק־שטיק און זי האט געזעהן ז י ך אין דעם געציהרט, און געטראכט צו נעהמען פון דער מוטער די אלטע פערל און זיך אויפ־נייהען אזא הייבעל.

נור דערװייל האט זיך פון דער צװייטער שטוב געהערט א בעלע־בען. עס איז װער געקומען, מען רעדט הויך. זי האט געטראכט — דער פעטער לייזער איז דארט, און זי איז בייז געװארען, פארװאס די מענשען פון דעם װאכענדיגען לעבען װעקען זי אויף פון איהרע חלומות.

די מוטער האָט אַנגעקלאַפּט: מרים־לעבען, קום אריין, דער סאַמאָ־וואר שטעהט אויפ'ן טיש.

זי האָט געהאַט בדעה אריינצוגעהן צום טהיי. נור דערפאַר וואָס די מאַמע האָט אַנגעקלאַפּט, האָט זי נישט געוואָלט אריינגעהן.

זי האָט געפיהלט אַ בעדערפניש דער מוטער צו־להכעיס טהאָן. נישט פאַר שלעכטסקייט, נור עפּעס צוליעב אַנ'אונבעוואוסטען טעם.

דער מוטער'ס רופען האָט זי אָבער אָבגעריסען פון איהרע געדאַנ־קען און דאָס בעלעבען, וואָס האָט זיך געהערט פון דער צווייטער שטוב, האָט זי גע'חשק'ט אריינצוגעהן. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טהאָן. צום סוף האָט זי אויף זיך אַרויפגעוואָרפען אַ טיכעל און איז אריין אין עס־צימער.

דאָס עס־צימער איז איצט געווען גוט בעלויכטען. די ברייטע לאָמפּ האָט געגאָסען ליכט איבער'ן טיש. דער טיש איז געווען געדעקט און דער סאַמאָוואר האָט היימליך געמאַכט די שטוב. ביים טיש האָט זי געטראָפען, אויסער דעם פאָטער, דעם פעטער לייזער מיט זיין זוהן מישאַ.

זי האָט זיך בעגריסט מיט זיי.

— ווייסט, מרים, מישאַ פאָהרט דאָך קיין קיעוו אין אוניווערזי־טעט אריין.

— אַזאַ יונגער און שוין אַזוי פיעל לערנען — האָט די מוטער געזאָגט.

אין מערי'ן האָט זיך ערוועקט די נישט־לאַנג־געענדיגטע גימנאַ־זיסטקע. — האָט זי געפרעגט:

— קיין קיעוו? און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט פאָהרען קיין פּעטערבורג. צו וואָס בלייבען אין דער פּראָווינץ?

— איך האָב אָבגעשיקט די פּאַפּירען קיין פּעטערבורג אויך, נור איך רעכען, אַז אין קיעוו וועל איך גיכער אַנגענומען ווערען, — האָט מישאַ געענטפערט און איז רויט געוואָרען (ער האָט געהאַט די גע־וואָהנהייט צו רויטלען זיך ביי דער קלענסטער געלעגענהייט).

— מען זאָגט, אין קיעוו זיינען זיי נישט אַזוי שטרענג מיט דער פּראָצענט־נאָרמע — האָט ער אַנגעהויבען צו רעדען רוסיש, ווענדענדיג זיך צו מערי'ן.

— און איך פאהר קיין פעטערבורג — האט מערי געזאגט צו מישא'ן אויף רוסיש, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען. — מיר בענקט זיך נאך פיטער, — האט זי צוגעלעגט מיט'ן טאן פון די פראָ־ווינציעלע גימנאזיסטקעס, וועלכע רעדען שוין: „מיר, סטודענטען".

— דאס איז א נייעס, — האט זיך דער פאטער געווענדט צום פעטער לייזער, — איך הער דאס צום ערשטען מאל, דאס איז גאר א נייעס.

— וואס האט זי געזאגט, וואס האט זי געזאגט? — האט די מוטער אייניגע מאל איבערגעפרעגט אויף אידיש. וואוהין פאהרט זי? קינד — האט זי אונבעהאלפען געקוקט צו דער טאכטער.

נור מערי האט ווייטער גערעדט מיט מישא'ן אויף רוסיש וועגען דער אוניווערזיטעט אין פעטערבורג:

— יא, דו האסט רעכט — אהן א גאלדענער מעדאל וועט פאר א אידען אין פעטערבורג שווער זיין אנצוקומען.

— מען זאגט פינף הונדערט האבען אנגעגעבען און פלעצער זיינען דא נור פופציג; זיי וועלען א קאנקורס אויסרופען — האט מישא געזאגט צו מערי'ן און עפעס אוים א געוועהנהייט פון זיינע קינדער־יאהרען געקוקט אין א זיים, — אודאי, וואלט זיך געוואלט זיין אין פעטערבורג — א וועלט־שטאדט, טהעאטער, קאמיסארזשעור סקאיא, — האט ער צוגעלעגט מיט א פערשעמט שמייכעלע, און זיינע פאדערשטע צייהן האבען זיין געזיכט געגעבען דעם אויסדרוק פון א קינד.

— און איך זאג, אז גלייכער איז׳ אין קיעוו, נישט אזוי אבגעריסען פון דער היים, דאס לעבען ביליגער און די אוניווערזיטעט די אייגענע, — האט זיין פאטער זיך געווענדט צו מישא'ן.

— וואס וויל ער דען שטודירען? — האט ר' חיים געפרעגט זיין ברודער.

— איך וואלט געוואלט, ער זאל ענדיגען דאקטאר אדער אדוואָ־קאט, ער האט אזוי לאנג געארבייט, זאל ער כאטש עפעס האבען דערפון — האט לייזער געענטפערט זיין ברודער פאר זיין זוהן — ער האט זיך אבער איינגעשפארט מאטהעמאטיק, רעכענען, ווייס איך, וואס עס וועט זיין דערפון?

— איך ליעב עס — האט מישא פערשעמט געזאגט און איז ווידער רויט געווארען.

— דאס איז גוט — האט זיך מערי אריינגעמישט, — אלע אידען שטודירען נור מעדיצין. דאס איז נישט קיין וויסענשאפט. דאס איז א פראפעסיע, א קאריערע. איך וועל הערען נאטור־וויסענשאפט, איך ליעב זעהר די נאטור.

— און צוליעב דעם דארף מען פאהרען אזש קיין פעטערבורג? — האט געזאגט די מוטער, וועלכע האט פערשטאנען אביסעל רוסיש, — האסטו ווענינ ביכער, קויף דיר נאך און לערן דא.

— איך וועל דא נישט אויסזיצען אין דעם קליינעם שטעדטעל, איך וועל משוגע ווערען, — האט זיך דאס מידעל אבגערופען צו דער מוטער אויף אידיש, האלב אויסשרייענדיג.

דער פאטער, וועלכער האט אין דער היים בעקומען א גוטע ערציהונג, האט נישט געוואלט מאכען קיין פאמיליען־סצענע אין געגענווארט פון זיין ברודער. ער האט צו דער וויב געשאקעלט מיט'ן קאפ, אז זי זאל אויפהערען און, ווענדענדיג זיך צו דער טאכטער, האט ער געזאגט:

— ועסט פאהרען, ועסט פאהרען.

נאך דעם האט ער מיט'ן ברודער אנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם וואלד, וואס זיי האבען ביידע בשותפות. דער שמועס ביים טיש איז געווארען געטהיילט: די עלטערע האבען גערעדט וועגען זייערע עסקים און די יונגע האבען זיך אויפגעהויבען און זיינען אריין צו מערי'ן אין צימער.

---

## דאס דריטע קאפיטעל

אז מישא און מערי זיינען אליין געבליבען, איז איהר טראץ און איהר עקשנות, וואס זי האט ארויסגעוויזען צו די עלטערען, איינגאנצען פערשוואונדען. איהר איז בעפאלען א קינדערשע פרעהליכקייט, וועלכע עס פלעגט אויף איהר קומען פון צייט צו צייט נאך א טרויעריגע שטימונג. עס איז געוועזן די פרעהליכקייט, וועלכע פלעגט זיך גיסען ווי פון א ריינעם קליינעם קוואל וואסער; איהרע אויגען זיינען בע־

לעבט געווארען און איהר גערזיכט איז זעהר ליעבליך און זעהר שעהן געווארען. זי האט נישט אנדערש געקאנט רעדען, סיידען מיט א קליני גענדען געלעכטער, און באלד ארומגענומען דעם, צו ווענען זי האט גערעדט — נישט געקוקט דערויף, צי עס איז א מיידעל איהר גלייכען, אדער א בחור, אויף וועלכען איהר האנד־בעריהרונג האט ארויסגערופען פלאמען אויפ'ן פנים.

זי איז דערביי אונשולדיג געבליבען.

— מישא, טייערינקער, — האט זי געזאגט צו איהם, גלעטענדיג מיט איהרע קאלטע ווייסע פינגער דעם קין פון זיין באק, — פאהר קיין פעטערבורג, ווי נאט איז דיר ליעב, קום, מיר וועלען אינאיינעם זיין.

מישא איז רויט געווארען ווי פייער. די אויבערשטע ליפ האט זיך איהם פערקרימט, און ער האט פערלענגען געלאכט, געוויזען דערביי די צוויי גרויסע צייהן, און זיין גאנצעס ועזען איז געווען ווי א אינגעל, וואס איז אויפגעוואקסען אהן זיין ווילען. הענד האט ער געהאט צו־גרויסע, פיס האט ער געהאט צו־גרויסע, און ביי יעדער אזא פערלעג־ענהייט פלעגט ער שטעהן אונבעהאלפען מיט זיינע צו־גרויסע הענד און פיס און אויסזעהן, ווי א אינגעל, וועלכען מען האט אנגעטהאן צו־גרויסע קליידער...

— איך װ י ל דאך פאהרען... איך וויל פאהרען, נאר וואס מאכען? — און איז געשטאנען אין מיטען שטוב און האט די ברילען פערלענגען אראבגענומען פון דער נאז און פערלענגען זיך זיי צוריק ארויפגעזעצט.

— מיר וועלען איבער נעווסקי שפאצירען, איבער דער נעווא וועלען מיר אין לאדקעס פאהרען, אין די טהעאטערען, אין די רעסטאראנען אזוי „פא סטודענטשעסקי", וועלען מיר לעבען, אויף די „אסטראווא" וועלען מיר וואוינען. כ'לעבען, עס וועט גוט זיין — איך האב דארט פיעל בעקאנטע, וועסט זעהן.

— זאלען זיי מיך נור אננעהמען, וואלט אלץ גוט געווען—ענטפערט מישא מיט דעם פריהערדיגען פערלענגען געלעכטער'ל.

— זיי וועלען אננעהמען, כ'לעבען, פארוואס זאלען זיי נישט אנ־נעהמען? — האט מערי פערגעסען אן פריהערדיגען געשפרעך, — און וועלען זיי נישט אננעהמען, וועסטו ווארטען א פערטיל יאהר, און אן

ארט וועט זיך מאכען, עס איז ווערטה. די גרויסע שטאדט לערנט.
אה, מישא, פיטער, פיטער! — האט זי אויסגערופען מיט ענטציקונג.

באלד האט זיך אין טהיר בעוויזען די מוטער, וועלכע איז אריינגעקומען אין דער שטיל און מיט שרעק, דרייסטער צו מישא'ן ווי צו איהר טאכטער, און האט זיך אוועקגעזעצט נעבען מישא'ן און געזאגט צו איהם:

— נו, זאג דו אליין, מישא, צו וואס דארף זי אוועקפאהרען? ביכער האט זי, וויפיעל זי דארף, ברויכסט נאך — קויף. און וואוהין וועט זי פאהרען, א מיידעל אליין אין אזעלכע גרויסע שטעדט? און דא זיינען מיר אליין — דער פאטער איהרער, די מוטער איהרע. נו, זאג, מישא, דו ביזט דאך א מאנספערשוין, זאג!...

נור אנשטאט צו בייזערן זיך אדער ארויסצולויפען פון שטוב — ווי מערי וואלט עס אנ'אנדערש מאל געטהאן — איז זי איצט ארויפגעפאלען אויף דער מוטער, האט זי געקושט, גענלעט די הענד און געהאלזט זי: מאמינקע, טייערע, מאמינקע גוטע, דו ביזט גוט, דו ביזט גוט, — און האט אלץ דער מוטער'ס הענד געקושט.

— מיין קינד טייערס, וואוהין ווילסטו? געענדיגט דאס גימנאזיום, און וואס ווילסטו נאך? צו וואס דארפסטו אזוי פיעל לערנען, וואס ביזטו א מאנספערשוין? — א דאקטאר ווילסטו ווערען? — צו וואס אזוינס? צו וואס לויפען? וואס פעהלט דיר דא אין דער היים?

מערי, לעגענדיג די קאפ אויף דער מוטער'ס שויס, האט גערעדט ווי צו זיך אויף רוסיש:

—פיטער איז שעהן, מאמינקע, שעהן איז פיטער, און עס בענקט זיך, עס בענקט זיך זעהר.

— שמואל איז אוועק, איז קיין אויסלאנד געפאהרען, און דו ווילסט אויך אוועק. מיט וועמען וועל איך איבערבלייבען? וואס איז מיט איך? פארוואס, טייערינקע, אוועקפאהרען? — ווילסט זעהן פעטערבורג — וועסטו אמאל מיט'ן טאטען מיטפאהרען. צו וואס, קינד? נו, זאג דו, מישא — צו וואס? — מילא שמואל איז א מאנספערשוין— אבער דו?

מערי טראכטענדיג וועגען עפעס האט זיך פלוצלונג אויפגעכאפט:

— מיר פאהרען אינאיינעם, מאמעלע קרוין — האט זי געוויזען אויף מישא'ן — אינאיינעם וועלען מיר פאהרען, אויף די „אסטראווא“ וועלען מיר וואוינען, מיט איזוואזטשיקעס וועלען מיר פאהרען. אך, מאמינקע, פיטער איז שעהן, מאמע! — און זי איז ווידער ארויפגעפאלען אויף דער מוטער'ס האלז און זי געקושט.

נור באלד האט ווער אנגעקלאפט אין טהיר, און עס איז אריינגעקומען סאניע, מישא'ס שוועסטער. זי האט מישא'ן או א זייט גערופען און איהם עפעס אריינגערוימט אין אויער. דערנאך האט זי זיך צוקושט מיט מערי'ן און אין איילעניש געזאגט:

— ווען מארגען מיט אונז מיטגעהן? מיר וועלען צום דניעפר ארוים.

זי האט אבער באלד צוריקגעכאפט, ווי זי וואלט חרטה געהאט אויף איהרע ווערטער און געקוקט אויף מישא'ן.

מערי, אין איהר לוסטינער שטימונג, האט אויפגעכאפט:

— א גליקליכע אידעע! מארגען איז זונטאג, מיר וועלען א גאנצען טאג אין דארף זיין, מיר וועלען אין קרעטשמע געהן, די פויערים וועלען געווים טאנצען.

סאניע האט אבגעענטפערט צוויי־דייטיג:

— נישט דאס טאנצען אינטערעסירט אונז.

— ווער דען אינטערעסירט אייך? — האט מערי געקוקט ניי־ניעריג אויף מישא'ן.

— „ניטשעווא“! — האט סאניע ווידער געזאגט צוויי־דייטיג.

— צו וואס דארפט איהר געהן? איהר קאנט דאך די פוהר נעהמען — האט די מוטער געזאגט — מארגען איז דאך זונטאג, און די פערד שטעהען אין דער היים.

— די פערד וועלען מיר נישט קאנען בענוצען, מיר דארפען געהן צו־פוס — האט סאניע אבגעענטפערט ווידער געהיימניספאל.

דער ברודער האט איצט געקוקט אויף איהר שטרענג און געשאקעלט מיט'ן קאפ.

מערי האט זיי אנגעקוקט נייגיעריג.

מישא האט געפיהלט, אז ער דארף עפעס זאגען, האט ער די ברילען אראבגענומען און געבייזערט זיך אויף דער שוועסטער:

— וואס מאכסטו פאר א היסטאריעס ? מיר וועלען אביסעל שפא־צירען געהן, און דאס איז אלץ. האט איהר געזעהן, וואס פאר א זאך זי האט געמאכט דערויס !

— אביסעל שפאצירען געהן, און דאס אלץ — האט זיך סאניע אליין ווי אויף זיך נעבייזערט, — און מענשען מיינען ווייס איך וואס! גארנישט, גלאט אזוי שפאצירען געהן...

די ווערטער וועלכע זיינען אין א געהיימניספאלען טאן געזאגט געווארען, האבען ביי מערי'ן נאך מעהר נייגיעריגקייט ארויסגערופען. און זי האט געקוקט אמאל אויף מישא'ן, אמאל אויף סאניען.

מישא האט זיך שוין נישט געקאנט איינהאלטען און האט אויסגע־שריען צו דער שוועסטער:

— וואס פלוידערסטו? וואס פאר א געהיימניסען מאכסטו? מענשען דערשרעקען זיך דאך. מיר ווילען שפאצירען געהן, און זי קומט און דערצעהלט אייך: „מיר ווילען שפאצירען געהן" — אבער אין אזא טאן, אז דיר דאכט זיך, אז מיר געהן א מענשען הרג'ענען; האסטו געזעהן אביסעל א גוזמא !

סאניע האט זיך פערשעמט און האט אנגעהויבען הויך צו ריידען, ווי זי וואלט זיך אויף זיך אליין געבייזערט.

— ווער מיינט דא עפּיס? קיינער מיינט נישט. מיר וועלען שפאצירען געהן, און מעהר גארנישט.

די מוטער האט אבער פון די אלע געשפרעכען ארויסגענומען, אז דא האנדעלט זיך וועגען א שרעקליכער זאך, האט זי זיך מיט שרעק אנגערופען:

— מרים־לעבען, איך וועל דיך נישט לאזען געהן. וואס ריידען זיי דא?

מישא האט זיך איצט צובייזערט:

— זעהסטו, וואס דו האסט אנגעמאכט, האסט מענשען דערשרא־קען בחנם.

מערי איז ארויס מיט א געלעכטער.

זיי האבען זיך אלע דריי צולאכט. די מוטער האט אויך געשמייכעלט און זיך בערוהיגט.

— קום, מיר וועלען געהן, — האט מישא געזאגט צו דער שוועסטער.

סאניע האט זיך ווידער צוקושט מיט מערי'ן: — ביז מארגען!
— ביז מארגען. וואו טרעפט מען זיך?
— מיר וועלען אריינגעהן נאך דיר.
די מוטער האט זיך אויך געקושט און איז מיט זיי ארויס.
מערי האט זיך אויפ'ן בעט געלעגט. האט צוגערוקט די לאמפ צום בעט און גענומען לעזען א בוך.
זי האט אבער נישט געלעזען. איהרע אויגען האבען ערגעץ ווייט געקוקט, און א שמייכעל, א גליקליכער שמייכעל האט געשוועבט איבער איהרע ליפען, איבער איהר גאנץ געזיכט.
זי האט געקלערט וועגען „פיטער".

## דאס פיערטע קאפיטעל.

ווען אלץ אין שטוב האט שוין געהאט געדרעמעלט, איז נאך דער בעל־הבית פון שטוב, ר' חיים ראזענצווייג, אויף געווען, ארויף און אראב געדרעהט זיך איבער דעם סאלאן. ער האט די פינגער צווישען זיין געדיכטע בארד געלאזט אדורכפיהרען און איז געווען טיעף פערקלערט וועגען דעם צוקער־זאוואד, וועלכען ער האט געהאט אין שותפות מיט זיין ברודער לייזער. די געשעפטען זיינען איהם לעצטענס געגאנגען שלעכט, און ער האט זיך געזעהן נאהנט צו אנ'אומגליק. העלפען האט ער זיך נישט געקענט. דאס גאנצע געלד, וואס ער האט געהאט געקראגען פון זיין שווער בירושה, איז געווען איינגע־בראקט אין דעם װאלד מיט די דערפער ארום, וואס ער האט געהאט איבערגענומען פון זיין שוועהר. די היפאטעקען פון וואלד מיט די דערפער זיינען געווען אזוי פערפלאנטערט, אז ער איז געווען אין א שטענדיגען פראצעס מיט א גראף, וואס האט געהאט א גוט אין שכנות מיט איהם, איבער א טהייל וואלד, און ער האט נישט נור נים געקענט ארויסנעהמען א גראשען פון דער גאנצער ירושה, נאר ער האט נאך געמוזט אויסברייגגען זיין געלד, כדי צו פיהרען דעם פראצעס.
און צו אזעלכע זארגען איז ר' חיים נישט געוועהנט געווען. ער האט געשטאמט פון גרויסען יחוס, פון א גאליציאנישען רבינ'ס הויף, פון וועלכען די צווייגען לעבען נאך און רעגירען ביז היינטיגען טאג.

א גוטער קאפ, א משכיל, וועלכער איז געווען אנגעשטעקט מיט לשון קודש ביכלעך און גאזעטען פון יענער צייט. האט דער פאטער מיט איהם געטהאן א געלד־שידוך — מיט א רייכען אידישען גוט־בעזיצער'ס איין איינציגע טאכטער, ביי וועלכען ר' חיים האט געלעבט אויפ'ן דארף און כל ימיו קעסט געגעסען. צו קיין געשעפטען האט ער זיך נישט גענומען. צו וואס? דער שוועהר האט געהאט א גרויסע אימע־ניע נישט ווייט פון שטאדט, האט ער געוואוינט ביים שוועהר, קינדער דארט געהאט און געפיהלט זיך ווי דער גאלדענער איידעם. אלע האבען פאר איהם אין שטוב דרך־ארץ געהאט. דער שוועהר איז געווען א גראבער יונג און האט דרך־ארץ געהאט פאר'ן איידעמ'ס תורה און פאר זיין שרייבען און לעזען. די שוויגער האט געציטערט פאר זיין גרויסען יחוס — דעם טשארטקאווער'ס אנ'אייניקעלן און דאס ווייב, וועלכעס איז ערצויגען געווארען אויפ'ן דארף פרום און נאאיוו און האט פיעל אין זיך געהאט פון די פראסטע פאכטעס, איז איהם געווען אונטערטעניג און האט זיך געשראקען פאר איהם. א שעהנער מאנס־פערשוין מיט א לאנגער שווארצער בארד, — האט ער זיך געפוצט און געציהרט ווי א פרוי. די בארד איז שטענדיג געווען אויסגעקעמט: אויף אלע יום־טוב האט ער זיך זיידענע רעק געלאזט מאכען און וועסטען פון די טייערסטע זיידען שטאפען. אלץ האט פון איהם נור אראבגעשמעקט. דאס ווייבעל איז גליקליך געווען, אז ער איז צוגע־גאנגען צו איהר. עס האט עפיס פון איהם אראבגעוועהט דער גלאנץ פון דעם חסיד'ישען הויף, פון וועלכען ער איז ארויסגעקומען, און דאס ווייב האט שטענדיג אויף איהם געקוקט מיט מורא — צי האלט זי זיך גוט, צי רעדט זי גוט.

ער האט פון חסיד'ישען הויף מיטגעבראכט מיט זיך א שווייגען און א האלטען, וואס האט איהם געגעבען די ממשלה אין האנד. ער האט זעהר ווייניג גערעדט, נור דאס, וואס איז אונבעדינגט נויטיג, און געענטפערט שטענדיג מעהר מיט די אויגען, ווי מיט די ליפען. דאס שווייגען האט איהם ארומגערינגעלט מיט אזא געהיימניס, אז מען האט מורא געהאט פאר איהם. שעה'ן לאנג פלעגט דער שוועהר שטעהן אונטער זיין טהיר, מורא האבענדיג אריינצוגעהן צו איהם, ווען ער האט איהם געדארפט צו זעהר א נויטיגער זאך — ווי, למשל, איהם איבער־געבען דאס געלד. וואס ער, דער איידעם, ר' חיים'ל דארף האבען מיט

אויסלאנד צו פאהרען. דער שוועהר האט זיך צוערשט מישב געווען מיט דער ווייב און טאכטער, ווי אזוי ער זאל ריידען צו איהם. צייט דער יונגער־מאן איז אין שטוב אריינגעקומען, האט דער שוועהר מורא געהאט א סך צו עסען ביים טיש, — ווי זיין געוועהנהייט איז געווען, — און פלעגט דארפען א שבת אדער א יום־טוב, איידער מ'איז צום טיש געגאנגען, אין געהיים פריהער זיין הונגעריגען מאגען זעטיגען, כדי ער זאל נישט דארפען ביים טיש פיעל עסען. און טיש האט דער יונגער־מאן געפיהרט מיט שווייגען און קוקען בלויז. אז ער האט זיך נאך מיטאג שלאפען געלעגט, זיינען אלע אויף די שפּיץ־ נעגעל ארומגע־גאנגען. אין הויף איז שטענדיג גרייט געווען פאר איהם צוויי פערד און א קאטש צו פאהרען שפּאצירען אדער צו זיינע חברים צו־גאסט אין דעם קליינעם שטעדטיל. אז ער האט זומער געהאלטען ביים פאהרען אין די בעדער (ער האט פון חסיד'שען הויף א הארץ־שוואכונג מיטגעבראכט, עס איז א משפחה־פעהלער געווען), איז דער גאנצער הויף אויף־געווען, און אלע האבען איהם צוגעגרייט צו דער רייזע. און, אז ער האט געלאזט צוריקקומען פון די בעדער האט מען אכט טאג פריהער די פאדלאגעס געוואשען, געראַמט און געשייערט די שטיבער און אלע גוי'עס אין דער אומגעגענד האבען געוואוסט: דער הערר קומט צוריק פון די בעדער!

אזוי איז דער יונגער־מאן געוועהנט געווען צו האלטען זיך פאר דעם גאלדענעם איידעם די העלפט פון זיין לעבען. די קינדער זיינען איהם אויפגעוואקסען, — האט ער זיי אין נאהנטען שטעדטעל געשיקט לערנען. פאר'ן זוהן, שמואל'ן, האט ער עקסטרא געהאלטען לעהרערס. זיי זאלען איהם פארבערייטען צום עקזאמען. ער האט איהם אין גימ־נאזיום נישט געוואלט שיקען, ווייל ער וואלט בעראַרפט שרייבען אום שבת. אין גימנאזיום פאר מיידלעך האט מען נישט בעדארפט שרייבען שבת — האט ער די טאכטער אין גימנאזיום יא געשיקט. אין שטוב ביים שוועהר האט מען קרום געקוקט דערויף — דעם טשארט־קאווער'ס אייניקלעך אין גימנאזיום! דער מוטער איז שווער געווען זיך צו צושיידען מיט די קינדער, זי האט פיעל געוויינט דערביי, נור קיינער האט נישט געוואגט א ווארט צו זאגען. חיימ'ל האט אזוי געע־הייסען, און דאס איז געווען דאס שטרענגסטע געבאט פאר די מיט־גליעדער פון שטוב.

אז דער שוועהר איז אבער געשטארבען, און חיים'ל האט גערארפט איבערנעהמען אלע געשעפטען אויף זיך, האט ער זיך געפיהלט זעהר משונה. ער האט זיך אליין נאך געהאלטען פאר א האלבען יונגען־מאנטשיק, פאר א קעסט־קינד, און דא האט ער שוין דערוואקסענע קינדער, פאר וועלכע ער דארף זארגען, אבער נישט נור דאס אליין. עס האט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז דעם שוועהר'ס עשירות איז מעהר געווען אין מענשען'ס מיילער ווי אויפ'ן רעכטען אמת. צו דער אימעניע האט דער שכן דער גראף ארויסגעשטעלט גאנצע פאדע־רונגען, — אז זי איז נור געווען געדונגען, נישט געקויפט. די אקטען זיינען נישט געווען קלאר, עפּים א גלויבען אויפ'ן ווארט און נאך מיט יורשים האבען צו טהאן. אזוי לאנג ווי דער אלטער האט געלעבט, האט ער געקאנט מיט די יורשים דורכקומען. ער אבער ווייסט נישט, ווי אזוי מען מאכט עס. און האט זיך געמוזט פון דארף ארויסציהען און אריינגעצויגען זיך אין שטאדט, דאס בארע געלד איינגעבראקט אין א צוקער־זאוואד. און זיין ברודער האט איהם וועגען זאוואד געבראכט פון קיעווער צוקער־בירזשע נישט קיין זעהר פרעהליכע נייעס.

נור נישט דאס בלויז האט איהם היינט אזוי טרויעריג געמאכט. נישט געוועהנט אבצוגעבען זיך מיט געשעפטען, האט ער לאנג נישט געקאנט קלערען וועגען געשעפטען — זיי זיינען איהם אוועקגעפלויגען פון אונטער דער האנד. עס איז איהם נישט געווען קיין גרויסער חלוק — יא געשעפטען, נישט געשעפטען, ער וואלט נור געוואלט רוהיג זיין און פיהרען ווייטער זיין ארט לעבען — פאר מיטאג דעם שלאף צו געניסען אונגעשטערט, דעם „המליץ“ לעזען נאך מיטאג און זיך די ויידענע וועסטען צו מאכען. זיינען אבער אויפגעוואקסען די קינדער, ער וואלט געוואלט, אז די קינדער זאלען געהן אין זיין וועג. אז דער זוהן זאל ווערען א גאלדענער איידעם און די טאכטער א גאלדענע שנוהר, א „פעריל“ איז דער משפחה. ער האט זיי געלאזט ענדיגען דאס גימ־נאזיום נישט דערפאר, אז זיי זאלען אוים דעם זייער ברויט ציהען נור פאר א מין ציהרונג. א נגיד'ישער בחור, פון גרויסען יחוס, קאן לערנען, קאן לשון קודש און האט דאס גימנאזיום געענדיגט. און אזוי אויך די טאכטער, אז מענשען זאלען זאגען: „ר' חיים'לס טאכטער מירעלע האט דאס גימנאזיום געענדיגט!“ די קינדער האבען זיך אבער נישט געוואלט בענוגענען מיט'ן גימנאזיום. זיין זוהן שמואל,

אז מען האט איהם נישט געוואלט אננעהמען אין קיעווער אוניווערזי־טעט, איז ער אוועק אין דער שווייץ שטודירען, און איצט קומט צו געהן די טאכטער און וויל קיין פעטערבורג פאהרען.

שוין נישט דאס ערשטע מאל האט ער ביים טיש געהערט פון דער טאכטער אווארט לאזען פאלען, אז זי וויל אויפ'ן ווינטער „קיין פעטערבורג" פאהרען, און ער האט געוואוסט, אז זי וועט אויספיהרען. די קינדער זיינען געווארען אויפגעצויגען ביים שוועהר אין הויז, ווי קליינע פריצים'לעך. דער טאן, וואס ער האט אייגגעפיהרט אין הויז פאר זיך האט זיך אויך איבערגעטראגען אויף זיינע קינדער: „דעם טשארטקאווער'ס אייניקלעך" האט מען זיי גערופען אין שטוב, און מען האט זיי בעהאנדעלט ווי זרע קודש. די מוטער האט דרך־ארץ געהאט פאר זיי, און זיי האבען אויף די מוטער מעהר רחמנות געהאט, ווי זי געליבט. זיי זיינען געווען געוועהנט, אז מען זאל זיי אונבעגרענצט נאכגעבען און קוקען אויף זיי, ווי אויף „היילינע זאמען". עס האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט א מין אריסטאקראטישער עגאאיזם. פאר'ן פאטער האבען זיי געפיהלט א טיעפען דרך־ארץ, נור דאך וואלטען זיי נישט געבראכען זייער ווילען פאר זיין ווילען, און שטענדיג האבען זיי זייער עקשנות אויסגעפיהרט. דאך פאר די מענשען אין דרויסען האבען זיך די קינדער שטענדיג געפיהרט טאקטפאל און פארנעהם. דאס האבען זיי מעהר געהאט צו פערדאנקען זייער איינגעבוירענער אינטעליגענץ, איידער זייער ערציהונג.

עס האט זיך געמאכט פאר מערי'ן א פאסענדער שידוך, א בערדיטשעווער נגיד'ס א זוהן. דער שידוך איז פאר'ן פאטער געווען זעהר אויף דער האנד. ערשטענס, האט עס איהם געפאסט, אז ר' חיים'ל ראזענצווייג, לויט זיינע יאהרען און ארט, וואס ער פערנעהמט, זאל שוין האבען א אויסגעגעבענע טאכטער. צווייטענס, איז עס טאקי געווען א שידוך, ווי דער פאטער האט זיך געוואונשען — א נגידיש הויז, וואס וויל אדיינגעהמען ר' חיים'ל דעם טשארטקא־ווער'ס א טאכטער אין הויז אריין. מען וואלט זי דארט געהאלטען ווי א גרעפין. און גלאט אזוי וואלט ער געוואלט אויסגעבען א טאכטער, די וועלט וואלט זיך אביסעל געוואונדערט, מען וואלט געזאגט: ר' חיים ניט אויס א טאכטער קיין בערדיטשעוו!

האט ער אבער ניט געזעהן קיין עצה, ווי אזוי דאס צו טהאן. מיט

בייזען האט ער נישט געוואלט אנהויבען. ער האט געוואוסט, אז ער וועט מיט איהר גארנישט אויספיהרען. מיט גוטעןריידען מיט איהר, איהר זאגען.. וואס זאל ער איהר זאגען? וואס זאל ער ריידען מיט איהר?

און דא ערשט איז איהם געקומען אויפ'ן זינען, אז ער האט אייר גענטליך קיינמאל נישט גערעדט מיט זיינע קינדער; אז זיי זיינען אונטערגעוואקסען, גרויס געווארען און מענשען מיט אייגענע ווילענס געווארען אהן זייז וויסען און אהן זיין צושטימונג. קליינערהייד האט ער זיך מיט זיי געשפיעלט און אַט, דאכט זיך, זיינען זיי ערשט קינדער געווען און איצט שטעהן פאר איהם נייע פרעמדע מענשען.

די פרעמדקייט האט ער רעכט דערפיהלט, ווען זי, די טאָכטער, איז געזעסען דא ביים טיש און האט מיט מישא'ן רוסיש גערעדט. ערשט איצט איז איהם איינגעפאלען, אז אייגענטליך איז די טאָכטער איהם גאָר אַ פרעמדער מענש, ער קאָן גאָר נישט און ווייס גאָר נישט, וואס זי דענקט; אז דורך דער צייט, וואס זי איז געווען אין גימנאזיום און האט געלערענט, איז אויסגעוואקסען אַ מענש, וועלכער איז איהם פרעמד אי מיט זיין שפראך, אי מיט זיין דענקען. דאס איז נישט דאס מיידעל מיט די לאקעלעך, וועלכע ער פלעגט אפטמאל אויף זיין שויס נעהמען און זי האט איהם מיט די אויגען אַן זיין טאטען דער־מאָהנט. דאָס קליינע מיידעל איז שוין אַ מעשה פון לאַנג אַן — און איצט שטעהט פאר איהם אַ מענש, איבער וועלכען ער האט קיין שום שליטה נישט. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז די טאָכטער פיהלט אַ געוויסע פעראכטונג צו איהם. לאכט עפּיס אויס איהם. זי וועט קיינמאל נישט ריידען מיט איהם וועגען איהרע ביכער, וואס זי לעזט, זי רעדט קיינמאל נישט מיט איהם פון די זאכען, וואס זי רעדט מיט מישא'ן. — חאטש איך בין דאך אויך אַ אינטעליגענט, האט ער צו זיך געזאגט. און אין ביכער האָב איך דאך אויך אַ שטיקעל ידיעה, און האָב דאך אויך שילער'ס דראמען געלעזען (ר' חיים'ל האט געלעזען דייטש, נישט רוסיש). פארוואס רעדט זי מיט מיר נישט דעריבער? זי האלט מיך פאר אונגעבילדעט, איך קאָן זי נישט פערשטעהן...

אָבער ר' חיים ראזענצווייג איז אַ מענש וואָס לאָזט נישט איבער ביי זיך קיין ענמת־נפש איבער נאכט. ער איז עס געוועהנט פון דער היים אויס. קיין זאך זאל איהם נישט שטערען די נאכט־רוה. האט ער

זיך דאס מאָל אויך בעמיהט צו געפינען א ליכטיגע זייט אין דער גאנצער געשיכטע, און ער האט זיך אליין געזאגט: א בלויז איינריידעניש! א קינד נאך, איז מיט'ן פאטער נישט געוועהנט, א עקשן אביסעל, קינדהייט, אונזער גאנצע משפחה איז אזוי געווען. און באלד איז איהם איינגעפאלען א גליקליכער געדאנק: איך וועל טהאן אזוי, ווי מיין טאטע האט מיט מיר געטהאן. איך וועל שרייבען קיין בערדיטשעוו און וועל זי גאָרנישט אנפרעגען, זי וועט נישט קאָנען מעיז זיין. צו וואס פרעגען, ריידען? א טאטע טהוט, — האט דען מיין טאטע מיט מיר נישט אזוי געטהאן? א נייע וועלט, נייע מענשען — מען זאגט נור אזוי. בשעת מעשה, מחותנים וועלען זיין — וועט זיין פערפאלען. ברוגז ווערען — נישקשה, זיך איבערבעטען, מעשה קינד.

ער האט געוואוסט, אז עס איז נישט קיין גוטע תשובה אויף דער פראגע. נור עס איז געווען א גוטע תשובה אויף די נאכט אדורכצר־שלאפען — און דאס האט ער איצט געוואלט.

---

## דאס פינפטע קאפיטעל.

עס איז געווען א מארגען פון א ליכטיגען זומער־טאג אין פריהען הערבסט. טרוקען און לייכט האט די זון אין מערי'ס פענסטער אריינגעשיינט און אלץ בעגאסען מיט ליכט. די רויטע הערבסט־בלעטער פון די בוימער, וואס זיינען אין גארטען, האבען אין איהר פענסטער אריינגעקלאפט. זי האט נאך קוים צייט געהאט זיך צו וואשען, און סאניע'ס קול האט זיך געהערט פון גארטען:

מע—רי.. מע—רי!

האלב אנגעטהאן, מיט א נאס פנים און נאקעטע הענד, איז מערי צו צום פענסטער, געוואלט עפּיס אראבערופען צו סאניע'ן. זי האט אבער באלד געגעבען א שפרונג אב מיט שרעק, — זי האט פאר זיך דערזעהן מאנספערשוינען.

זי האט פלינק ארויפגעווארפען אויף זיך איהר טונקעל־בלויע זיידענע זומער־קלייד (מערי האט ליעב געהאט צו קליידען זיך אין זיידענע שטאפען — א נויגונג פון איהר חסיד'ישער משפחה) און איז אריין אין עס־צימער. די מוטער האט שוין געווארט אויף איהר מיט

שאקאלאד און צוויי אייער, דער פאטער איז געזעסען אויפ'ן שאקעל־שטוהל און האט געקרעכצט (עס איז געווען זיין געוועהנהייט נאך פון שוועהר'ס הויז צו זיצען יעדען פריה־מארגען א שעה אויף דעם שאקעל־שטוהל אין שלאף־ראק און צו קרעכצען נישט פון צרות, נור פון פערגעניגען). מערי האט נישט געוואלט עסען די אייער, זי האט זיך געאיילט. די מוטער האט דערביי אומגליקליך די הענד געבראכען. מערי'ן האט עס נים אזוי געצויגען צו דער געזעלשאפט, ווי צו דער זון, וועלכע האט בענאסען דאס ברייטע, גרויסע עס־צימער מיט ליכט. זי האט געהאט אויף זיך א בלאה־זיידענעם שאל, וואס האט איהר קליינע פיגור געקליידט (זי האט ליעב געהאט צו קליידען זיך אין טונקעלע קאלירען אין רעמבראנדישען ליכט) און איז ארויס מיט א שטיל, פריידיג לאכען אין גארטען, וואו די געזעלשאפט האט שוין געווארט אויף איהר.

זי האט אבער באלד איינגעהאלטען איהר האסטיגען שפרונג. זי האט בעמערקט ביי מישא'ן א פרעמדען מאנספערשוין.

— מיכאאיל אבראמאוויטש קאוואלסקי, — האט מישא פאר־געשטעלט דעם פרעמדען הערר.

— אח, וואס פאר א לאנגער נאמען — האט דער פרעמדער אויס־גערופען, — פון וואנען זענט איהר שוין געוואהר געווארען ווי מיין טאטע הייסט? — האט ער צוגעליינט מיט א שמייכעלע, וועלכעס איז איהם זעהר לייכט אנגעקומען, און, געווענדעט זיך צו מערי'ן, זעהר עלעגאנט פערבויגענדיג זיך:

— אין פוילען, פון וואנען איך קום, רופט מען מיך פראסט קאוואלסקי, אדער נאך בעסער, ווי מיינע חברים רופען מיך, „פאן מיכאל“. און, איבעריגענס,אויב איך בין מיך נישט טועה — דאכט זיך, אז איך האב שוין דעם פערגניגען געהאט, — האט קאוואלסקי געזאגט מערי'ן, געהענדיג פאראויס ביי איהר זייט דורך די גאסען אויסער דער שטאדט ארויס.

מערי האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט:

— זיי וועלען ענטשולדיגען מיין זכרון...

— ביי אייער פריינדין זילבערשטיין, אמאל דאנערשטאג אויף דער נאכט, — אין קיעוו, — האט ער צוגעגעבען זעהר פערטרויענספאל.

— יערענפאלס, האט עס שוין געמוזט זיין לאנג, ווען איך בין נאך א קינד געווען.

— דאס איז אמת.

מערי האט זיך אביסעל געפונען פערלעגען און האט מיט א מין ווילד חנ'דעל געזאגט:

— אבער א וואונדער, איהר זאלט מיך געדענקען?

— אזא געזיכט ווי זייערס פערגעסט מען נישט, — האט זיך קאוואלסקי אבגערופען האלב אין דער שטיל, מישא און סאניע, וועלכע זיינען פון הינטען געגאנגען, זאלען זייער געשפרעך נישט הערען.

מערי האט איהם אנגעקוקט, און א פרישער שמייכעל האט געשוועבט אויף איהר פנים, ווי עס וואלט נאך געשוועבט דערויף דאס געהיימניס פון שלאף, נאר זי האט שמייכלענדיג געזאגט:

— וואס, אזא שרעקליך געזיכט האב איך?

— ניין, נאר אנדערס ווי יערענס — האט ער געזאגט קאקעט. — אייער געזיכט מאכט מעהר דעם איינדרוק פון וואקסענדיגען, איידער פון לעבעדיגען; אייער גאנצע פיגור מאכט אויף מיר דעם איינדרוק, ווי איהר וואלט נישט געבוירען געווארען פון מענשען, נור ארויסגע־וואקסען פון דער ערד. און אזא געזיכט געדענקט מען נאך יאהרען.

מערי האט האלב־פערדריסליך געשמייכעלט:

— נו, אויב אזוי, דארף איך געהן אין וואלד אריין און צוריק מיט מיינע ברידער־בוימער זיך לאזען אין דער ערד איינפלאנצען.

זי האט געקוקט אויף איהם, געזוכט צו פערשטעהן, וואס מיינט ער. קאוואלסקי אליין אבער איז געבליבען גאנץ נאטירליך, ער האט פערלעגען געשמייכעלט און געזאגט הויך:

— נישט דאס האב איך געוואלט זאגען. איך האב געמיינט עפּיס גאנץ פרימיטיוועס, נור איך וועל עס נישט קאנען ארויסברייננגען, דאס איז מיין רוסיש שולדיג, איך בין נעמליך פון פוילען.

מישא, וועלכער איז נאכגעגאנגען פון הינטען מיט סאניע'ן, איז איהם צו הילף געקומען: קאוואלסקי איז א מאלער און רעדט אין א שפראך פון פארבען און געשטאלטען — ער זעהט פריהער, איידער ער הערט. מאלען וואלט ער געקאנט דאס, וואס ער וויל זאגען, רעדט ער אבער, פערשטעהן מיר איהם נישט אינגאנצען.

מערי האט זיך געפיהלט מאדנע, נישט איבער זיין אויסדרוק, נור

איבער זיין ארט ריידען: דריי ווערטער האט זי גערעדט מיט איהם — און זי איז שוין מיט איהם אין מיטען דערינען. נור ביי איהם זיינען די ווערטער אזוי נאטירליך און פראסט ארויסגעקומען, אז עס איז נישט געווען צו וואס זיך צו טשעפען. זי האט זיך נור אבגערופען:

— יא, די זילבערשטיינס פון קיעוו זיינען ווארשויער, ביי זיי אין שטוב רעדט מען פויליש, — און האט אנגעקניפט דאס געשפרעך מיט סאניע'ן און מישא'ן, כדי נישט צו זיין מיט קאוואלסקי'ן אליין.

— קאוואלסקי איז צו אונז געקומען מאלען; איהם געפעלט זעהר די קליין־רוסישע לאנדשאפט. מיר ווילען איהם די ברעגעס פון דניעפר ווייזען — אט דאס איז דער סוד, וואס זי האט נעכטען גע־מאכט, — האט מישא געוויזען אויף סאניע'ן.

— מיידליך מאכען פון אלץ א סוד, זיי האבען ליעב יעדע זאך צו פערהילען און פערשלייערען, — האט קאוואלסקי געזאגט.

מערי האט אנגעקוקט סאניע'ן, ביידע האבען זיך געפיהלט פער־שעמט. מערי האט זיך אבגערופען:

— מען זאגט, די פאליאקען זיינען זעהר עלעגאנט געגענאיבער די דאמען, — דערביי האט זי סאניע'ן גענומען אונטער'ן ארעם און דאס געשפרעך אבגעבראכען.

זיי זיינען ארויסגעקומען אויסער דער שטאדט. די פעלדער האבען זיך שוין דא אויסגעשפרייט אין דער גליהענדער מיטאג־שעה. עס איז געווען א הערליכער זוניגער הערבסט־טאג. די זון האט העל בעגאסען דעם טאג מיט ליכט; דאס אויג איז פערלארען געווארען אין א אונ־ענדליכען ברייטען ים פון לאנגע ברייטע ליכט־פעלדער, וועלכע זיינען פערלארען געווארען אין ליכטיגען האריזאנט.

— און וואס איז דא בעזונדערס צו מאלען? — האט זיך סאניע אנגערופען, וועלכע האט זיך ביז איצט פערשעמט צוריקגעהאלטען.

— מען זאגט, אז פוילען איז זעהר שעהן, דאס שעהנסטע לאנד פון גאנץ רוסלאנד, — האט זיך מישא אויך אריינגעמישט.

— אפשר איז ליכט און פארבען, אבער אין דער נשמה געפעלט מיר שוין קליין־רוסלאנד בעסער, — האט קאוואלסקי געענטפערט.

— צום ערשטען מאל דא? — האט מערי געפרעגט, — ווי געפעלען אייך די קליין־רוסישע פעלדער?

— פיעל מוזיק. פארלויפיג קען איך דריי מדינות פון רוסלאנד —

פוילען, ליטא און קליין־רוסלאנד, און יעדעם פון זיי מאכט אויף מיר א בעזונדער איינדרוק. למשל, ווי דריי כלות. ליטא איז ווי א כלה, וואס האלט אין איין טרויערן נאך איהר חתן, פוילען איז ווי א כלה, וואס האלט אין איין קאקעטירען מיט איהר חתן, קליין רוסלאנד איז ווי א כלה, וואס געהט חתונה האבען מיט א ליעד אויף די ליפען און מיט די שטיוועל אויף די פיס גלייך אין חתנ'ס הויז אריין.

די מיידלעך האבען זיך אנגעקוקט. סאניע איז ארויס מיט א געלעכטער. מישא'ן איז געווען נישט אנגענעהם מעהר ווי אלעמען. ער האט געפרובט צו שמייכלען און עפיס צו זאגען. צום נאטיר־ליכסטען האט זיך געהאלטען קאוואלסקי, מען האט גארנישט אנגעזעהן אין איהם, אז ער האט עפיס געזאגט אזעלכעס, וואס מען זאגט נישט אין געזעלשאפט פון יונגע מיידלעך.

— דאס איז שוין געווען ליטעראריש געזאגט, נישט מאלעריש, — האט מישא בעמערקט מיט א לעכעלן.

מערי האט אבער ארויפגעקוקט צו קאוואלסקי'ן, איהר געזיכט האט אנגענומען א פרומע מינע, דערביי האבען דאך די אויגען שעלמיש געלויכטען.

— איהר רעדט מיט אזא ליעבע פון דער קליין־רוסישער לאנד־שאפט, פארוואס וואוינט איהר נישט אויפ'ן דארף? — האט זי געזאגט גאנץ רוהיג, ווי זי וואלט נישט געווען געהערט קאוואלסקי'ס לעצטע ווערטער.

— זיי וועלען מיך „ארויסגיסען“ — האט קאוואלסקי געענטפערט עפיס אויף פויליש, וואס מערי האט נישט פערשטאנען.

— ווי הייסט? —

— מען ערלויבט מיר נישט אויפ'ן דארף צו וואוינען.

— ווארום, איהר זענט דען א איד?

קאוואלסקי האט אבגעענטפערט:

— אהא, נאך וואס פאר איינער, א פוילישער.

אלע האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. זיי האבען ניט געגלויבט, אז ער איז א איד. און איצט, נאכדעם ווי ער האט זיך עפענטליך ערקלערט פאר א אידען, האבען זיי זיך נאך נעהנטער געפיהלט צו איהם.

— זיי האבען מורא, אז איך זאל נישט פערשאבערען מיינע בילדער די פויערים. זיי האבען אבער נישט וואס מורא צו האבען. אויף מיינע

בילדער וועלען אפילו די פויערים קיין בעלנים נישט זיין, — איז קאַ־וואלסקי געוואָרען ערנסט.

— די זעלבע מעשה, וואס מיט לעוויטאַן? — האָט מישא געפרעגט.

— לעוויטאַן, מיין הערר, איהם לאָזען מיר צורוה, — האָט קאַ־וואלסקי געזאָגט מישא'ן, און זיין האַלטען און זיין געזיכט האָבען אויסגעדריקט צער.

— לעוויטאַן — האָט קאוואלסקי וויטער גערעדט נאָך א מינוט שווייגען, — האָט זיך ווי אַנ'אפּאַסטעל פון דער קונסט אין רוסישען דאָרף אריינגע'גנב'עט בעהאַלטענערהייט און הינטער דעם רוקען פון גאַראַ־יאַוואַי האָט ער די טיעפסטע געהיימניסען פון דער רוסישער ערד אין זיינע בילדער אויפבעהאַלטען. עס איז א טריאומף פון דער קונסט, וואס זי האָט ענטפלעקט די שעהנקייט פון דער רוסישער ערד דוקא אין א אידען.

דער געשפּרעך האָט איצט אנגענומען אנ'ערנסטען כאַראַקטער.

— לעוויטאַן — דאָס איז א טראַגעדיע, — האָט מישא קורץ, נור זיכער געזאָגט.

— א טראַגעדיע, ווי יעדער טיעפער מענש.

— ניין — א ספּעשעל־אידישע טראַגעדיע. זי איז נישט קיין טיעפע — ווייל זי איז אנ'אויסערליכע, און נישט קיין שעהנע, ווייל אנדערע זיינען די סבות פון אונזער טראַגעדיע, נישט מיר אליין, — האָט מישא ארויסגעבראַכט און איז רויט געוואָרען.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין דערמיט, דאָס לעוויטאַן, נישט האָבענדיג קיין אייגען פאָלק און קיין אייגענע ערד, האָט געמוזט געהן צו אנדערע, — האָט מישא זיך גענומען פונאנדערוויקלען זיין געדאַנק און האָט זיך פאַר־בערייטערט צו האַלטען א גאַנצע רעדע, רויט ווערענדיג, שטאַמלענדיג אביסעל און זוכענדיג ווערטער, נור קאוואלסקי האָט איהם דערווייל אויסגעכאַפּט און האָט איהם איבערגעהאַקט אין מיטען.

— לעוויטאַן האָט נישט געהאַט קיין אייגענע פאָלק און קיין אייגענע לאַנד, נור אייגענע אויגען. און יעדעס שעהנע וואס דער קינסטלער זעהט, דאָס איז זיינס.

מערי האָט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט:

— יעדעס שעהנע?

— די שעהנסייט איז דאס פעלד פון קינסטלער, אויף וועלכע ער ארבייט.

— און אז מען פערוויינערט דאס איהם?

— האט ער פאנטאזיע, אין זיין פאנטאזיע איז די ווירקליכקייט נאך שעהנער.

מישא איז ערשט איצט פארטיג געווארען מיט די ווערטער צו זיין אידעע און האט זי געוואלט פונאנדערוויקלען, נור ער האט געזעהען, אז דאס געשפרעך האט אנגענומען אַן׳אנדער ווענדונג, איז ער שטיל געבליבען.

זיי זיינען שוין געווען וויים אין פעלד. די שטאדט האט מען נישט ארויסגעזעהן. די פעלדער זיינען געווען העל בעלויכטעט. נאכ׳ן שניט; די תבואות זיינען שוין געווען אראבגענומען, עס זיינען נור איבערגעבליבען קופעס קאנישינע, וואס האט זיך געגאלדעט אין דער זון און געווארפען א ליכטיג, געלב־גאלדען גלאנץ איבער׳ן גאנצען פעלד. דער וועג איז געווען בעזעצט מיט לאנגע, דארע ווערבעס, וועלכע האבען געלאזט אראבהענגען זייערע לאנגע בלעטערדיגע רויט־אבגעשטאנענע צווייגען איבער׳ן וועג. פון צייט צו צייט האט זיך געווארפען א רויט פערברענט בוימעל ערשט וואס דער ווינד האט אויפגעקליבען זיינע רויטע בלעטער און איבער׳ן וועג געטראגען און לאנגע ווייסע באבע־יאכנע־שנירען האבען זיך געצויגען. פויערטעס זיינען געגאנגען אין זייערע סאלירטע פויערשע קליידער און זיינען אזוי שלאנק געווען און דאר ווי די קרוגען, וואס זיי האבען געהאלטען אנגעבויגען אויף די שטעקלעך. און זייערע געבונדענע טאפטשאנעס און לאנגע טונקעלע געזיכטער האבען אויסגעזעהן ווי די בוימער, וואס שטעהן אויפ׳ן וועג.

מערי האט גענומען סאניע׳ן און זיי זיינען געגאנגען פאראויס, איבערלאזענדיג הינטער זיך מישא׳ן מיט קאוואלסקי׳ן.

— ווער איז ער? — האט מערי געפרעגט.

— ער האט געבראכט א בריעף צום טאטען פון א קיעווער סוחר; ער איז אהער געקומען און וויל דא לאנדשאפטען מאלען.

מערי האט געשוויגען.

— נישט אמת. א אינטערעסאנטער מענש, א קינסטלער? — האט סאניע זיך אנגערופען מיט א שמייכעל צו מערי׳ן.

— קום, לאזען מיר זיך לאזען פאראויס, — און איבערלאזענדיג

מישא'ן מיט קאוואלסקי'ן הינטער זיך, האבען זיי אנגעהויבען צו געהן פאראויס. אז זיי זיינען פון דער־ווייטענס געווען, האבען זיי זיך שטי־פעריש געלאזט לויפען איבער דעם העל בענאלדעטען וועג. קאוואלסקי האט געקוקט נאך מערי'ן, ווי זי לויפט פון דער־ווייטענס. אין דער זון האט דער שווארצער פלעק פון איהר פיגור אויסגעזעהן אינגאנצען ווי א אינגעל, ווי א זעכצעהן־יעהריג שלאנק אינגעל. איהרע לאקען האבען זיך איהר איבער'ן פנים געווארפען און זיך געטרייסעלט ווי פיאות איבער איהרע באקען.

— אראב דעם קאפעלוש פון קאפ, אראב, ער מאכט דאס גאנצע בילד קאליע, — האט קאוואלסקי נאכגעשריען.

און דא האט קאוואלסקי זיך אנגערופען צו מישא'ן:

— איך האב אייך פריהער פערשטאנען, — איהר זייט א ציוניסט, איך האב'ס פערשטאנען פון אייערע ווערטער. זעהט דאס בילד, — ווייזענדיג אויף מערי'ן פון דער־ווייטענס. וואס אנבעלאנגט איהר, האט איהר רעכט. די דינע ווייכעביינער, געהילט אין דעם זיידענעם טוך, געהערען נישט דא אהער אויף דעם פעלד; דער שווארצער פלעק פערדארבט דאס גאנצע בילד פון לאנדשאפט, ביי דעם געלד־גאלדען ליכט ארום, ווילט זיך זעהן די רויט־ווייסע פלעקען פון די רוסישע פוי־ערים. די הויכע דארע געשטאלטען פון די פויערים אין זייערע גרויע פארבען. מיט זייערע לאנגע אויסגעצויגענע מאטיווען. אבער דער נידריגער שווארצער פאלק, — ניין, ניין — ער קומט, וואוהין איהר ווילט. — אין דער גליהענדער וויסטעניש, וואו די איילבערטען שטעהען פערשמאכט אויף דער זון, וואו ווייסער מארמאר ברענט זיך אין אזיאטישע שטראהלען, וואו די פאלמען שמאכטען ארום פון זאמדיגע וויסטעניסען—אהין קומט די קליינע, שווארצע געשטאלט מיט דעם קרוג אויף די אקסעל, ביים שטיין־קוואל, ווארטענדיג אויף א פאסטוך, א יעקב.

אויף דעם זיינען די מיידלעך צוריקגעקומען, וועלכע האבען זיך אין קאוואלסקי'ס געגענווארט צוריקגעהאלטען, ווידער אויפגעזעצט די היט און רוהיג זיך פערנומען. מערי האט פערשטאנען אז מישא'ס מינע, אז קאוואלסקי האט ווידער געמוזט עפיס זאגען א אונפאסענדעס — האט זי די אויבערשטע ליפ פערקרימט און האט אנגעהויבען צו ריידען מיט סאניע'ן, ווייזענדיג אויף מישא'ן.

— מיר פאהרען דאךביידע קיין פעטערבורג.

סאניע האט זיך דערפרעהט און האט פון גדולה אין די הענד געפּאטשט.

— אמת, דאס איז גוט, געהסט מיך אויך מיט. נישט אמת, מישא ?

קאוואלסקי איז שטיל געווארען, ערנסט, און זיך צוריקגעהאלטען פון דעם געשפּרעך, אין וועלכען ער האט ניט געקאנט גענומען קיין אנטהייל.

מערי האט א פאר מאל געווארפען א בליק אויף איהם, עפּעס זיך געוואונדערט און געשלאגען זיך מיט דער דעה. צום סוף האט זי איהם פּלוצלונג געפרעגט :

— איך בעט אייך איבער, זייט מוחל, ווי אלט זייט איהר ?

— וועגען וואס געהט עס ? — האט קאוואלסקי געפרעגט מיט א שמייכעל.

— איך ביז ביי מיר ניט אזוי זיכער אין אייערע יאהרען. אמאל דאכט זיך מיר אז איהר זייט שוין אן'אלטער מאן, און א מאל געהמט אייער געזיכט אן אזא יונגשאפט, גלייך ווי איהר וואלט געווען א קינד.

— דאס איז מיין פערבארגען־פערבארגען געהיימנים, — האט קאוואלסקי געענטפערט זעהר געהיימניספאל.

אויף דעם איז דער עולם שטיל געווארען, ביז זיי זיינען אין דארף אנגעקומען.

אין דארף זיינען זיי הונגעריג געווארען, און מישא האט פאר־געלייגט אריינצוגעהן צו דעם אידישען קרעטשמער עסען.

---

# דאס זעקסטע קאפּיטעל.

אין א ווינקעל פון דארף, איינגעטונקט אין הויכע דעמבעס, איז געשטאנען א אידישע קרעטשמע. דאס אידעל, אין עלטערע יאהרען שוין, מיט א לאנגער געלער בארד, איז געזעסען מיט זעהר א פער־זארגט פּנים אויף דעם שוועל פון זיין קראם. ווען ער האט דערזעהען די אנגעקומענע, האט ער זיך פלינק אויפגעכאפּט און זיי אנטקעגען געלאפען: ער האט זיי געקענט פון שטאדט, די ראזענצווייגס.

אז זיי זיינען אין שטוב אריין, האבען זיי ערשט דערזעהען די סבה פון זיין טרויער: זעקס מיידען, איינע גרעסער פון דער צווייטער, האבען זיך אין שטוב ארומגעדרעהט. אין א ווינקעל איז געזעסען די עלטסטע מיט א אידישען סאלדאט און געגעסען פון איין טעלער ארויס. דער פאטער האט געוויזען אויפ'ן זעלנער „מיין חתן". נור דאס חתן־כלה־פאר האבען זיך ניט געלאזט שטערען, א בליק געווארפען אויף די פרעמדע און וויעדער לייבליך ארויסגענעסען פון טעלער און געשושקעט זיך. דער פאטער האט אבגעקרעכצט.

— נאך פון פאר די אכציגע יאהרען, — האט זיי דער איד ערקלעהרט שטאלץ מיט זיין רעכט, וואס ער וואהנט אויפ'ן דארף. דערלאנגענדיג זיי סמעטענע אין הויף ארויס.

— נאך ווייט צום דניעפר? — האט ווער געפרעגט.

— אט באלד, א וויארסט נאכ'ן דארף, — מען קומט נור ארויס פון הינטער די בוימער, זעהט מען איהם באלד.

עס איז געווען אין דער מיטאג שעה אין דעם קליין־רוסישען דארף. עס האט זיך געדאכט, אז פעלדער, בוימער, מענשען און היי־זער שלאפען איז דער זון. אין דער דארפישער גאס האבען זיך ארומ־געוואלגערט א היבש ביסעל נאקעטע קינדער אינאיינעם מיט די היה־נער, שעפסען און חזירים. איינס האט דאס צווייטע געיאגט. דער־זעהן נייע מענשען זיצען פאר דער קרעטשמע, זיינען געקומען אנצו־לויפען די קינדער מיט די חזירים'לעך, שעפסען און היהנער, און די קינדער, ווי די פיה האבען זיי ארומגערינגעלט און בעוואונדערט אויסגעשטעלט אויף זיי מויל און אויגען.

פון דערווייטענס האט זיך געהערט א הארמאניקע שפיעלען; עס האט ווער געזונגען א מעלאנכאליש ליעד, וועלכעס האט זיך פער־שמאכט אויסגעצויגען איבער דער לאנדשאפט.

קאוואלסקי האט זיך געשפיעלט מיט די קינדער, געקויפט צוקערלעך און האט זיי געטיילט. פון דערווייטענס זיינען די מוטערס געשטא־נען, הויכע, געזונטע און שמוציגע, ווי די דעמבעס, און האבען גע־לאכט, ווייזענדיג די פוילע צייהן.

קאוואלסקי איז אזוי ענטציקט געווארען פון דעם בילד, אז ער האט אויסגעשריען, אז ער מוז דא אין דארף פערבלייבען.

— מיין פריינד זילבערשטיין פון קיעוו האט מיר מיטגעגעבען א בריעף צו ה' ראזענצווייג, ווייזט קאוואלסקי אויף מישא'ן — ער האט עפּיס געדענקט, אז אייער פאטער וואהנט אויפ'ן דארף און האט אנ'אייגענע גוט. צום סוף וואהנט איהר גאר אין שטאדט.

— דאס איז טאקי צו די ראזענצווייגס, — ווייזט מישא אויף מערי'ן, — זיי האבען ביז איצט געוואהנט אין דארף.

— זיי האבען זיך אין דארף ערצויגען? — האט קאוואלסקי נעפרעגט מערי'ן, — איך האב עס אבער באלד געוואוסט.

— פון וואנען האט איהר דאס געוואוסט? איך האב דאך נאך מיט אייך קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט, — האט מערי זיך אנגערופען, שוין א ביסעל פערדריסליך פון זיינע ווערטער.

— וואס ביי אנדערע זיינען ווערטער, איז ביי אונז געזיכט און בעוועגונג.

— נו, וועלען מיר דעם טייך זעהן, — האט מישא איבערגעהאקט דעם געשפרעך.

זיי האבען בעצאהלט און האבען זיך געלאזט איבער דער דארפס־גאס צום דניעפּר צו. נאך זיי — די קינדער מיט די חיות און עופות.

מערי איז געווען ארויסגעקומען פון הומאר — קאוואלסקי האט אויף איהר געמאכט זעהר א שלעכטען איינדרוק מיט זיין איינדרינג־ליכקייט און מיט זיינע פראזענדע ווערטער. און אזוי ווי זי איז צום ערשט נייגעריג געווען צו בעקענען זיך נעהענטער מיט א קינסטלער, אזוי האט זי זיך איצט דערפון אבגעשאקעלט.

דער וועג צום דניעפּר־צו האט געפיהרט אין שטילען. נור באלד האט זיך פאר זייערע אויגען געעפענט א בילד, וועלכעס האט זיי אן אלץ געמאכט פערגעסען.

דער דניעפּר האט זיך ווי א שטיק הימעל אויסגעגאסען אין א קרומער קארעטע, און אויסגעקערעוועט זיך א וועג פון איין עק האריזאנט צום אנדערען עק, איבער פעלדער, וועלדער און גרינע הויכע קוסטעס. ביי דער צווייטער זייט דניעפּר זיינען געווען הויכע זאמ־דיגע בערג, וועלכע האבען געטראגען אויף זיך גאנצע וועלדער און פון דער זייט פון וואנען זיי זיינען אנגעקומען איז דער גאנצער ברעג געווען איינגעטונקט איז געדיכט בעוואקסענע קוסטען און געמייזעבצען. זיי זיינען פערטרונקען געווארען אין דעם גרינס, וואס האט זיי דער־

גרייכט ביז איבער די קניה. נאך שווערער מאטערניש זיינען זיי אנ־נעקומען צו א נעלען זאמדיגען וועג, וועלכער האט צוגעפיהרט צום ברעג פון דניעפר. ביים גראז איז געלעגען אויסגעצויגען א לאנגע בערלינקע, וועלכע האט געדיענט צום איבערפיהרען אויפ'ן צווייטען ברעג. אויף דער בערלינקע איז געלעגען א גוי אויסגעצויגען און איז געשלאפען אין דער זון אריין. אבער ניט בלויז דער גוי, נור אויך דאס וואסער און די הויכע בעוואקסענע ברעגענס ארום זיינען מיט איהם מיטגעשלאפען, א שלאפענדע מעלאנכאליע איז געפאלען פון הימעל אראב און האט זיך נעלענט איבער די גאנצע געגענד. און עס האט אויסגעזעהען. ווי דאס וואסער און די ברעגעס רופען דעם געהענדען וואנדלער אוועקצולעגען זיך און שלאפען. ווייטער איבער דעם וואַ־סער־פלאך האבען זיך טראטוועס געוויזען אין דער זון אויסגעצויגען וועלכע האבען זייער זונטאג רוה געהאלטען אויפ'ן ברייטען טייך; פון דארט האבען זיך לאנגע אויסגעצויגענע קולות געהערט, וואס זיי־נען אין דער טיעפער ווייטקייט פערטרונקען געווארען.

מערי און סאניע האבען זיך נעבען ברעג אוועקגעזעצט. סאניע האט עפּיס גערעדט, מערי האט איהר ניט געענטפערט און האט געקוקט אין הימעל אריין. מישא איז געשטאנען נעבען זיי, קאוואלסקי איז מיט אמאל ניט געווארען — ער איז פּלוצלינג פערשוואונדען צווישען די קוסטען. מען האט נור געהערט פון דערווייטענס ווי ער טרעט צווישען די נאסע גרעזער. באלד דערויף האט זיך געהערט א פּלושטשען אין וואסער — דאס איז ער שוין געשוואומען אין וואסער און זיך געבאדען. נאך א קליינע ווייל[ע] האט מען איהם שוין גע־זעהען אין א לאדקע, וואס ער האט אבגעבונדען פון דער בערלינקע און זיך א נאקעטער געלאזט אהין צו די פּליסאקעס ביי די טראטוועס.

— עפּיס מאדנע מענשען — האט זיך מישא אנגערופען — די פּאליאקען. ביי אונז אין גימנאזיום זיינען אויך געוועזען א סך פּאַ־ליאקען, נור יענע זיינען עפּיס גאר אנדערע געוועזען.

— ער איז ניט קיין פּאליאק, — האט זיך מערי אנגערופען.

— ער רעדט דאך רוסיש אזוי שלעכט, — האט סאניע געזאגט.

— ער מוז פּויליש אויך ניט בעסער ריידען.

— נור וואס דען איז ער?

— דאס קלעהר איך טאקי אויך.

— מיר האבען זיך בעקענט און באלד האט ער אונז איינגעלאדען צו אנ'אלגעמיינעם שפאציר צום דניעפּר, אבער אין אזא טאן, אז עס איז געווען אונמעגליך איהם אבצוזאגען, — האט מישא געזאגט.

— אלע קינסטלער זיינען אזוי, — האט זיך סאניע אנגערופען.

— פון וואנען ווייסטו דאס?

— עס זיינען אמאל אקטיארען געקומען צו אונז אין שטאדט, זיינען זיי אויך אזוי באלד היימיש געווען, — האט סאניע געזאגט, רויט ווערענדיג און געוואלט באלד צוריקכאפען די ווערטער.

נאך א קליינעם שטיל־שווייגען האט מערי זיך אנגערופען, קוקענדיג ווייט אין וואסער אריין און פון דערווייטענס געזעהען א ווייסען פלעק שווימט־צו צו די טראטוועס:

— איך קלעהר וועגען דעם, אז ער געהערט צו א נאציאן וואס איז נאך ניטא, אדער צו אזעלכער, וואס איז שוין ווען געוועזן.

— ער איז א איד, — האט מישא געזאגט.

— שטענדיג ביזטו דא מיט דיין אידישקייט — כאפט סאניע אוים — איי. הער־אויף, הער־אויף מיט דיין אגיטאציע, מיר ווייסען שוין, אלץ ווייסען מיר שוין: דו ביזט געווען אין גימנאזיום און האסט מיטגעבראכט ציוניזם פון דארט, — האט סאניע איצט געפונען דאס ארט זיך אבצורעכענען מיט איהר ברודער.

— און דו האסט מיטגעבראכט סאציאליזם.

— נור איך רייד ניט דערפון אין געזעלשאפט: ארבייט איז אנ'אנדער זאך און געזעלשאפט איז אויך אנ'אנדער זאך. אז איך וויל אגיטירען, געה איך ארוים צו דער „ארבייט“, און אז איך בין אין גע־זעלשאפט — בין איך ניט קיין „פארטיי־מענש“, — און דאס איז אלץ.

ווער ווייסט ווי לאנג די דיסקוסיע וואלט זיך געווען געצויגען, ווען פלוצלינג וואלט ניט ערשיינען קאוואלסקי. ער איז צוגעשוואו־מען צום ברעג, צווישען די קוסטען, מען האט איהם ניט געזעהען, נור געהערט זיין פליסטערן. ער האט ארויסגעווארפען אויף זיך זיינע קליי־דער, פון זיין קאפ און לייב האבען טראפענס וואסער געראנען און ער האט געציטערט און איז בלוי געווארען פאר קעלט. ער איז ערשיענען פון די גרעזער ארוים:

— איי, זשידי, זשידי! — האט ער אויסגערופען! — ליגען דא ביים ברעג און דיסקוטירען אין וואסער אריין. אז גוים וואלטען גע־

װען, װאָלטען זײ אין װאַסער אַרומגעשװאָומען, אױף לאַדקעס גע־פאָהרען, און דאָס ליעגט בײ אַ גאָלדענעם ברעג פון אַזאַ װאַסער און דיסקוטירט װעגען פּרינציפּען.

מערי האָט געקוקט אױף קאָװאַלסקי׳ן. ער איז איצט געװען גאָר אַנ׳אַנדער מענש. די פלעקען אַרום די אױגען זײנען אינגאַנצען פערשװאונדען געװאָרען. ער האָט אױסגעזעהען װי אַ קלײן אונ־בעהאָלפען אינגעל, װעלכעס די מוטער האָט אַבגעצװאָגען. זײן גע־זיכט איז דערבײ געװען שטאַרק מענליך. אינגאַנצען האָט ער גע־מאַכט דעם אײנדרוק, װי ער װאָלט דאַ געװאָהנט צװישען די קוסטען און װאָלט זיך תמיד אין װאַסער געבאָדען. די װערטער, װאָס ער האָט איצט געזאָגט, זײנען ניט געװען אין דעם פריהערדיגען פּראָטעק־ציאָנעלען טאָן, נור אײנפאַך און מיט ליעבע.

אַ שטיקעל שמײכעל האָט געשפּיעלט אױף מערי׳ס ליפּען. איהר ברײטער גרױסער שטערן האָט זיך װי אױסגעלײטערט, זי האָט לײכט אױפגעאָטעמט און גרױס די אױגען געעפענט.

און אַזױ װי עס װאָלט זי װער מיט דער האַנד איבערגעמאַכט, האָט זיך באַלד אין מערי׳ס בענעהמען בעמערקט אַן ענדערונג. מען האָט געזעהען, װי אַ שטילע פרײד האָט אָנגעפילט איהר קלײן װעזען און עס האָט אַרױסגעשטראַהלט פון איהרע אױגען און פון איהר גאַנץ פּנים. איהרע בעװעגונגען זײנען לײכטער געװאָרען און ריטמישער. זי האָט ניט גערעדט, האָט נור ליכטיג אָנגעקוקט דעם, װאָס האָט גע־רעדט. זי איז זיך געגאַנגען אין אַ זײט צוריק, האָט זיך געשפּיעלט מיט איהרע הענד און עס האָט עפּיס געזונגען אין איהר.

זײ האָבען דעם װעג צוריק געפיהרט אין שטילען.

אַז זײ זײנען אָנגעקומען אין דאָרף, האָבען זײ געזעהען זעהר אַן אַמוזאַנטע זאַך.

פון אײנעם פון די הײזלעך איז אַ רוסיש מײדעל אין אַ קורץ־רױט קלײדעל, אין אַ פּאָר שטיװעל אַרױסגעריטען אױף אַ פערד, און נאָך איהר זײנען צװײ זשערעבקעס נאָכגעלאָפען. זי האָט זיך געלאָזט גאַלאָפּ איבער׳ן נעסעל פון דאָרף צום פלומפּ־צו. איהרע צעפּ האָבען זיך אױפגעבונדען פון הינטער איהר טיכעל און זײנען איהר איבער׳ן פּנים צופלאָסען. זי האָט זיך װי אַ װינד אױף׳ן פערד געלאָזט. איהר יונגע, שטאַרקע פיגור אױף דעם פערד אין דער גליהענדער זון האָט

אויסגעזעהען ווי אוים בראנד נעגאסען; איהרע הענד האבען שטארק געהאלטען איז צוים דאס ברויזענדע פערד, וועלכעס האט זיך, ווי זיין רייטערין, געווארפען אין איספעט. די דארפס־בחורים זיינען פאר די טהירען פון זייערע הייזער ארוים, נאכגעקוקט די רייטערין און זייערע אויגען האבען געגלאנצט. באלד דערויף האט מען געזעהען ווי פון די טויערען זיינען די בחורים ארויס אויף די פערד און האבען זיך געלאזט נאך דער רייטערין צו דער פלומפ: זי — פאראויס, און די בחורים — נאך איהר. אין דער גליהענדער, האלב־אונטערגע־גענדער זון האט זי אויסגעזעהען ווי א שטאלצע בעפעהלערין, וועלכע פיהרט אן איהרע רייטער צו קריעג. קאוואלסקי האט זיך ניט גע־קאנט איינהאלטען, האט זיך נאכגעלאזט נאך די רייטער. מערי האט עפים הויך אויפגעלאכט. אז זיי זיינען אנגעקומען פאר דעם ברונען, האבען זיי אזא ספעקטאקל געזעהען: דאס מיידעל מיט צופלאסענע האהר איז געשטאנען ביי דעם ברונען און האט אנגעטרונקען די פערד. עס האבען זי ארומגערינגעלט די בחורים מיט זייערע פערד און יע־דעם מאל האט אנ'אנדערער געפרואווט צו צוקומען צו דער מיידעל, זי ארומנעהמען און צו קושען. זי האט זיי אבער אבגעיאגט מיט א באטעק אין האנד, און יעדער שמיץ, וואס זי האט געגעבען דעם צו־דרינגליכען בחור, האט אבגעשאלט פון דערווייטענס, און זיי האבען ניט געקאנט באין אופן צו־קריגען זיך צו איהר.

קאוואלסקי איז געשטאנען, זיינע אויגען האבען איהם געשטראהלט און דאס פנים האט איהם געלויכטען פאר גדולה איבער דעם בילד. מערי האט דאס בעמערקט (זי האט שוין איצט בעמערקט אלע ענדע־רונגען, וואס האבען זיך געוויזען אויף זיין געזיכט). פלוצלינג איז זיך אויפגעשפרונגען, האט געגעבען א געשריי אויף פויליש:

— הע, איהר טרוסען! — און געגעבען א שפרונג־צו צו דער מייד־דעל. ער האט געקראגען א קלאפ מיט'ן באטעק איבער'ן פנים, אז עס האט איהם אנגעהויבען שווינדלען פאר די אויגען, אבער ער האט ניט אבגעלאזט. ער האט זי שוין געהאט ארומגענומען און אויסגע־קושט איהרע אויגען און ליפען. די גוים זיינען געשטאנען ארום פלומפ און געלאכט. אז ער האט זי אבגעלאזט, זיינען אנדערע גע־גאנגען דאסזעלבע טהאן.

איהם אבער האט מען געדארפט אוועקפיהרען. דער קלאפ פון

באַטעק איז געווען אזא שטאַרקער אז דאָס אויג איז איהם אנגעלאָר־פּען מיט בלוט און געשוואָלען געוואָרען. מערי האָט ארויסגענומען איהר טיכעל, האָט עס נאָס געמאַכט ביים ברונען און איהם דאָס אויג ארומגעבונדען. זיי האָבען איהם אָבגעפיהרט צום אירען אין קרעטשמע.

— עס איז וואַסיל'ס איינציגע טאָכטער — האָט דער איד דער־צעהלט אין דער צייט ווען קאָוואַלסקי איז געזעסען און זיך אויף און אָב געלעגט קאַלטע קאָמפּרעסען אויפ'ן אויג, — די שעהנסטע שיקסע פון דאָרף. די בחורים געהען אוים פאַר איהר. זי איז אָבער אַזוי שטאָלץ, אז זי טראָגט שטענדיג ביי זיך אַ באַטעק און ניט איינעם אין דאָרף האָט זי שוין געמאַכט אַזאַ אונטערגעשלאָגען אויג.

— עס איז אַלץ ווערטה, — האָט דער יונג געשפּיגען מיט בלוט — אָבער אַ מויד, אָבער אַ האַלטען זיך!

שטיל שווייגענדיג האָט איהם מערי דערלאַנגט איין נאָס טיכעל נאָכ'ן אַנדערען, ניט ווימענדיג און ניט פיהלענדיג, אז זי ציהט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון מישאָ'ן און סאָניע'ן מיט איהר ארבייט. קאָוואַלסקי האָט געהאַלטען אין איין שרייען.

— אָבער אַ סלאַפּ, אָבער אַ מויד, אָבער אַ קלאַפּ, אַ וואָ, אַ וואָ!

אז ער האָט זיך שוין אַביסעל בערוהיגט, — האָבען זיי זיך גענר־מען אַהיים געהן. סאָניע האָט עפּיס דערמאָהנט די מאַמע. אז זיי האָבען שוין געהאַלטען ביים ארויסגעהן, — האָט זיך קאָוואַלסקי פּלוצלינג אָבגעשטעלט:

— ווייסט איהר גאָר וואָס, איך בלייב דאָ איבער אין דאָרף. איך בעט אייך איבער (צו מערי'ן) און דאַנק אייך זעהר. איך וועל דאָ פערבלייבען. הע, (רופט ער צום איד), ווילט איהר מיר אַ ציממער פערדינגען?

דער איד האָט זיך אין קאָפּ געקראַצט.

— ווייס איך, און דער סטראַזשניק, עס וואָהנט אַפּילו אַ איד, אַ יונגער־מאַן דאָ אין דאָרף ביי אַ גויע...

קאָוואַלסקי האָט איהם ניט געלאָזט ענטפערען.

— נו, וועל איך שוין מיר געפינען אַנ'ארט וואו צו נעכטיגען. איך וועל צום ערשטען־בעסטען פויער געהן אין אַ סטאַדאָלע. אַ,

זארגט אייך ניט פאר מיר, — אדיע, איך דאנק אייך זעהר, און דרי־
קענדיג מערי'ס האנד, האט ער געזאגט:
— אויף ווידערזעהן, איך האף, מיר וועלען זיך דאך נאך זעהן...
קומט נאר אמאל אין דארף ארויס.
— וואס, איהר דענקט מיט אנ'אמת דא צו פערבלייבען? —
האט מערי געפרעגט.
— יא, איך וועל מיר שוין אויסזוכען אנ'ארט.
— און אייערע זאכען, איהר האט דאך ביי אונז די זאכען?
— איך דארף דא קיינע זאכען ניט, אזוי ווי איך שטעה און
געה. מארגען אין דער פריה וועל איך מיר דאס העמד אין דניעפר
אויסוואשען.
— און אייערער פארבען און לייווענד?
— אהא דאס מאלען מיינט איהר? איך האב ניט ליעב מיטצר
שלעפען מיין ווארשטאט מיט זיך; איך ליעב צו זעהן צוערשט פאר
מיר אליין דערנאך פאר אנדערע.
דערוויטערענדיג זיך אין דארף, האט ער צו זיך גערעדט, גע־
האלטען דאס טיכעל אויפ'ן אויג:
— אבער א מויד, אבער א קלאפ!
ווען מערי איז אהיים געגאנגען מיט מישא'ן און סאניע'ן, האט
זי איבער'ן גאנצען וועג געשוויגען. זי האט נור געקוקט וויים, וויים,
אין די אונטערגעהענדע זון. די זון איז שוין לאנג געווען אונטערגע־
גאנגען. דער גאנצער הימעל איז געווען בעצויגען נור מיט א טיעף
בלאהען הימלישען שיין. וויים אין האריזאנט זיינען שווארצע בוימער
געשטאנען מיט געדיכטע שווארצע קרוינען, און הינטער זיי איז א
גאלדען ברענענדער הימעל געווען, ווי עס וואלט דארט הינטער די בוי־
מער א צווייטע וועלט געשיינט.
זי איז פלינק אין שטוב אריין, זי האט ניט געהערט דער מוטער'ס
רייד, זי האט זיך אין איהר שטיבעל פערשלאסען, אין דער פינסטער
אויף איהר בעט זיך געלעגט און האט אלץ נאך געזעהען דעם בעגאל־
דעטען פלאמענדען הימעל, וואס איז אויף יענער זייט בוימער.

# דאס זיעבעטע קאפיטעל.

מישא איז אהיים געקומען טרויעריג און ניט צופריעדען מיט זיך. די בעקאנטשאפט מיט קאוואלסקי'ן איז איהם ניט געפעלען. זיין ריידען און האנדלען א גאנצען טאג אויפ'ן דארף האט איהם דער־נערווירט. עס האט איהם אויסגעזעהען, ווי קאוואלסקי וואלט דאס אלץ גערעדט און געטהאן כדי צו אימפאנירען מערי'ן. און אז ער האט אויף איהר געמאכט א געוויסען איינדרוק — דאס האט ער בעמערקט אין איהר בענעהמען זיך און אין איהר שווייגען דעם גאנצען וועג.

מישא איז זיך ניט קלאר געווען אין א ליעבעס־געפיהל צו מערי'ן. ער האט אייגענטליך נאך ניט גאנץ קלאר געוואוסט, וואס דאס איז אזעלכעס, ער האט מעהר געהאט דערפון א אהנונג פון די ביכער, וואס ער האט געלעזען איידער קאנען עס בעגרייפען פון זיך זעלבסט. מיט זיינע נייטצעהן־צוואנציג יאהר איז ער נאך געווען אין זיינע געפיהלען א קינד. אלץ איז געשלאפען אין איהם. ער איז איבערגעגאנגען פון קינדער־שטוב אין גימנאזיום, פון גימנאזיום אין אוניווערסיטעט, ניט ענדערענדיג זיך אינערליך. נאאיוו און קינדיש, האט ער גענומען די מענשען און געגענשטאנדען פראסט, אהן הינטערגרונד. ער האט פיעל געהאט געלעזען איבער ליעבע, ווי ער האט געהאט איבער אנדערע זאַ־כען געלעזען, און געוואוסט וואס די ביכער שרייבען וועגען איהר.

צו פרויען האט ער געהאט אזא בעציהונג, ווי קינדער האבען א בעציהונג צו דערוואקסענע. אנ'אנדער מין מענשען. ער האט גע־קענט זעהן נאקעטע פרויען און דערביי ניט רויט ווערען. און מארגע איז איהם געווען, ווען ער האט זיך פריהמארגענס אויפגעהויבען און געוואלט אריינגעהן אין סאלאן אריין און די שוועסטער סאניע, וועלכע פלעגט תמיד ארומלויפען פריהמארגענס אין אויסגעטהאנענעם סטאניק, האט געשריען פון איין שטוב אין די צווייטע: „מען קאן ניט“, „מען.קאן ניט“.

זיין פערהאלטען צו מערי'ן איז געווען ווי צו א חבר, וואס מען איז זעהר גערן זיין פריינדשאפט. מערי האט איהם אימפאנירט און ווי נאהנט ער איז אויך געווען מיט איהר און ווי אפט ער האט זי אוי בעגעגענט — דאך האט זי עפּיס געקאנט אזוי מאכען, אז מען

האט זיך מיט איהר ניט געפיהלט היימיש. עפּיס איז אין איהר אומגעבונג געלעגען א געהיימניס, וואס האט זי דערווייטערט. דאס געפיהל האט ער געהאט נאך פון קינדהייט אן. ווען זי איז אין שטאדט אריינגעקומען צופאהרען אין איהר פאטער'ס קאטש, איז גע־לעגען אין איהר עפּיס אזעלכעס, וואס האט אלעמען געהאלטען פון דערווייטענס פון איהר. און פון קינדהייט אן איז מישא'ן געלעגען אין דעם, אז מערי זאל האבען פון איהם די בעסטע מיינונג, זי זאל וויסען פון זיינע פארטשריטע אין זיין לערנען און פון אלץ וואס איז איהם אנגעגאנגען.

נור נאך מעהר האט זיך דאס געפיהל ביי איהם געשטארקט פון דער צייט אן. ווען מערי איז צוריק אהיים געקומען פון קיעוו. מערי האט דאס לעצטע יאהר גימנאזיום מיטגעמאכט אין קיעוו. זי איז צוריקגעקומען פיעל שווייגענדיגער און געהיימניספאלער ווי זי איז פריהער געווען. עס האט זיך ביי איהר אויסגעארבייט א מין ארטיג ריידען מיט זייטיגע מענשען, וועלכעס זי האט פריהער ניט געהאט. מיט מישא'ן האט זי זיך ווידער בעגעגענט זעהר פריינדליך און פאמי־ליער, דאך האט זיך שוין געפיהלט אין איהר בענעהמען זיך א געוויסע קאלטקייט און דערווייטערטקייט.

מישא פלעגט דאן אין איהר נעגענווארט ביי דער קלענסטער זאך רויט ווערען.

מישא האט גוט געלערענט און איז געווען פעהיג צו טרוקענע און שכל'דיגע זאכען. יערען געגענשטאנד, וואס ער האט גוט פער־שטאנען, האט ער ליעב געהאט פערשטענדליך צו מאכען און ער־קלערען פאר די ארומיגע מיט אייגענע ווערטער און לויט זיין אייגע־נער אויפפאסונג, און עס האט איהם אויסגעוויזען ווי ער וואלט עס אליין ערפונדען. ער האט געזוכט ווערטער וועלכע זאלען אם קלאר־סטען אויסדריקען זיין מיין און פלעגט קיינמאל ניט געפינען דאס פּאַ־סענדע ווארט און דערביי זיך רויטלען ווי א קינד, וואס פערהערט זיך ביים פאטער. דערפאר האט איהם זעהר געקרענקט דאס בענעה־מען זיך פון קאוואלסקין צו איהם. קאוואלסקי האט איהם בעהאנ־דעלט ווי א קינד און ניט געלאזט אויסדריקען זיינע געדאנקען אזוי ווי ער האט געוואלט. מישא האט געוואוסט, אז ער האט רעכט און

ווען ניט קאוואלסקי, וואלט ער געקאנט פאר מערי'ן ענטוויקלען זיין אידעע: „די טראגעדיע פון אידישען שאפען אין גלות". פארוואס עס קאן זיך ניט ענטוויקלען אנ'אייגענע אידישע קונסט אין א פרעמדער סביבה, און דעם גורל פון אידישען קינסטלער. — ער האט עס אזוי קלאר געוואוסט. ער האט געהאט דעריבער געלעזען און גע־האט זיין אייגענע מיינונג אויף.

ער איז געווען ציוניסטיש געשטימט, האטש ניט קיין פארטיי־מענש. ער האט צו קיין שום עקזיסטירענדער פארטיי ניט אנגעהערט. אידיש געזאגנען איז ער געווען פון דער היים אויס, קליינערהייד גאר פרום, האט תלמוד געלערענט, דערנאך, אז ער האט זיך אין דער היים פארבערייטעט צום פינפטען קלאס גימנאזיום, האט ער די לשון־קודש'דיגע ביכלעך אויך ניט אוועקגעלעגט. ער האט פיעל איבער אי־דישע ענינים געלעזען און געוואוסט. אידישע צרות און עולות געגען אידען האבען געפונען א טיעפען אבקלאנג אין זיין הארץ. א ביסעלע פאנטאזיע נאך געהאט, נאאיוו געווען — האט ער לעזענדיג די גע־שיכטען פון אנדערע פעלקער, די טהאטען פון זייערע העלדען, אויך געטרוימט פון א צוקונפט פאר זיין פאלק, וואס זאל אויך פול זיין מיט גרויסע העלדען־טהאטען. דערפאר האט ער צו קיין פארטיי ניט אנגעהערט. די אלע פארטייען, וואס זיינען דא ביי אידען, זיינען ניט די ריכטיגע, זיי זיינען צו־לאנגווייליג, צו פאמעליך. מיט דער שנעל־קייט, וואס ער האט דורכגעלערענט די געשיכטען פון די פעלקער, האט ער געוואלט די אידישע צוקונפט שאפען. איהם האט זיך אויס־געוויזען, אז דאס איז זעהר גרינג אויסצופיהרען, מען דארף נור אנהויבען, זיך נעהמען דערצו. דערוויילן האט די אידישע בעליידי־גונג געשניטען זיין שטאלץ, וואס איז ביי איהם געווען נאטירליך און שטארק ווי ביי יערען געזונטען נאטירליכען בחור אין זיינע יאהרען ביי יעדען פאלק.

דאס אלץ האט ער געוואוסט ביי זיך, נור ארויסברענגען האט ער עס דאך ניט געקאנט: אין א געזעלשאפט פלעגט ער זיך שעמען, און ווי ער האט אנגעהויבען צו ריידען — פלעגט ער רויט ווערען און ניט קאנען געפינען דאס פאסענדעווארט. איז ער נור געזעסען אויף די פערזאמלונגען, איינהארכען זיך, וואס אנדערע זאגען און רופען:

„עס איז ניט דאס", „עס איז ניט דאס". און דערביי פלעגט ער עס אזוי שטיל זאגען, אז קיינער זאל ניט הערען, און איז רויט געווארען.

---

מישא איז ארויפגעגאנגען צו זיך אין שטוב אריין, וואס ער האט געהאט אויפ'ן איבערשטען שטאק און ביי זיך געטראכט: יא, זי האט'ס בעמערקט. ווי זי האט מיך אנגעקוקט, ווען ער האט גערעדט, — א געלעכטער'ל האט געשוועבט אויף איהרע ליפען — איך האב'ס געזעהען. קינסטלער, און אז מען איז א קינסטלער, דארף מען אלץ אזוי אויסריידען — גראב, ארדינער, ווי ער האט מיר די ווערטער איבערגעהאקט? איך וואלט דאך געקאנט ארויסברענגען אלץ, און פארוואס האט זי געשמייכעלט?

ער האט זיך מיט אמאל געגעבען א שאקעל־אב פון אלץ, אנגעצונדען די לאמפ און אוועקגעזעצט זיך ביי א בוך לעזען. דאס פנים האט איהם דערביי געפלאמט ווי א פייער.

א פאר מאל האט מען פון אונטען געקלונגען אויף מיטאג. ער האט געהערט דעם קלינגען און איז ניט אראב, ביז די דיענסט האט אנגעקלאפט אין טהיר — „דער מיטאג איז אויפ'ן טיש".

אז ער איז אראבגעקומען זיינען אלע שוין געזעסען ארום טיש. די מוטער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

ער איז געזעסען די גאנצע צייט ביים מיטאג, דאס פנים איז איהם רויט געווען און ער האט געשוויגען. די מוטער האט עס בעמערקט.

— און וואו איז דער הערר פון קיעוו? — האט געפרעגט די מוטער, מיינענדיג קאוואלסקי'ן — פארוואס האט איהר איהם ניט איינגעלאדען אויף מיטאג? איך האב דאך אייך געזאגט.

— ער איז אין דארף געבליבען, אזא מאדנער מענש — האט סאניע אנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען קאוואלסקי'ן די מעשה מיט'ן קושען דאס דארפס־מיידעל מיט פיעל איבערגעטריבענקייט.

מישא איז געזעסען, אויסגעהערט און גארנישט גערעדט.

זיין סלייז ברודער'ל, וועלכען מישא האט זעהר געליעבט, האט זיך געווענדעט צו איהם וועגען עקזאמען, צו וועלכען ער האט זיך איצט געגרייט.

מישאַ האָט איהם אַבגעענטפערט קורץ און פערמיידליך, וואָס איז ניט געוועזן זיין געוואוינהייט. די מוטער האָט עס בעמערקט און געקוקט אויף זיין פלאַמענדיג פנים.

אַז מישאַ איז נאָך מיטאָג ביי זיך אין צימער געוועזן, האָט די מוטער אין טהיר אַנגעקלאַפּט.

זי איז געוועזן אַ פרוי פון די אכציגער יאָהרען, אַ אינטעליגענטין פון אַ רייך אידיש הויז. זי האָט גערעדט פראַנצויזיש און געוועזן ראָמאַנטיש געשטימט. זי האָט זעהר פיעל געהאַלטען פון ליעבע און אַ סך ראָמאַנען געלעזען, חאָטש אַליין האָט זי חתונה געהאַט דורך אַ שדכן (דאָס איז געוועזן איהר טראַגעדיע). מיט מישאַ'ן האָט זי זיך געפיהרט קאַמעראַדיש. זי האָט איהם ליעב געהאַט אָהן אַ גרעניץ און זי האָט זעהר גוט אויפגעפאַסט אַלע ענדערונגען וואָס זיינען אין איהם פאָרגעקומען.

— מען קאָן. ביטע. אַך, דו! — האָט זיך מישאַ פערשעמט אויף דער מוטער'ס פּלוצליכער ערשיינונג.

— מישאַ, וואָס איז מיט דיר? — האָט די מוטער איהם געפרעגט פראָסט און קאַמעראַדיש.

— גאָרנישט, מאַמע!

— עפּיס־וואָס איז געשעהען מיט דיר, טייבעלע, — האָט איהם די מוטער געזאָגט אויף רוסיש און דעם קאָפּ געגלעט ווי אַ קינד. — ווילסטו — זאָג, ווילסט ניט — דאַרף מען ניט, נור בערוהיג זיך, קינד!

מישאַ האָט געשוויגען, נור די אויבערשטע ליפּ געביסען.

— איך קלער וועגען דעם, איך קלער וועגען דעם, — האָט מישאַ געזאָגט, בייסענדיג זיך די נעגעל און רויט ווערענדיג דערביי פון קאָפּ ביז'ן טיעפען האַלז אַריין, — עס וואָלט גוט געוועזן, איך וואָלט מיך נאָך פּעטערבורג אַריינגעקראָגען, אַ גרויסע שטאָדט, — האָט ער קוים געענדיגט דעם זאַץ.

די מוטער האָט געוואוסט וועגען מישאַ'ס שטילע געפיהלען צו מערי'ן און זי האָט געהאַט געהערט פון מאַן אַז מערי וויל קיין פּעטערבורג. איהר איז באַלד די זאַך אינגאַנצען קלאָר געוואָרען.

„אַהאַ, די ליעבע", — האָט זיך די מוטער געטראַכט.

— אפשר וועט זיך נאָך לאָזען מאַכען, — האָט די מוטער געזאָגט

און א שטיל שמייכעלע האט געלויכטען איבער איהר שעהנעם לענג־ליכען געזיכט אויף איהר קינד'ס „יונגע ליידען".

— גאר ניט געווען פאר מיר? — האט מישא אבגעווענדעט דעם געשפרעך.

— יא, דאוויד איז דא געווען און געפרעגט אויף דיר, צו דו ווילסט אהין געהן?

— געוויס, מאמע.

— צום ד'ר לייזעראוויטש. קינד, איך וואלט דיך ניט געראטהען. צו וואס טויג דיר דאס, ניט אונזערע מענשען.

— אבער, מאמע! — האט מישא זיך געקרימט און גענומען זיך ארויסצוגעהן.

ער איז אראבגעגאנגען נאך דער מוטער. די מוטער איז לאנג געשטאנען אויף די טרעפ און איהם נאכגעקוקט און צו זיך גערעדט:

— ער האט'ס דערפיהלט, דאס ארימע קינד!

דאוויד איז געווען מישא'ס בעסטער פריינד. זיי האבען אינ־איינעם אין פינפטען קלאס געלערענט און דאס גימנאזיום דורכגע־מאכט, האבען אינאיינעם די פאפירען אריינגעשיקט קיין קיעוו און קיין פעטערבורג, געדענקט צוזאמען אנצוקומען אויף איין פאקולטעט, אויף מאטעמאטיק, נור דאוויד איז געווען דעם „משוגענעם" ד'ר לייזעראוויטש'ס א זוהן, וועלכער וואהנט אין דעם ארימסטען אידישען קווארטאל אין „ראוו" און היילט בלויז ארימע־לייט און לויפט ארום אין די רייכע הייזער און שלעפט צוזאמען וועש פאר די קראנקע, און שעמט זיך ניט אליין אלץ זיי צו צוטראגען איבער דער גאס.

ווארום ד'ר לייזעראוויטש איז געווען א פערביסענער פריי־דענקער און דעמאקראט פון די זעכציגער יאהרען אדער „א ליבעראל", ווי זיין זוהן דאוויד האט איהם מיט שפאט גערופען. ד'ר לייזע־ראוויטש האט פון זיין „אונגעזעצליך" ווייב געהאט צוויי „אונגע־זעצליכע" קינדער — א זוהן און א טאכטער. „אונגעזעצליך" איז זי געווען — וויל ער האט חתונה געהאט מיט איהר אהן חופה קדושין. און ער האט אזוי חתונה געהאט ניט דערפאר, וויל עס איז איהם ווער געשטאנען אין וועג, ניין, נור אויס ריינעם „פרינציפ". די צוויי קינדער האט ער אויפגעצויגען אהן רעליגיאן, „פרינציפיעל" און ניט ארויפגעלאזט דעם נאמען „גאט" אויף זיין שוועל.

זיינע קינדער זיינען אויפגעצויגען געוואָרען נאַאיוו און אונ־שולדיג. אין דאַווידן פלעגט זיך אין דער קינדהייט, להכעיס דעם פאַ־טער, גאַר ווייזען אַ רעליגיעזע שטרעבונג. דאָס קינד האָט ליעב געהאַט צו געהן אין דער אָרימער שוהל אריין, וואָס איז דאָרט געווען אין דעם אידישען אָרימען קוואַרטאַל, און איינהערען זיך צום דאַווי־נען פון די אידען. און האָט דעם פאַטער פאַרגעוואָרפען, וואָס ער מאַכט ניט קיין קידוש פרייטאָג צו נאַכט, פון וואָס דער פאַטער האָט גרויס פערדרוס געהאַט. און חאָטש דער פאַטער האָט שטענדיג גע־רעדט וועגען פרייער ליעבע, דאָך לעבט ער שוין זיעבצעהן יאָהר זינט די טאָכטער איז איהם געבוירען געוואָרען (ביי איהר געבורט איז די מוטער געשטאָרבען) אָהן אַ פרוי. ער האָט די קינדער אַליין אויפ־געצויגען. געצוואָגען זיי, געבאָדען און געקעמט. דאָס מיידעל האָט ער אַליין אויפגעצויגען מיט אַ פלאַש מילך, און ניט אריינגעלאָזט קיין פרוי צו זיך, און די „מוטערליכע" בעשעפטיגונג מיט די קינדער פיהרט ער אויס ביז'ן היינטיגען טאָג.

אין שטאָדט האָט ד"ר לייזעראָוויטש געהאַט אַ שם אַלס רע־וואָלוציאָנער. וואָס עס האָט זיך נור געמאַכט אין שטאָדט, האָט מען דעם דאָקטאָר באַלד אַרעסטירט. און אַז מען האָט געהערט, אַז מען האָט דעם ד"ר לייזעראָוויטש אַרעסטירט, האָט מען באַלד געוואוסט אַז „עס האָט זיך אָנגעהויבען". מען האָט איהם פיעל מאָל פון גאַס אַראָבגענומען. געפינענדיג איהם, אַז ער טראָגט עפּיס אונטער דעם ראָק. נור אַנשטאָט באָמבעס אָדער געוועהר, וואָס די פּאָליציי האָט מיט גרויס פאַרזיכט געפּרובט פון הינטער זיין ראָק אַפּער צו נעהמען, האָט מען געפונען בי איהם פלאַשען מיט מילך, וואָס ער האָט געהאַל־טען אין איין אַרומטראָגען אין אָרימע הייזער צו קראַנקע קינדער. מישאַ'ס פאַטער און די מוטער זיינען זעהר דאָגענען געווען, וואָס מי־שאַ חברט זיך מיט'ן ד"ר לייזעראָוויטש'עס זוהן. און ד"ר לייזעראָ־וויטש'ן איז אויך צוערשט ניט געפעלען געוואָרען, וואָס זיין זוהן חבר'ט זיך מיט אַ בורזשוא, נור די חברים האָבען זיך אַזוי ליעב געהאַט, אַז עס איז זיי שווער געווען אָבצורייסען. דער דאָקטאָר האָט זיך אויך באַלד צוגעוועהנט צו מישאַ'ן ער האָט איהם ליעב געקראָגען, חאָטש ער האָט איהם ניט געקאָנט פערגעסען זיין פאַטער דעם בורזשוא.

צו דעם חבר איז איצט מישאַ געגאַנגען אין דעם אידישען קוואַר־

טאָל, אדער אין „ראַוו“, ווי מען האָט עס געריפען — צו פערגעסען זיך אָן זיין „נאַרישקייט“, ווי ער האָט גערופען זיין נייגונג צו מערי'ן, אדער גיכער צו פערטרויען זיין חבר מיט זיינע געדאַנקען. ער האָט געוואוסט, אז נור איינעם קאָן ער פערטרויען אַלץ, קאָן ער אַלץ דער־צעהלען, אפילו זיין גרעסטע נאַרישקייט און צוזאַמען מיט איהם צו לאַכען דעריבער—דאָס איז זיין פריינד דאַוויד.

---

## דאָס אַכטע קאַפּיטעל.

דאָס אידישע קוואַרטאַל איז געלעגען אין אַ „ראַוו“. אַ טיעפער גראַבען איז עס געווען אַ־ין אַ ווינקעל פון שטאָדט, פערדשטעלט פון ביידע זייטען מיט הויכע, זאַמדיגע ברעגען. אין דעם גראַבען און אין די שמאָלע לעבער, וואָס האָבען געהייסען די געסלעך, אין חרוב'־דיגע הילצערנע איינגעפאַלענע הייזער, האָבען זיך אויף אַ שטח פון די אייניגע געסלעך, וועלכע זיינען פערפּלאָנטערט געוואָרען איינס אין דאָס אַנדערע, אויפגעהאַלטען אייניגע טויזענד נפשות. קיין רינשטאָקען זיינען אין „ראַוו“ ניט געווען. די גאַסען ניט געברוּ־קירט. די זון איז זעלטען ווען דאָרט אריינגעקומען, זיינען די שטענדיגע בלאָטעס קיינמאָל ניט געווען דאָרט אויסגעטריקענט און מען האָט ניט געקאָנט דורכגעהן פון איין זייט געסעל צום צווייטען. דערפאַר האָבען זיך אַלע רינשטאָקען פון שטאָדט אין „ראַוו“ צונויפגענאָסען. און ווי עס פלעגט נור ווערען אַ רעגען, האָט זיך דאָס וואַסער פון שטאָדט אריבערגעשווינקט איבער די הויכע ברעגעס אין דעם טהאָל אריין אין „ראַוו“ אַראָב. צוליעב דער שטענדיגער פייכטקייט האָבען זיך דאָרט אויפגעהאַלטען אַלע עפּידעמישע קראַנקהייטען. די קינדער, וואָס זיינען געזעסען אין דער שטענדיגער בלאָטע, פלעגען פון די קראַנקהייטען קריפּעלס אַרויסקומען. אין יעדען צווייטען הויז איז אַ טיפוס געווען, יעדעס אַנדערע קינד איז קראַנק געווען אויף די ענגלישע קריינק. און זיינען געזעסען מיט זייערע קרומע, אונענט־וויקעלטע פיסלעך און גרויסע קעפּ פאַר די טהירען, האַלב אין דער בלאָטע, טייל מיט די גליהענדע פּנים'לעך פון היץ און פיבער, ווארום די מוטערס זיינען אין דער היים ניט געווען, ווייל ס'רוב האָבען דאָרט

געוואוינט די „ראוויקעס“, ארימע בעלי־מלאכות און גארבערס. די ווייבער האבען געהאנדעלט אין מארק—און די קינדער האבען זיך אין די פערלאזטע חרוב׳דיגע הייזער אליין אויפגעצויגען.

די זוז פלעגט זעלטען ווען ארויסשיינען. די עלטערע לייט פלעגען פריה בלינד ווערען. דער פראצענט טויט־פעלען פון די קינדער איז „ראוו“ איז געווען א אונגעהויערער, נור אפילו די, וועלכע האבען זיך שוין יא ערהאלטען ביים לעבען און ערצויגען געווארען אין „ראוו“, — זיינען געווען שוואכע, קראנקע, האלבע קאליקעס. מיט גרויסע וואסערדיגע קעפ און אונענטוויקעלטע ווייכע ביינער, מיט קרומע פיס און ווייכע שוואכע הענד, האבען זיי זיך געשלעפט איבער די בלאטעס פון „ראוו“.

נור דאך האבען די איינוואהנער פון „ראוו“ ניט פערלאזען דעם פלאץ. מען קאן זאגען אז זיי האט צוגעבונדען ליעבע צו זייער פער־שאלטען ארט און דער, וואס איז געבוירען געווארען אין „ראוו“, האט אויף איהם געדוהט די קללה, אז ער האט ניט געקאנט פון איהם זיך ארויסקריגען, און איז געבליבען דארט זיין טרויעריג לע־בען צו פיהרען.

דארט, אין דער שטענדיגער בלאטע און געשטאנק, האט זיך ד״ר לייזעראוויטש זיין נעסט געמאכט. דארט האט ער זיך אויפגע־האלטען, כדי נאהנט צו זיין צו די ארימע לייט מיט זיין הילף.

מישא האט איצט געטראטען אין די געסלעך טיעף אין דער בלאטע פון דעם „ראוו“.

די געסלעך זיינען געווען בעלויכטען פון די קליינע לעמפלעך און פלעמלעך פייער, וואס האט זיך ארויסגעוויזען פון יעדער אפענער טהיר. עס זעהט זיך אויס, אז די ווייבער זיינען ערשט איצט אהיים געקומען פון דער גאס און האבען אבגעקאכט זייער וועטשערע, ווארום פון אומעטום האט זיך דורך די אפענע טהירען ארויסגעריסען א רויך פון די אייוועגס (צו דעם צוועק, זעהט אויס, האבען די ווייבער די טהירען פון זייערע הייזער געעפענט) און עס האט זיך פערנומען א געשמאק פון אנגערייכערטע און א פרעהליך געשריי פון קינדערלעך, וואס האבען ארויסגעזאגט זייער פרייד אויף דעם קאכענדיגען עסען. פון צייט צו צייט האט זיך פערנומען א חריפענדיג קול פון א וויינענדיג קינד, וואס די מוטער האט עס איבערגעלאזט אין זיינע

געשרייען, ניט האבענדיג קיין צייט אוועקצוגעהן פון דער קיך, אדער אנ'אנדערע האט איינגעזאמעלט איהרע קינדער פון דער בלאטע אין שטוב אריין.

אויף מישא'ן האט יעדעס מאל דער טרויעריגער אנבליק פון דער גאס געמאכט א שרעקליכען איינדרוק. נור דאסמאל מעהר ווי אין אנדערש מאל. ער איז איצט געווען אין א שטימונג אלץ אויפצונעהמען אין זיין נשמה, וואס קאן איהם נור פערגעסען צו מאכען זייז „נארישקייט"—ווי ער האט גערופען זיין דענקען וועגען מערי'ן. און ער האט זיך געטראכט: געה איך דא מיט אן איינגריידער־ניש אין בויך, און דא זיינען פאראן מענשען, וואס לעבען אין אזא נויט. און נישט פרעמדע מענשען, נור אייגענע, אידען, און נישט קיין איינצעלנע, נאר א גאנץ פאלק, דאס גאנצע אידישע פאלק לעבט אזוי אין רוסלאנד, אויסער אייניגע גליקליכע, וועלכע האבען זיך ארויסגעקליבען פון דעם „ראוו" און לעבען אין די שטעדט. צווישען די גליקליכע איז ער אויך. און פאר וואס איז ער בעסער פון אט די קינדער, וואס וואהנען דא? פארוואס קומט עס איהם אנ'אנדער לעבען: א רייז בעט און א גוטען מיטאג? ער האט זיך דאך געקאנט געפינען אין דעם זעלבען מעמד, ווי זיי.

אריינגעקומען צו ד"ר לייזעראוויטש, האט ער געטראפען ווי שטענדיג א האלבע שטוב, פול מיט קראנקע ארימע־לייט, וואס האבען א קאנצערט אבגעגעבען מיט זייער הוסטען און קרעכצען. יעדער האט זיך געסטארעט וואס העכער און אפטער צו הוסטען אדער צו קרעכ־צען און אזוי ארום צו וויסען געבען פון זיין געפעהרליכער קראנק־הייט. אייניגע ווייבער זיינען געזעסען מיט שלאפע קינדער אויף די הענד. די קינדער מיט די פערבונדענע קעפעלעך האבען איינגע־בויגען די סעפעלעך צו די מוטערס ברוסטען, ווי זיי וואלטען שוין בעשטאנען אויף דעם טויט, וואס וואַרט אויף זיי. דער דאקטאר, א הויכער און א דארער, מיט א גרויסען שטערן און האלב אויסגעקראַ־כענע האהר, איז געשטאנען הינטער א טיש, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעשטעלט א גאנצע אפטייק מיט פלעשלעך. ער האט גע־נאסען פון איין פלעשעל אין דאס צווייטע אריין און געמישט א רעצ־צעפט, — האט ער דערוויל צוגעלעגט דאס אויער צו א אידענע'ס ברוסט און האט געברומט אין א בייזערדיגען טאן:

— ווידער הוסטען, — האט ער געשריען ווי די אידענע וואלט דערין שולדיג געווען, וואס זי איז ווידער ארומגעלאפען מיט די זעק אין די הויפען — איך האב דאך אייך געזאגט, איהר זאלט ליגען אין בעט. א פרנסה זיך איינגעשאפט, מיט א קראנקער ברוסט ארומ־צוקריכען מיט זעק אין די הויפען. איהר קאנט עס ניט לאזען פאר'ן סטראזשניק, פאר'ן שטאדט גאלאווא? זי מיט א קראנקער ברוסט דארף ארומקריכען איבער הויפען, זאלען זיי שלעפען זיך — איהר ליגעט אייך. צוויי טעג נאר ליגען, צוויי טעג. איך וועל מארגען זיין.

— און מיט'ן קינד וואס זאל איך מאכען? — פרעגט די אידענע.

— מיט'ן קינד, הא, מיט'ן קינד? — קראצט זיך דער דאקטאר אין קאפ. — זי מוז נאך א קראנק קינד אויך האבען. ניט זויגען, ניט זויגען, ניין. איז בעט אריין. — דערביי לויפט דער דאקטאר אין א ווינקעל אריין און שלעפט עפיס פון דארט א פלעשעל. — און חנה רחל וויל שוין ניט בארגען. זאגט איהר אז איך וועל בעצאהלען.

— ניין. זי וויל דאך דעם דאקטאר אויך שוין ניט בארגען. זי וועט מעהר ניט בארגען, האט זי געזאגט — זי קריגט ניט אב.

— איז שלעכט, א קראנק קינד מוז זי אויך נאך האבען — בייזערט זיך אויף איהר דער דאקטאר, כאפט דאס פלעשעל, לויפט אריין אין א ווינקעל און גיסט אב פון א ראנדעל, וואס איז געשטאנען אויף א ברענענדיגען אייוועו, א פלעשעלע מילך,—אויף הוינט אויף דער נאכט וועט איהר דאס גענוג האבען. מארגען וועל איך זיין, וועל איך זיין, — זוכט ער אין די קעשענעס און געפינט גארנישט. — מישא! — רופט ער, דערצוזעהענדיג מישא'ן — מישא, האסט ניט צוויי קאפי־קעס? מישא האט ארויסגענומען צוויי קאפיקעס. — נאט אייך! — גיט דער דאקטאר איבער די צוויי קאפיקעס מיט'ן פלעשעל מילך ד. ר. אידענע, ווי מען גיט איבער זעהר א טייערע רעצעפט. אויף היינט אויף דער נאכט זאלט איהר געבען דאס (ווייזט ער אויפ'ן פלע־שעל), אויף מארגען אין דער פריה זאלט איהר קויפען פאר דעם פיע־רער מילך און געבען א צווייטען מאל, און שפעטער וועל איך זיין, וועל איך זיין. נו, געהט, זאהט, געהט, — שטופט ער די אידענע ארויס צו דער טהיר.

מישא איז אריינגעגאנגען אין צווייטען צימער. דאס צימער איז געווען האלב אין טונקעל, ווארום דאוויד האט פערשטעלט די לאמפ

מיט זיין קערפער. ער איז געלעגען א־ער'ן טיש, קניהענדיג אויף א שטוהל און האט געלעזען א בוך. פאר איהם אין א קערבעל איז געלעגען א ברויט, פון וועלכען ער האט יעדעס מאל אבגעבראכען א שטיק און געגעסען אונבעוואוסט, נור מיט אפעטיט. אין א ווינקעל, האלב אין טונקעל, אויף א באנק נעבען א שעפעל מיט ווארים וואסער איז געזעסען ראחעל, דאווידס שוועסטער מיט א אויסגעצוואגען קעפעל. און איהרע נאסע שווארצע האהר זיינען געווען פערפלאכטען אין קליינע דינע צעפעלעך און זי האט זיך געשפיעלט מיט איהרע נאקעטע הענד.

ביי מישא'ס אריינקומען איז דאס מיידעל ניט אויפגעשטאנען, האט זיך ניט פערשעמט, ניט געאיילט צו פערדעקען איהרע נאקעטע הענד און האלז, ניט איהרע נאסע האהר און ניט איהרע נאקעטע פיס, וועלכע מען האט ארויסגעזעהען פון איהר קורץ קליידעל — זי האט גארנישט געפיהלט, אז מען דארף זיך שעמען מיט נאקעטען לייב. זי האט זיך נור אנגערופען:

— דאוויד, זעה, ווער עס איז דא!

דאוויד האט זיך אבער ניט אומגעקוקט, האט געשמאק דאס ברויט געגעסען און געשמאק געלעזען.

— אוי, וואס פאר א נאר ער איז, מישא — האט זיך אנגערופען דאס מיידעל מיט א קלינגענדיג געלעכטערעל, אז עס האט זיך גע־דאכט, אז ניט בלויז איהר קאפ האהר זיינען געוואשען, נאר איהר קול'כעל אויך — דאס גאנצע ברויט האט ער שוין אויפגעגעסען, און דאס בוך האט ער נאך ניט גענדיגט.

דאוויד האט זיך אומגעקוקט. עס איז געווען א געזונדטער, קרעפטיגער יונג פון א יאהר אכצעהן מיט א פאר רויטע באקען.

— אה, טי! — האט ער די האנד אויסגעשטעקט צו מישא'ן קאמעראדיש — נו, טשטא ס'טאבאי?

— ניטשעווא, — האט מישא געענטפערט, אריינבויגענדיג זיך אין בוך, — וואס לעזט דו? — אה, אננא קארעגינא. נו, וואס איז דארט מיט לעווין?

— א מענש דער ווראנסקי, — זאגט דאוויד ניט אהן קנאה — אן אפיצער מיט שפארען; אויף די „סקאטשקעס" געהט ער, און מיט פרינצען פאהרט ער ארום. דאס הייסט געלעבט א גוטען טאג.

— און מיר נעפעלט אננא, — האט ראחעל זיך אבגערופען פון ווינקעל ארוים, — גאנץ גוט, וואס זי איז אוועק פון מאן, איך וואלט אויך אוועק — אזא לאנגווייליגער.

— און דו האסט זיך ניט וואס אריינצומישען, — האט איהר דער ברודער אבגעענטפערט פון טיש, — א מיידעל ווייסט ניט פון אזעלכע זאכען.

— אהא, — האט זיך ראחעל אנגערופען ניט אהן נאוה — און איך האב דאס בוך שוין לאנג געלעזען; נאך אז איך בין אין פיערטען קלאס געווען האב איך עס געלעזען.

— וואט קאקאיא! — האט דאוויד געענטפערט דער שוועסטער מיט שפאט.

— אוי, וואס פאר א נאר ער איז, מישא, — האט די שוועסטער ווידער געזאגט אין א קליינגענריג געלעכטערעל.

— אזעלכע דערוואקסענע מענשען ליעבען ביי טאלסטאי'ען. וואט א גרויסער אפיצער, א רייכער פאמעשטשיק, א הויכער טשינאווניק. דאס זיינען אזעלכע אלע פארטיגע מענשען. זיי קאנען שוין ליעבען, אבער קיין סטודענטען זיינען גאר נישטא ביי איהם, — האט מישא זיך אנגערופען עפים אונבעדאכט און איז רויט געווארען.

— א, סטודענטען ליעבען זיך אויך, און ניט דוקה סטודענטען און גימנאזיסטקעס ליעבען זיך אויך, און ניט בלויז גימנאזיסטקעס, נור אזעלכע קליינע קינדער — ווייזט ראחעל מיט דער האנד — ליעבען זיך אויך. איך האב ניט לאנג געלעזען א ראמאן פון אזעלכע קליינע קינדער, — האט זיך ראחעל פון איהר באנק אבגערופען.

— דאס ווייס איך, — האט מישא געזאגט צו ראחעל'ן, — אזוי אט סתם ליעבען; אבער איך מיין אויף א רעכטען אמת, אזא ליעבע ווי ביי טאלסטאי'ען, שטארקע איפערזיכטיגע ליעבע, וואס קאן צו גרויסע טהאטען ברענגען, ניט א גימנאזיסטקעס ליעבע מיט א סטודענטען־ליעבע. מעהר ווי בריוועלעך זיך שרייבען איז ביי יונגע סטודענטען ניטא. כדי שטארק ליעב צו האבען, מוז מען שוין א גאנ־צער מענש זיין, א גרויסער טשינאווניק, א הויכער אפיצער, אדער, צום ווענינסטען, א בעריהמטער דאקטאר.

— ניין, אויף א רעכטען אמת, ניט קיין „גימנאזיסטקעס־ליעבע" נור אנ'אמת'ע פארטיגע ליעבע, וואס קאן צו טהאטען ברענגען, איז

ביי יונגע גימנאזיסטען אויך דא, און עס טרעפט זיך ביי יונגע גימנא־זיסטקעס אויך, —האט ראחעל געזאגט, צושאקלענדיג מיט איהר קאפ.

— זעהסט דאך, אז מיט איהר וועסט דו גארנישט מאכען, ווייבערשע לאניק, — האט זיך דאוויד אבגערופען מיט פערעכטונג אויף ראחעל.

באלד איז דער פאטער אריינגעקומען צולויפען, אויף גיך זיך די הענד אבגעוואשען, גענומען היים וואסער פון אייזערנע אראב, אריינגעגאסען אין דעם שעפעל וואס איז דארט געשטאנען אויף דעם באנק נעבען דער מיידעל. און האט מיט דער האנד געוואונקען צו דאוויד'ן: אנו, קום נור אהער, דאוויד, קום אהער.

דאוויד האט זיך געאמפערט:

— ניט איצט. פאטער, שפעטער, פאר'ן שלאפען לעגען, איך וועל זיך אליין.

— ניין, פאר'ן עסען — קום אהער, קום אהער, פאר מישא'ן האסט דו זיך ניט וואס צו שעמען; די מוטער טהוט איהם אויך דאס־זעלבע, אז ניט — איז שלעכט, זעהר שלעכט. — ריידענדיג דאס, איז ער צוגעגאנגען צו דאוויד'ן, האט איהם גענומען ביי דער האנד און צום שעפעל מיט'ן ווארימען וואסער צוגעפיהרט.

דאוויד איז אהין געגאנגען צום שעפעל מיט א קינדיש שמייכעלע, גלייך ווי ער וואלט דעם פאטער דאס געלעכטערעל, וואס ער מאכט זיך, פערגונען און האט געוואונקען צו מישא'ן.

— ווי א קינד איז ער, ער לאזט זיך ניט דעם קאפ וואשען, — האט ראחעל געלאכט.

— און דו שווייג, דאס ריידען שאדט צו א געוואשענעם קאפ, — האט דער פאטער אהין געזאגט צו איהר.

באלד איז דאוויד'ס קאפ אין שעפעל געלעגען און דער פאטער האט איהם מיט זייף איינגעריבען, ריידענדיג מיט מישא'ן:

— נו. וואס, שוין ערהאלטען אנ'ענטפער פון אוניווערסיטעט? —

— נאך נישט.

— און וואו אהין פאהרסט דו? ·

— נאך ניט בעוואוסט. און דאוויד?

— איך וועל גאר ניט פאהרען אין אוניווערסיטעט, — האט דאוויד ארויסגעשריען פון שעפעל ארויס און, ארויסנעהמענדיג דעם

קאפ מיט די זייף פון דעם שעפעל ארויס, האט ער געזאגט, ניט קאָ־געגדיג עפענען די אויגען איבער די זייף, — אזעלכע קרעפטען ווי מיר דארפען זיך ניט אוועקזעצען אין אוניווערסיטעט, ווען דאס גאנצע פאלק וואכט אויף. — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

— שוין גוט, שוין גוט, — האט דער פאטער געזאגט, — אבער די גאנצע זייף איז אויף דער פאדלאגע, שמעק נור דעם קאפ אין שע־פעל — און ער האט איהם אנגעהויבען דעם קאפ אויפ'ס נייע צו זייפען.

אויף מישא'ן האבען די ווערטער געמאכט אן איינדרוק. ער געהט ארום און קלעהרט וועגען אוניווערסיטעט, וועגען מערי'ן. נור אן די רעוואלוציע, פון וועלכער מען האט שוין איבעראל גערעדט, אן די סאציאליסטישע בראשורען, וואס מען האט איבעראל געלעזען, און אן דעם, וואס גאנץ רוסלאנד האט געדענקט און געהאפט — אן די פריי־הייט — אן דעם האט ער גאר פערגעסען. ער האט זיך פערשעמט און, ווי שטענדיג ביי אזעלכע צופעלען, איז ער בייז געווארען אויף זיך.

— איך בין א נאריש אינגעל, א אינגעל, א אינגעל. און א עגאאיסט בין איך — א מיאוס'ער עגאאיסט. בעת גאנץ רוסלאנד קלערט וועגען פרייהייט, טראכט איך וועגען זיך און מערי'ן. אח, ווי נאריש איז דאס. ניט פאהרען אין אוניווערסיטעט, אריינוואַרפען זיך אין דער בעוועגונג — אויף ארבייט, אויף ארבייט.

אבער וואס? וואסערע ארבייט? מען דארף זעהן, מען דארף זעהן, וואס עס איז דא צו טהאן און אריינוואַרפען זיך דערינען, אריינ־וואַרפען זיך מיט'ן גאנצען לעבען, — האט ער אין איין מינוט בי זיך אבגעמאכט.

ער איז איצט. אין דער מינוט, גרייט געווען זיין לעבען אוועקצר־געבען פאר א זאך, וואס ער וואלט געווען איבערצייגט, אז זי וועט נוצען ברענגען.

אין דעם איז אריינגעקומען א יונגער־מאן, א דארער און א הויי־כער, זעהר אנשטענדיג אנגעטהאן. ער האט אויסגעזעהען, ווי א רייי־זענדער.

נור איידער דער יונגער מאן האט נאך צייט געהאט „גוט נאָווענר“

— נייז, נייז, יונגער מאַן, דאָס איז ניט פאַר מיר. מיר זיינען צו־אַלט דערצו. וואָס מיר דאַרפען, איז אט וואָס: מילך, מילך, וואָס מעהר מילך. די קינדער זיינען קראַנק, די מאַמעס האָבען סוכאָטע, גיט אונז מילך, אַ סך מילך. נייז, נייז, מיט ליטעראַטור וועט איהר זייער הונגער ניט שטילען און אויך ניט מיט עפּיס אַנדערש. ניט פאַר אונז. אפשר די, די (ווייזט ער אויף דאַווידן מיט מישאַ'ן), זיי זיינען יונגע מענשען. זיי, וועלען זיך צו זיי.

דאַוויד, אויסווישענדיג זיך די אויגען מיט'ן האַנדטוך, האָט זיך געווענדעט צום יונגען מאַן, ווייזענדיג אויפ'ן פאָטער מיט אַ געוויסען שפּאָט:

— אַך ווי פילאַנטראָפּי, ווי ליבעראַלי! מיט זיי וועט איהר גאָר־נישט מאַכען. זיי קריכען מיט אַליין אין „ראַוו" אריין — ווייל דאָס פאָלק איז דאָרט. פאַרוואָס האָט איהר ניט געזעהען דאָס פאָלק ארויסצוגעהמען פון „ראַוו"? — ווענדעט ער זיך צום פאָטער. ניט איהר וואָלט בעדאַרפט אַהין אריינצוקריכען און ניט דאָס פאָלק וואָלט דערינען געווען. איהר זייט איהם אָבער נאָכגעקראָכען. וואָס קאַקאַיאַ פּאָליטיקאַ, — האָט ער זיך געווענדעט צום יונגען מאַן.

דער פאָטער איז געשטאַנען אין מיטען שטוב מיט אַ מינע, גלייך ווי ער וואָלט זיך געפיהלט שולדיג. אודאי, האָט דער זוהן רעכט. אודאי. וואָלט גלייכער געווען דאָס פאָלק ארויסצושלעפּען פון „ראַוו", איידער אַליין מיט אַהין אריינצוקריכען. אודאי, האָט ער רעכט, נור וואָס איז דען געווען צו טהאָן, וואָס ער האָט ניט געטהאָן?

ער איז געשטאַנען אין מיטען שטוב פערלעגען, געפיהלט זיך שול־דיג און האָט זיך מיט'ן פינגער געקראַצט דאָס האַלב גרויע בערדעל — וואָס עס האָט זיך גאַרנישט געפּאַסט צו זיין הויכער און דאַרער געשטאַלט, און האָט פאַר זיך געמורמעלט:

— אודאי. וואָלט גלייכער געווען דאָס פאָלק ארויסצושלעפּען פון „ראַוו". אודאי, אודאי. אָבער געה נור אוועק פון פענסטער, דאַוויד, ועסט זיך צוקיהלען.

— צו דעם איז דאָ אַנ'עצה, — האָט זיך אַנגערופען דער יונגער מאַן, און מען האָט געזעהען אין זיין טאָן, אַז ער האָט שוין ניט אייב־מאָל געפיהרט מיט'ן דאָקטאָר דעם זעלבען וכוח, — און דאָס איז — דער קלאַסען־קאַמפּף.

— אבער נענען ווענען קעמפפען? — האט זיך דער דאקטאר אנגערופען. איך בין דאך דארט, אין די הייזלעך יעדען טאג, די „בעלי־בתים" זיינען דאך נאך פיעל ארימער פון די ארבייטער, און די בעלי־מלאכות נעהט עס דא טויזענד מאל ערגער ווי זייערע „מענשען". נענען ווענען פיהרען עס א קאמפף? דאס זיינען דאך ניט קיין אר־בייטער און „ארבייטס־געבער"; דאס זיינען דאך איין הויפען ארימע־לייט, וואס לעבען אלע אין איין פינסטערן „ראוו" און העלפען זיך איינער דעם אנדערען מיט וואס זיי קאנען. איך בין דאך דארט יעדען טאג. איך זעה עס דאך מיט די איינענע אויגען. די בלאטע טריקענט דארט ניט אויס. ברעננט מילך פאר די קראנקע קינדער, ברעננט די זון, די זון פיהרט אריין און לאזען די שטאדטישע קאנאלען ניט דורכגעהן דורך דעם „ראוו". לופט, לופט ניט זיי... נענען ווענען ווילט איהר קעמפפען? נענען שוואכע, בלינדע ארימע־לייט? ווער איז דא דער אונטערדריקער און ווער דער אונטערדריקטער? עס איז דאך איין גרויסער „ראוו" מיט ארימע־לייט! — האט דער דאקטאר געשריען. זיינע אלטע אויסגעלאשענע אויגען האבען אנגעהויבען צו גלאנצען, זיין גאנצער וואוקס איז אויסגעגלייכט געווארען און איז געווארען ענהליך צו א יונגען־מאן.

— עטא ווסיא ראבאטשי נאראד, — האט זיך דער פרעמדער יונגער מאן אנגערופען, אב׳פסק׳ענענדיג.

דאוויד, ווישענדיג זיך נאך דעם קאפ מיט׳ן האנדטוך, האט זיך אנגערופען צום יונגען־מאן:

— מיט איהם וועסט דו גארנישט מאכען. דאס האט אין זיך א פילנאטראפישע נאטקע. מיט קיין זאך וועסט דו עס ניט קאנען פון איהם ארויסהאקען. און, ווענדענדיג זיך צום פאטער, האט ער געזאגט:

— דא האנדעלט זיך ניט אום צוויי טויזענד מענשען פון „ראוו", נור אום א קלאס, און ניט אום פילאנטראפישער וואוילטהעטינקייט, נור אום א פרינציפ. אט, ווענען וואס דא געהט.

דער פאטער איז אלץ געשטאנען ווי פריהער אין מיטען שטוב, האט זיך מיט׳ן פינגער די בארד געקראצט:

— אוראי, אוראי, נו, געה נור אוועק פון פענסטער, וועסט דיר

אהיים איז שוין מישא געגאנגען אינאיינעם מיט'ן יונגען־מאן. ער האט דעם יונגען־מאן געקענט נור פון זעהן און האט געוואוסט, אז ער איז א פרעמדער, וואס איז אהער געקומען „ארבייטען" אין דער „פארטיי". ער האט זיך אויך מיט איהם איינינע מאל געטראפען ביי דאוויד'ן, נור ביז איצט איז ער מיט איהם ניט געווען בעקאנט און האט ניט געוואוסט זיין נאמען. דער יונגער־מאן האט איהם איצט איינינעם אויסגעפערגט:

— איהר חבר'ט זיך שוין לאנג מיט דאוויד'ן?

— יא, שוין לאנג.

— יא, יא, — איהר זייט דאך ראזענצווייגן?

— יא, פון וואנען ווייסט איהר?

— איך וויים. דאוויד האט מיר געזאגט. און איהר זייט א סאציאליסט?

מישא האט געשמייכעלט:

— אזוי, האלב. — — — — — — — —

— דאס איז אמת, איך מיין: איהר געהערט צו א פארטיי?

— ניט אינגאנצען. איך בין ניט קלאר.

— אויב איהר אינטערעסירט זיך, קומט שבת אהין צו ארקאדיען. בודעט סכאדקא, — האט דער יונגער־מאן געזאגט — קומט מיט דאוויד'ן.

— גוט, האט מישא געזאגט.

— ביי אייך איז וואהרשיינליך דא, וואו עפיס צו בעהאלטען, — האט דער יונגערמאן געזאגט זעהר פערטרויענספול, מיט א שמייכעל.

— וואס מיינט איהר? — האט מישא געפרעגט ערשטוינט.

— איך מיין דאס, — האט דער יונגער־מאן געזאגט מיט א געלעכטערעל. ארויסנעהמענדיג פון הינטער דעם ראק א פעקעל — — „ליטעראטור" און איבערגענעבען מישא'ן, — ביי לייזעראוויטש'ן איז ניט זיכער. ביי אייך — פיעל מעהר. איהר וועט עס איבערגעבען דאוויד'ן. און שבת קומט, — האט דער יונגער־מאן געענדיגט און איז ערגיץ־וואו פערשוואונדען אין א ליקעל פון „ראוו".

מישא האט גענומען דאס פעקעל און איז אהיים געגאנגען דער־מיט און איז, רויט פייער, ארויף אויף די טרעפען צו זיך אין שטיבעל.

אריין צו זיך אין צימער, האט ער זיך פערשלאסען, ארויסגע־נומען דאס פעקעל — — — ליטעראטור, געהאלטען עס אין דער האנד, א מינוט ניט געוואוסט, וואס דערמיט צו טהאן. ער האט געהאט דאס געפיהל, אז ער איז אריינגעטראטען אין א גע־היימניספאלען בונד און מען האט איהם אנפערטרויט זעהר א וויכ־טיגע אויפגאבע. ער האט די מינוט פערגעסען אן מערי'ן, קאוואל־סקי'ן און אן אלעס און איז געגאנגען מיט גרוים פארזיכטיגקייט און ערנסט בעהאלטען דאס פעקעל אין טהירעל פון אייווען.

## דאס נייגטע קאפיטעל.

ביי די ברעגענס פון דניעפר איז געלעגען קאוואלסקי אויסגע־צויגען א נאקעטער. א נאסער און האט געקוקט אין דעם בלאהען ליכ־טיגען הימעל אריין. די שטראהלען האבען זיך ווי א נעץ פערשפרייט איבער'ן ברעג און געווארימט זיין קיהלען גערונצעלטען קערפער. זיינע קליידער פון העמד ביז'ן שטרויענעם הוט האט ער אויסגעוואַ־שען און זיי האבען זיך געטריקענט אויף די צווייגלעך פון די קוס־טען. דער טאג איז געווען האטש א שעהנער, רייפער זומער־טאג — דאך א ווינדיגער. די אויבערפלאך פון וואסער ווי זיין הויט זיינען גערונצעלט געווען און קאלט. דאס וואסער איז שטיל געווען און געקעסטעלט און ער איז געלעגען די הענד אונטערן קאפ און געקוקט אין הימעל אריין. ער האט זיך דערמאהנט א סצענע פון זיין קינד־הייט, ווען ער איז נאך אין דער היים געווען — און האט געלאכט און אין געדאנק זיך געפרעהט דעריבער:

... עס איז שבת אין דער פריה. א זומער טאג. די זון שיינט שוין אריין דורכ'ן פענסטער, וועלכע האט דעם ערשטען בעזוך געמאכט אין דעם שלאף־צימער, וואו ער מיט זיינע פינף ברידער האבען געשלאפען. דערינען, אין דער צווייטער שטוב, איז די מוטער שוין וואך — זי וויל אין שוהל געהן. זי נעהמט ארויס וועש פון קאמאד און לעגט פאר יעדען יונג אנידער א בעזונדער פעקעל: א העמד, א פאר גאט־קעס, א פאר שקארפעטקעס און א ציצה־כנפות. יא, א ציצה־כנפות, נור שטענדיג זיינען די ציצית געווען ניט כשר. ווארט — באלד וועקט

זיך אַ יונג אויף און קוקט אריבער צו איהם פון צווייטען בעט און ווינקט-עפּיס צו איהם. עס איז געווען זיין איינגערער ברודער משה, וואָס האָט אהיז געוואונקען צו איהם און האָט געוויזען אויף זייער, מיט אַ יאָהר עלטערען, ברודער, חיים נאָטע, וועלכען מען האָט גערופען מיט'ן צונאָמען: „נאָז" (די ברידער ביי זיי און דער היים האָבען יעדער געהאַט אַ צונאָמען). „נאָז" ליעגט איצט איינגעגראָבען דעם פּנים אין קישען און שלאָפט געשמאַק.

ער האָט גענומען אַ שטיוועל, וואָס איז געלעגען פאַר זיין בעט, און האָט געגעבען אַ לאָז אהין צום שלאָפענדיגען ברודער און האָט זיך פלינק געגעבען אַ דרעה־אוים צו דער וואנד און האָט זיך געמאַכט שלאָפען ווייטער.

איצט האָט „נאָז" אויפגעהערט צו שנאַרכען, געמאַכט אַ געוואַלד, קוקט זיך אום און קלערט, פון וועלכער בעט דער שטיוועל איז אהער געקומען צופליהען, — כדי ער זאָל איהם אהין צוריקשיקען. ער, קאָוואַלסקי, בעהאַלט דאָס פּנים טיעפער אין קישען און האָט מורא פאַר אַ קלאַפּ...

קאָוואַלסקי האָט געוואָלט ארויס מיט אַ געלעכטער, דערמאָהנענדיג זיך די סצענע, נור ער האָט פּלוצלינג פערנומען אַ שטיל רוישען צווי־שען די קוסטען. ער האָט זיך איינגעהערט — ערשט עס וואַרפט ווער אריבער צו איהם קליינע שטיינדלעך.

— ווער איז דאָרט? — רופט ער אויף פּויליש.

— הויב זיך אויף, דו פּוילזאַק איינער, — רופט איהם אַ שטים צו אויף מאַלאָראַסיש. ער האָט זי דערקענט, עס איז וואַסיל'ס טאָכטער.

— אַי, איך פערשטעה ניט וואָס דו רעדסט. אהער, דאַ אהער קום, — זאָגט ער, — טהו זיך אויס און באָד זיך אין וואַסער.

אַ פולע האַנד זאַמד איז געפאַלען אויף זיין לייב.

— חאַ־חאַ־חאַ,—האָט אָבגעקלונגען אַ פריש געזונד לאַכען ארום איהם. ער האָט זיך איצט אומגעקוקט און האָט זיך געזעהען ארומ־גערינגעלט פון אַ גאַנצער באַנדע פּויערשע מיידלעך, וועלכע האָבען זיך דערנעהענט צו איהם מיט שטרויענע שטריק אין די הענר.

— בינדען איהם, — האָט איינע געשריען.

— שלעפּען איהם אין טעלד אריין.

— אין פוהר היי איהם בעהאלטען.

און עס זיינען איהם בעפאלען מיידלעך און עס האט איהם בענאסען א געזונד, יונג לאכען.

פערשעמט פון אזוי פיעל מיידלעך, האט ער געפרובט צו כאפען דאס העמד אויף זיך. די מיידלעך האבען עס איהם ארויסגעריסען און איינע האט שוין געוואלט איהם די הענד פערבינדען.

ער האט זיך אנגעהויבען צו וועהרען, אבער ער האט געזעהען, עס איז אומזיסט, — האט ער זיך געלאזט די הענד פערבינדען און זעהן וואס וועט זיין.

— שלעפען איהם אין היי אריין, אין היי אריין, — האבען די מיידלעך געשריען און האבען איהם געצויגען אין פעלד אריין.

דער רוקען האט איהם געברענט פון דעם רייבען אין זאמד. ער איז געווען ווי אין א חלום. ער האט ניט געוואוסט, צי זאל ער זיך פרעהען, צי זאל ער פערצווייפלען איבער זיין לאגע, און וועלכער ער געפינט זיך איצט.

נאהענט ביים ברעג איז געווען דאס פעלר היי. די מיידלעך האבען איהם אנגעהויבען צו בעווארפען מיט אבגעשניטען היי, איין קופע נאך די צווייטע, ביז מען האט איהם שוין גארנישט ארויסגעזעהען.

באלד האט ווער געשריען: דער עקאנאם געהט! און זיי האבען איהם געלאזט ליעגען און זיינען מיט א הילכיג לאכען אוועקגעלאפען צו דער ארבייט.

קאוואלסקי האט זיך קוים ארויסגעקליבען און אונטער דער קופע היי, צוריקגעקראכען אויף אלע פיער צום טייך, לייז געמאכט זיך פון די בונדען און בעזעהן די וועש, צי איז עס שוין טרוקען.

אנגעטהאן זיך, איז ער צוריק אין דארף אריין. די שיקסעס האבען איהם בעמערקט, געהענדיג אויפ'ן וועג, האבען זיי איהם נאכגעשריען און נאכגעלאכט.

ער האט צו זיי מיט דער האנד געדראהט:

— הע, ווי יובע, איהר וועט זיך שוין אויסריכטען.

נאך דריי טעג איז קאוואלסקי שוין בעקאנט געווען אין גאנצען דארף מיט אלע פויערים און פויערטעס. ער איז געווען א היימישער מענש אין דארף און די מיידלעך האבען מיט איהם שפאס געטריבען.

אריינגעקומען אין שטוב אריין, וואו ער האט געוואהנט, האט ער געטראפען די גויע, ווי תמיד, וויעגענדיג דאס קינד, וואס איז געלעגען אין א ליילעך. וועלכער איז געווען אנגעבונדען צום באלקען, און זי האט געהאלטען א רוסישען בריעף אין דער האנד, וועלכען זי האט געקראגען פון מאן. וואס האט געדיענט אין די זעלנער. קאוואלסקי האט גענומען פון איהר ברוים, פוטער, מילך און, עסענדיג, האט ער איהר דעם בריעף געלעזען: דער מאן דאנקט איהר פאר די דריי רובל, וואס זי האט איהם געשיקט, און פרעגט זיך נאך אויפ'ן שניט, און ראטה, אז מען זאל פריהצייטיג פון פעלד דאס היי אראבנעהמען, ווארום ביי זיי איז ראטע זאגט מען, אז זיי וועלען האבען „נאסע מאנעווערס“, — עס הייסט, עס וועט אין הערבסט פיעל רעגנען זיין.

די גויע האט אויסגעהערט דעם בריעף, וואס איז געווען געמישט מיט אידישע ווערטער, ווארום, זעהט זיך אויס, א איד האט איהם געשריבען און דער שרייבער האט געוואוסט, אז א איד וועט איהם לעזען; דורכדעם האט ער נים געשפארט קיין אידישע ווערטער דארט, וואו ער האט ניט געקאנט געפינען קיין רוסישע.

די גויע האט באלד אוועקגעליינט דאס קינד און האט אנגעהויבען צו דופען אין הויף דעם פאראבעק, אז ער זאל דעם וואגען איינשפאנען, און זי האט זיך באלד גענומען אויסצופיהרען דעם מאנ'ס בעפעהל, וואס איז געווען אזוי ווייט, אז דער בריעף פון איהם איז געגאנגען אכט טאג.

ער האט זיך דערמאהנט, אז ער דארף אין זיין גאדערטאב נאך עפים צו פערדיכטען, וואס האט זיך אבגעריסען ביים היי, איז ער אוועק אין דער אידישער קרעטשמע קויפען שווארצע פארעם. ביים איד האט ער געטראפען ווי דענסטמאל, די עלטערע טאכטער מיט דעם חתן דעם זעלנער, וועלכע זיינען געזעסען אין א ווינקעל און עס האט זיך געדאכט, אז זיי זיצען פון דענסטמאל אן נאך און עסען ארויס פון דעם איינענעם טעלער.

דער איד האט זיך ארומגעדרעהט פערזארגט, אויסגעקוקט, אז א סוחר זאל אדורכפאהרען און מ'זאל עפים קאנען פערדיענען, האט זיך די הענד געבראכען און געברומט פאר זיך:

— דער חתן, אוי, דער חתן! דער עסט מיך אויף מיט די קאפאטעס.

אין דעם האט קאוואלסקי געזעהען א פוהר דורכפאהרען.

עס איז געפאהרען אנטאן אין שטאדט אריין מיט זיינע צוויי עלטערע יונגען. קאוואלסקי איז שוין מיט זיי געווען בעקאנט, האט ער זיך מיט זיי בעגריסט און מיט א פולען קאפ היי, וואס ער האט נאך געהאט פון פעלד, און מיט אונארדנונג אין זיין גארדעראב, צו וועלכען ער האט זיך איצט גענומען, האט ער זיך אין שטאדט נעךלאזט.

זיצענדיג אויף דער פוהר מיט דעם פויערשען קאפעלוש און די געוואשענע הויזען. וועלכע זיינען שטייף געווארען פון דער זון, מיט זיין ניט־ראזירטעם געזיכט, וועלכעם האט אויסגעזעהען ווי שמוציג, האט ער די ערשטע אין שטעדטעל בעגעגענט מערי'ן, וועלכע האט מיט איהרע א חבר'טע שפאצירט. זי איז געווען אנגעטהאן אין אנ'איינפאך, אבער אין א זעהר געשיקט רייזע־קליידער. דאס עקזאטישע וואס ער האט בעמערקט אין איהר ביים ערשטען בעקענען, איז אינגאנצען פון איהר פערשוואונדען געווען. זי איז געווען אנגעטהאן בירגערליך, איינפאך און האט זיך געהאלטען מיט דעם גוטען בענעהמען, וואס מען האט פאר „דער גאס". די ווייבער אויף די שוועלען פאר די גע־וועלבער האבען איהר נאכגעקוקט מיט קנאה — די רייכסטע און אנגעזעהנסטע כלה פון שטאדט, וועלכע קומט ארויס פון שעהנסטען הויז. און אין מערי'ס האלטען איז געווען, ווי זי וואלט געווען גע־וואוסט פון דעם, וואס די ווייבער טראכטען.

זי האט איהם פריהער בעמערקט ווי ער זי, און זי האט צו איהם אפער געקוקט פון אונטער איהר קאפעלוש, האט אויף איהם א דורכדרינגליכען בליק געווארפען און פריינדליך געגריסט. אויף איהרע ליפען האט זיך בעוויזען יענער שמייכעל, וואס איז נור געווען אייגען מערי'ן, און אין דעם שמייכעלע האט זי אויפגעעפענט דאס טיעפע געהיימנים פון איהר הארץ און יענעם, ווען זי האט בעשאנקען מיט דעם שמייכעל, האט זי מיטגעצויגען אין איהר געהיימנים אריין.

קאוואלסקי איז רויט געווארען און האט פערלעגען — וואס איז גאר ניט געווען אין זיין כאראקטער — דעם קאפעלוש אראבגע־נומען.

---

# דאס צעהנטע קאפיטעל.

די פוהר איז ווייטער געפאהרען. מערי מיט דער חבר'טע זיינען פערשוואונדען. איהם האט ארומגענומען א שאם־געפיהל ניט בלויז פאר זיין אנטהועכטס, נור אויך פאר זיך זעלבסט. ער האט זיך גע־פיהלט וואכענדיג מיט זיין פויערישען קאפעלוש און מיט זיינע גע־וואשענע הויזען. דער פויער מיט די צוויי זיהן זיינען איהם פער־מאוס'ט געווארען און ער האט געהאט דאס בעדערפניש, ווי אם־שנעלסטען זיך איבערצוטהאן, אויסצופוצען זיך אין שווארצען און צו געהן אין א פיינע געזעלשאפט אריין.

ער איז אראב פון וואגען און האט זיך דערמאהנט אן זיין קאסטום — ווי ווייזט מען זיך אזוי פאר א מענשען אין די אויגען?

איידער ער איז אויפ'ן דארף געגאנגען, האט ער געלאזט זיינע זאכען אין הויז פון מישא'ס עלטערען. ער האט געוואלט אהין געהן, זיך איבערטהאן, האט ער זיך אבער געשעמט צו ערשיינען פאר זיי אין אזא הלוך.

לאנג האט ער זיך געשלאגען אין דער דעה — צוריקצופאהרען אין דארף אריין, אדער איבערבלייבען אין שטאדט. דאס דארף אבער און די פויערטע, ביי וועלכער ער האט געוואהנט, און די גאנצע פויערשע אומגעבונג, האט זיך איהם איצט אויסגעוויזען אזוי וואַ־כענדיג, אזוי ברודיג, און דער פערלאנג צו ווייזען זיך פאר מענשען און מענשען צו זעהן איז ביי איהם אזוי געשטיגען, אז ער האט ביי זיך דאס אבגעמאכט אהין צו געהן, צו לייזער ראזענצווייג, מישא'ס פאטער, אזוי ווי ער איז.

אין דער שטוב האט ער געטראפען די מאדאם ראזענצווייג, וועלכע האט איהם ניט דערקענט, געקוקט ערשטוינט און געפרעגט, וואס ער וויל. קאוואלסקי אבער מיט זיין לייכטינקייט אין ריידען האט באלד אין איין מינוט אלץ צורעכט געמאכט.

— זי דערקענען מיך ניט? — כ'האב עס באלד געוואוסט, אז מענשען וועלען מיך ניט דערקענען, אבער זי וועלען מיר ענטשולדיגען מיין קאסטום, — איך בין צו־לאנג אין דארף געזעסען. ביי אונזער ארבייט קריכען מיר צומאל אין פערשיעדענע זומפען, „די וואלקענס באפען", — האט ער זיך אויסגעדריקט אין דעם מאלערישען זשארגאן.

די מאדאם ראזענצווייג האט איהם איצט דערקענט.

— אה, פאן קאוואלסקי, — האט זי געזאגט מיט א ליעב גע־לעכטערל, — איך האב אייך ווירקליך נים דערקענט, ענטשולדיגט. מיין זוהן האט מיר דאן געזאגט, אז איהר זייט אויפ'ן דארף געבלי־בען און מיר האבען געווארט אויף אייך מיט מיטאג. איך האב גע־מיינט...

קאוואלסקי האט זיך פערבויגען און געמאכט א זשעסט, ווי ער וואלט איין א סאלאן געווען.

— דאס מוזען זיי שוין ענטשולדיגען. מיר, מאלער, זיינען אונטערגעווארפען יעדער לוינע פון וואלקען און יעדער לוינע פון זיך זעלבסט. פאר א שעהנעם זונען־פלעק ועלען מיר אלץ אוועקגעבען. עס האט זיך זעהר געוואלט אין דארף פערבלייבען.

— נו, געפעלט אייך אונזער לאנדשאפט, די ברעגעס פון דניעפר?

— הערליך! איך רעכען דא דעם גאנצען הערבסט צו פערבליי־בען. אין הערבסט, ווען די אלע בלעטער וועלען רויט ווערען, מוז עס זיין צום ענטציקען, — האט קאוואלסקי גערעדט אין אזא פיינעם טאן, און אזוי עלעגאנט זיך פערבויגען, אז ער האט פערגעסען אן זיין קאסטום.

די דאמע, זעהט אויס, האט זיך אויך פערגעסען אן דעם הלוך, אין וועלכען קאוואלסקי געפינט זיך. איהר איז זעהר געפעלען געווא־רען זיין ארט ריידען און האלטען זיך. זי האט זיך גערעכענט פאר א אינטעליגענטין און עס האט איהר זעהר אימפאנירט א קינסטלער, האט זי רעכט גענומען זיין הלוך, וואס דאס געהערט דאך איי־גענטליך צו די קינסטלערישע בעשעפטיגונגען.

זי האט פלוצלינג אנגעהויבען צו ריידען דייטש:

— זי ווארען אין אקאדעמיע, וואהרשיינליך אין פעטערסבורג?

ניין, איך בין געוועזן אין קראקוי, — האט קאוואלסקי זיך אנגע־רופען זעהר העפליך אויך אין א שלעכט דייטש, וועלענדיג צוליעב טהאן דער דאמע.

— איך האב אויך א קוזין א מאלער, — האט די דאמע געזאגט גרויסארטיג און האט געקלונגען צו דער דיענסט, אז זי זאל טהיי דערלאנגען.

— אבער די אַקאַדעמיע גיט ניט פיעל. יעדענפאַלס ניט דאָס אַקאַדעמישע. זי איז פול מיט שלעכטע קאָפּיעס פון די אַנטיקען. אַנשטאָט צו געבען דעם נייעם פרישען גייסט, וואָס קומט אריין, אַ פענסעל און לייוועגט און איהם ארויסצושיקען אין פעלד אריין: זעה און מאָל — שטעלט מען פאר איהם אַנידער אַ שלעכטע קאָפּיע פון אַ גריכישער אַנטיקע און מען זאָגט איהם: צייכען נאָך! צו וואָס טויטע זאַכען ווען די וועלט איז אַזוי שעהן?

די דאַמע איז ניט געווען איינפערשטאַנען מיט קאַוואַלסקי'ן. די אַקאַדעמיע גיט רוטינע און צאַמט דעם וואַהרלאָזען און ווילדען גייסט, נאָר איהר איז דאָס געשפרעך זעהר געפעלען געוועזן, ווייל עס איז געווען אינטעליגענטיש און זי האָט דערביי געקאָנט ארויסווייזען איהר גרויס־שטעדטינקייט, איהר דייטש־שפּרעכען, דערפאר איז איהר קאַוואַלסקי אויך זעהר געפעלען געוואָרען.

קאַוואַלסקי האָט עס געפיהלט, און ער האָט ווייטער גערעדט איי זעהר אַ גוטע לוינע און געשפּיעלט דעם אינטעליגענט אין דער פּוי־ערישער קליידונג.

באַלד איז אריינגעקומען סאָניע. זי האָט אויך האַלב אין דעמער־רונג ניט דערקענט קאַוואַלסקי'ן. קאַוואַלסקי האָט זיך פערבויגען און זיך געווענדעט צו איהר:

— דאָס פרײלין דערקענט מיך ניט. איך ווייס. אין מיין קאָסטום, נאָך אין מיין קאַפּעלוש מוז איך אויסזעהן ווי אַ סטראַשידלע, וואָס מען שטעלט אוועק אין פעלד די פויגעל צו פערטרייבען.

די מוטער האָט ווידער געלאַכט:

— דאָך פאַר אַ סטראַשידלע זייט איהר צרברייט, — און, ווענ־דענדיג זיך צו דער טאָכטער, זאָגט זי אויף קאַוואַלסקי'ן:

— פיליכט וועט דער פאַן קאַוואַלסקי מיט אונז מיטנעהן צום פעטער? עס איז מיין מאַנ'ס אַ ברודער, עס איז דאָרט היינט אַ טהיי־אבענד.

— פאַז סאַוואַלסקי קען דאָך מערי'ן, זי איז דאָך מיט אונז איינ־איינעם אין דאָרף געווען.

— אה. האָט סאַוואַלסקי אויסגערופען אַ ביסעל צומישט, — ווען זי וועלען מיך מיטנעהמען, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, האָטש איך ווייס ניט, — האָט ער אָבגעהאַקט דעם זאַץ, — אָבער דאָך אַזוי, אין

מיין הלוף. יערענפאלס, יא צום טהיי אבענד אדער ניט צום טהיר אבענד מוז איך מיין פויער פון מיר אראבוואַרפען, מענשען שרעקען זיך פאר מיר.

— אויבען ביי מיין זוהן, זי האבען דאך דארט אויבען איהרע זאכען. מיין זוהן איז, דאכט זיך, אין דער היים.

קאוואלסקי האט זיך העפליך פערנויגט.

— מישא, מישא, פאן קאוואלסקי איז דא, — האט די מוטער צו איהם ארויפגערופען.

מישא איז געזעסען און געלערענט עטוואס. ער האט פריינדליך עמפפאנגען קאוואלסקי'ס ליעבליך לעכעלן.

— איהר וועט דאך מיר ערלויבען איבערצוטהאן זיך אין אייער צימער?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, — און מישא האט איהם שטיל־שוויינענד, נור מיט א פריינדליך לעכעלן בעדיענט, זייף איהם דער־לאנגט און וואסער אבגעגאסען פאר איהם. קאוואלסקי האט פריינדליך און קאמעראדיש גערעדט צו איהם.

— איהר האט א פארטרעפליכע מוטער, א אינטעליגענטע פרוי. גאנץ זעלטען, גאנץ זעלטען אין אידישע רייכע הייזער.

אין א פערטעל שעה ארום איז קאוואלסקי ערשיענען אין עס־צימער אויסגעפראכטעוועט אין א שווארצען אנצוג. א גרויסער רובין, קינסטליך אין אלט־גאלד איינגעפאסט, האט ארויסגעשימערט פון זיין ברייטער טערקישער קינסטלער־קראוואט. זיין נארוואס שווארץ בעוואקסען בערדעל, וואס האט אזוי ברודיג געמאכט זיין געזיכט, האט א מענליך אויסזעהן צוגעגעבען. זיינע אויגען זיינען איצט קלאר געווען און גרויס. זיין געזיכט האט אנגענומען זיין נאטירלי־כען קאליר. עס איז געווען א קרעפטיגער מאנספערשוין פון איינינע און צוואנציג יאהר. זיין יוגענדליכע ענערגיע האט איהם פון די אויגען, פון זיין פליישיגען נאז, פון זיינע ליפען ארויסגעשפראצט.

מאדאם ראזענצווייג האט איהם ניט דערקענט, זיין אויסערליכעס האט אויך געמאכט אויף איהר אנ'איינדרוק און זי האט גענומען איהר דייטש מיט א טאן העכער.

אז זיי זיינען שוין געווען אין קארידאר אויף דעם וועג צו מערי'ן, האט די מוטער ארויפגערופען צו מישא'ן אין שטוב:

— מישא, מישא, מיר זיינען פארטיג.

מישא האט ניט גענטפערט.

— וואס איז מיט איהם? — זאגט די מוטער אונרוהיג, — סאניע, זיי אזוי פריינדליך און געה ארויף נאך איהם. ער איז פערטיעפט אין לערנען און הערט אונז ניט. דאס קינד ארבייט צופיעל, — האט זי זיך געווענדעט צו קאוואלסקי'ן.

סאניע איז ארויף צו מישא'ן און באלד אראבגעקומען:

— מישא געהט ניט.

— פארוואס, מישא?

מישא האט זיך געוויזען אויף דער אויבערשטער טרעפ.

— מאמא. איך בין זעהר פערנומען, איך קאן ניט מיטגעהן.

— ווטסט דו אהין קומען?

— פילייכט, אדיעו!

— פערגעס עס ניט, מערי וועט זיך זעהר בייזערן, — האט די מוטער געזאגט און א קליין שטיל לעכעלן האט געשוועבט איבער איהרע ליפען.

מישא איז רויט געווארען און איז אריין צו זיך צוריק אין צימער.

---

# דאס עלפטע קאפיטעל.

ביי מערי'ן איז היינט געווען אנ'אבשיידס־אבענד צו עהרען פון איהר חבר'טע, דאס פריילין קעניג, וועלכעס איז געפאהרען קיין אויסלאנד שטודירען. צו דעם צוועק איז געקומען א גרעסערע גע־זעלשאפט פון מיידלעך, ערשט געענדיגטע גימנאזיסטקעס, חבר'טעס פון מערי'ז. אדער פון פריילין קעניג. אויסער די מיידלעך זיינען אויך געקומען די עלטערען אדער זייערע עלטערע שוועסטער און איינינע לעהרערינס פון דער פריוואטער אידישער מעדכען־שוהל, וואס איז געווען אין שטאדט, מיט דער פערוואלטערין מאד־מואזעל מייזעל אין דער שפיץ.

קאוואלסקי האט נאך געהערט אין קארידאר דאס פרעהליכע לא־כען פון די מיידלעך און דעם רעש פון זייערע וייסע, געוואשענע

אונטער קליידלעך. ער איז אריינגעקומען אין גרויסען עס־צימער, אין וועלכען עס איז געזעסען א גרעסערע געזעלשאפט און טהיי געטרונקען. זייז געזיכט און זיינע בעוועגונגען האבען אנגענומען א שעמעוודיגען צוריקהאלטענדיגען אויסדרוק, וואס איז איהם אייגען געוועזען ביי דעם אנבליק פון א גרעסערער אונבעקאנטער געזעלשאפט. ווען די מאדאם ראזענצווייג האט איהם אלעמען פארגעשטעלט „פאן קאוואלסקי", האט זיין בליק אויסגעדריקט פערלעגענהייט און דאס איז ביי איהם נאטירליך געוועזען.

עס זיינען געווארען געריכטעט אויף איהם אונשולדיגע, נייע־גיריגע בליקען פון די מיידלעך און דאס האט ארויסגערופען ביי איהם רויטע. שעמעוודיגע פלעקען אויפ'ן געזיכט. א פאר מינוט איז ער געשטאנען פערלעגען, גענויגט דעם קאפ צו די דאמען, געווארט עלעגאנטיש, ביז מען וועט איהם צוערשט די האנד דערלאנגען. באלד אבער האט ער געפונען זיין טאן, א פריי קינסטלערישעם האלטען, אזוי ווי ער איז געוועהנט געוועזען בעת די עמפאנגס־אבענדען ביי זיינע מעצענאטען.

מערי האט פערווירט געקוקט אויף קאוואלסקי'ן. זי האט זיך אין ערשטען אויגענבליק ניט געלאזט גלויבען, אז דאס איז ער. איהר איז געווען עפיס, ווי א וואונדער וואלט געשעהען — פון וואנען האט ער זיך דא גענומען? ווי אזוי איז ער אהער געקומען? נור דאך איז איהר זיין געזיכט, זיין איצטיגעם אויסזעהן און האלטען אזוי גוט בעקאנט געווען, גלייך ווי זי וואלט איהם שטענדיג אזוי געזעהן. זי האט געוואוסט, אז קאוואלסקי מוז אזוי אויסזעהן.

ער האט זיך פערבויגען פאר דער געזעלשאפט און מאדמואזעל מייזעל, אנ'עלטערעס פריילין, מיט שעהנע גרויע האהר האט איהם ווי פאר אלע די האנד אויסגעשטרעקט. קאוואלסקי האט מיט זיין פוילישער מאנער לייכט אנגענריפען די האנד און זיך פערבויגען פאר איהר; געשלאגען זיך אין דער דעה, צי זאל ער איהר, נאך דעם פוילישען מנהג, יא קושען די האנד, צי ניט. די געזעלשאפט האט עס בעמערקט און דאס האט געמאכט א גוטען איינדרוק. מערי האט איהם צוגעפיהרט אהן ווערטער צום פאטער, וועלכער איז געזעסען אין א ווינקעל שטוב ביי א קלענערען טיש מיט אייניגע חשוב'ע הערען, מיט דעם באנקיר קעניג, דאקטאר גאלדמאן און זיין ברודער. זיי

האבען טהיי נעטרונקען און עטוואס געשמועסט. מערי האט איהם פארגעשטעלט דעם פאטער, די הערדען און האט איהם איבערגע־לאזט דארט ביי דער געזעלשאפט פון די עלטערע. אליין איז זי צוריק אוועק צו דער געזעלשאפט פון די דאמען מיט די מיידלעך, און האט ווייטער אנגעהויבען מיט זיי צו פיהרען דאס אבגעבראכענע געשפרעך, וועלכעס האט זיך געדרעהט אום די שטעדט אין דער שווייץ, וואו די אידיש־רוסישע סטודענטען שטודירען. דאס הויפט־ווארט האט געפיהרט א עלטערע פריילין, זעהר א מיאוס'ע, וואס איז נים לאנג געהאט צוריקגעקומען פון אויסלאנד, און האט מיטגעבראכט דעם טיטול דאקטאר פילאזאפיע.

מערי האט פון צייט צו צייט אהין געווארפען א בליק, וואו קאַ־וואלסקי איז געזעסען מיט איהר פאטער, און אויף איהרע ליפען האט געשפיעלט א לייכטער טריאומפירענדער שמייכעל. איהר האט גרוים הנאה געטהאן דער איינפאל אהינצופיהרען קאוואלסקי'ן צו דער גע־זעלשאפט פון די עלטערע הערדען און איהם דארט איבערצולאזען, נים אינאיינעם מיט איהרע חבר'טעס און די לעהרער. און מיט א בעזונדער פערגניגען האט זי בעאבאכטעט איהרע חבר'טעס, וועלכע האבען שטיל, בגנבה אהין געווארפען בליקען צו קאוואלסקי'ן, ווי עס וואלט זיי פערדראסען, וואס מען האט פון זיי אוועקגענומען אזא אינטערעסאנטען יונגען־מאן און, אז זי האט געזעהן, אז קאוואלסקי איז שוין אריין מיט די הערדען אין א בעליעבט געשפרעך, האט זיך אין איהר שטים געהערט א פערשטיקטע בעהאלטענע פרייד, און זי איז פלוצלינג אונגעהויער גוט געווארען צו דער מוטער, וועלכע איז פער־שעמט, מיט א ביסעל מורא געזעסען אין א ווינקעל, צוגעקוקט זיך צו די געסט און האט גוטהערציג, אידישליך צוגעשמייכעלט. די מוטער האט פאר די מיידלעך צוגערוקט אויבסט און קאנפעקטען און האט זיי מיט א פערשעמטער גוטווויליגקייט איינגעלאדען צו געניסען, מיט דעם אידישען טאן, ווי מען פערבעט אויף א אידישער חתונה:

— פערזוכען זי, עס איז גוט. — פארוואס געניסען זי גים עט־וואס?

מערי האט די מוטער ארומגענומען, געקושט זי אין האנד (וואס זי פלעגט נים אפט טהאן) און צוגעפיהרט זי צו דער מאדמואזעל מייזעל און האט צו איהר געזאגט אויף רוסיש:

— מאדמואזעל, מאמא לאזט מיך ניט פאהרען קיין פעטערבורג, ריידען זי מיט איהר. בערוהיגען זי מאמא, אז עס איז ניט קיין גע־פאהר. מאמא האט אזוי מורא! — האט זי געזאגט, קושענדיג די מוטער אין האנד.

די אידענע, ניט געוועהנט פון דארף צו אזוי פיעל געסט, איז געשטאנען איצט. ווען דער גאנצער עולם האט געקוקט אויף איהר, פערווירט. זי האט נור גוטהערציג געשמייכעלט, און טרעהרען האָ־בען זיך איהר געוויזען אין די אויגען אויף איהר קינד'ס חכמה און בעלערענטקייט. האט זי די טאכטער געקושט אין קאפ און האט געזאגט צו מאדמואזעל מייזעל, ווייזענדיג אויף דער טאכטער:

— עס האט אונז פיעל אבגעקאסט, פיעל זיינען מיר אויסגעשטאַ־נען ביז מען האט דאס ערצויגען. זי איז געבילדעט, איז אין גימנאזיום געוועז.

מאדמואזעל מייזעל האט אנגעהויבען מיט דער מוטער צו ריידען דייטש אין א פראקטיקאַנעלען טאן:

— זי האבען ניט וואס צו פירכטען, היינטיגע וועלט איזט אזוי — א מערבען. די פרוי פון היינט, איז ניכט ווי אמאל — מוז זעלב־שטענדיג ווערדען.

די מוטער איז געזעסען און האט גוטמוטהיג מיט'ן קאפ צוגע־שאקעלט. אזוי, אזוי, — ווי זי וואלט זיך לערנען געלאזט, און אויס־געהארכט, און צוגעזאגט אלץ צו טהאן, וואס מען הייסט איהר.

מערי האט דערווייל דאס אויג ניט אראבגענומען פון קאוואל־סקי'ן. זי האט געזעהען ווי ער האט זיך אין דער געזעלשאפט ביי די עלטערע הערען באלד געפונען אין דער היים. דער אלטער באנ־קיר סעניג. האט זיך ארויסגעוויזען, איז א פוילישער, און האט זיך זעהר דערפרעהט איבער די געלעגענהייט, וואס ער קאן מיט קאוואל־סקי'ן פויליש ריידען. אויף די איבעריגע האט דאס פויליש־ריידען פון די צוויי. וואס יענע האבען ניט פערשטאנען, ווי יעדע אונ־פערשטענדליכע שפראך, געמאכט אנ'איינדרוק. דער דאקטאר גאלדמאן האט זיך אנגערופען: זיי וועלען אונז דא פערקויפען; דערנאך איז איבערגענאנגען דאס געשפרעך אויף אויסלאנד. ר' חיים ראזענצווייג, וועלכער איז יעדעס יאהר געפאהרען אין באד, האט אויסגעפרעגט קאוואלסקי'ן אויף בערלין, וויען, און ער האט גערעדט וועגען דער

פרידריך־שטראסע, און דעם רינג, און פון די טהעאטערס, וואס זיי־נען דארט. און דאס געשפרעך האט אזוי גאר אנגעריהרט ביז צו די מוזעאומס, און ר' חיים האט געוואוסט, אז עס איז געווען א ראפאעל און א רעמבראנדט. און האט געזעהען זיי אין אויסלאנד, ווען ער איז געפאהרען אין די בעדער.

אין א פאר מינוט ארום האט שוין קאוואלסקי געהאט אין מויל א גראב סיגאר, ווי די אנדערע העררען, און האט אינאיינעם מיט זיי ארויסגעלאזט גערדיכטע וואלקענס רויך.

מערי האט דאס אלץ בעמערקט און איהר איז אונגעהויער גוט געווען. זי האט מיט שטאלץ דארט אהין געקוקט, וואו קאוואלסקי זיצט און אונטערהאלט זיך מיט די אנגעזעהענע העררען. באלד האט זיך די געזעלשאפט צוטיילט: די עלטערע דאמען האבען זיך צו־זאמענגענומען ארום דער מאדאם ראזענצווייג, מישא'ס מוטער, און מען האט אנגעהויבען צו ריידען וועגען די לעצטע געשעהענישען אין שטאדט. מערי האט ארייגעפיהרט איהרע חבר'טעס מיט די אייניגע לעהרערינס אין סאלאן אריין און אין דער שפיץ דאס פריילין מייזעל, וועלכעס האט זיך געפיהלט נאר היימיש צווישען די מיידלעך.

מערי האט זיי דערוויילעט אריינגעווארפען אין א געשפרעך וועגען דער גלייכבערעכטיגונג, וועלכע איז געווען אין יענער צייט פון די ברענענדע פראגען. עס האט זיך באלד אנגעהויבען א היציגע דעבאטע. אליין האט זי זיי אבער געלאזט שטעהן און איז אריין צו די העררען. די עלטערע הערען האבען זיך פונקט געהאט אויפגעהויבען און גע־וואלט ארייננגעהן צו ר' חיים'ן אין קאבינעט אויף א קערטעל און גע־וואלט דוקא מיטשלעפען קאוואלסקי'ן מיט זיך. דער אלטער באנקיר האט איהם אויסגעלייזט און געזאגט מיט א שמייכעל:

— לאזט איהם צו־רוהה! איהם ווילט זיך אודאי צו די מיידלעך. נא האט איהר, אט קומען זיי שוין אליין נאך איהם, — האט ער אויס־געלאזט, בעמערקענדיג מערי'ן.

מערי איז רויט געווארען ביי די לעצטע ווערטער פון באנקיר, האט זיך אבער געמאכט ניט הערענדיג און, פערביינגעהענדיג, עפיס געזוכט.

באלד האט זי געטראפען קאוואלסקי'ן אליין, זי איז צוגעגאנגען צו איהם גאנץ נאהנט, אזוי אז קאוואלסקי האט געפיהלט איהר

אטעם: זי האט דעם קאפ געהאלטען צו דר'ערד אראבגעבויגען און האט געזאגט, ווי מען רעדט צו א גאהנטען:

— וואס מאכט אייער אויג? טהוט נאך וועה?

— אך, שוין לאנג אוועק. איך ריכט זיך שוין אויף נאך איינס.— האט ער געענטפערט מיט א שמייכעל.

דערויף האט מערי געזאגט גאנץ שטיל, ווי זי וואלט איהם א אינ־טימען סוד געוואלט פערטרויען:

— איך האב געוואוסט אז איהר וועט קומען.

קאוואלסקי האט געשמייכעלט, אויפגעעפענט דאס מויל און די אויגען און געזאגט גלאט אזוי, אבי עפּיס צו זאגען:

— פון וואנען האט איהר דאס געוואוסט?

מערי האט איהם נור אנגעקוקט און געזעהן זיין גאנצע אונבע־האלפענקייט. זיין געזיכט האט אנגענומען א מינע פון א קליין קינד, וועלכעס קומט אין פערווירונג. און איהר איז גוט געווען. זי האט געוואלט, אז ער זאל קוקען אויף איהר אזוי מיט זיינע גרויסע אויגען און אויפגעעפענט מויל און זאל ניט קאנען קיין ווארט ארויסברענגען.

און קאוואלסקי איז טאקי געשטאנען, האט געזוכט עפּיס אורדענט־ליכעס ארויסצוברענגען, נור זיין גאנצער וויץ איז פון איהם פער־שוואונדען געווארען. ער האט זיך געפונען אונבעהאלפען און האט אלץ אינאיינעם געשטאמעלט:

— ניין, פון וואנען האט איהר דאס געוואוסט?

און מערי האט איהם אלץ אנגעקוקט און אין איהר געזיכט איז געלעגען א אונגעהויערע ליעבע צו זיין נארישער מינע און צו זיין קינדישער אונבעהאלפענקיים.

זי האט געוואלט, אז ער זאל אזוי שטעהן און קוקען אויף איהר און זאל ריידען סאמע נארישקייטען.

נור באלד האט קאוואלסקי'ן ארומגענומען א כעס אויף זיך אליין, אויף איהר און ער האט געזאגט גראב אויף פּויליש:

— אח, ווי נאריש דאס איז!—און זיין געזיכט איז שטרענג געווא־רען.

מערי'ס געזיכט האט א צוק געגעבען און איהרע ליפּען האבען זיך מאדנע פערקרימט ווי צום וויינען און זי האט געווארפען אויף איהם א בליק, ווי א בליץ פון אונטער איהרע געדיכטע שווארצע ברעמען.

נאָך דעם איז זי אַנטשווינען געוואָרען און האָט דעם קאָפּ צו דר'ערד געבויגען.

קאַוואַלסקי האָט זי אָנגעקוקט מיט רחמנות און ער האָט שוין חרטה געהאַט אויף זיינע רייד.

זי האָט געענדערט דעם טאָן און האָט געזאָגט וועהר אַפּיציעל און אָרטיג:

— ווילט איהר ניט אַריינגעהן אין סאַלאָן? די געזעלשאַפט איז דאָרט. — און זי איז אַרויסגעגאַנגען.

זי האָט זיך געפיהלט טיעף בעליידיגט.

אַז זיי זיינען אַראָבגעקומען אין סאַלאָן, האָט דאָס געשפּרעך געהאַלטען אין מיטען סאַמע ברען װעגען דער פרויען פראַגע.

מאַדמואַזעל מייזעל האָט געהאַלטען אַ האַלבע אַגיטאַציאָנס־רעדע צו דער מיידעל קעניג װעגען די אויפגאַבען פון דער פרוי און װעגען דער נויטוועגדיגקייט אַרויסצורייסען די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס ביי די מענער. דאַן נור וועלען זיך די פרויען בעפרייען, ווען דער מאַן וועט פיהלען דעם קאָנקורענט אין יעדער פרוי, ניט בלויז אויף דעם פעלד פון דענקען, נור אויך אין דער פּראַקטיק. זי האָט זי אָנגערעדט, אַז זי זאָל ניט אַנקומען אויף דער פילאָזאָפישער פאַקולטעט. מיר האָבען צופיעל פרויען פילאָזאָפען. גענוג געפילאָזאָפירט, מיר דאַרפען אָנהויבען טהאָן, נור אויף דער מעדיצינישער פאַקולטעט. אַ דאָק־טאָר, אַנ'אַדוואָקאַט, אַנ'אינזשענער, — האָט זי גע'טענה'ט. די פּרנסות, די אינטעליגענטע פּרנסות, רייסט אַרויס ביי די מענער. דער־מאָלט, נור דעמאָלט וועט זיך די פרוי בעפרייען.

מערי האָט זיך מיט אַלע מעגליכקייטען בעמיהט ניט אַרויסצו־ווייזען איהר פערדרוס. זי האָט געלאַכט און זיך געפרעהט מיט די מיידלעך און קאַוואַלסקי'ן האָט זי בעהאַנדעלט אָרטיג, ווי מען בע־האַנדעלט אַ פרעמדען גאַסט.

קאַוואַלסקי האָט זיך געוואונדערט:

— אידישע טעכטער — האָט ער געזאָגט, האַלב צו מערי'ן, האַלב צו די לעהרערינס — קומען זיך צוזאַמען, דיסקוטירען זיי; ביי גוים, אַז מיידלעך קומען זיך צוזאַמען, טאַנצט מען, פרעהט מען זיך און מען לאַכט.

די, וואס זיינען דערביי געשטאנען און האבען געהערט זיין בע־מערקונג, האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט: אין אזא ערנסטע צייט טאנצען! מערי האט בעמערקט די פערוואונדערונג און כדי אבצושוואכען דעם איינדרוק, האט זי געפרעגט קאוואלסקי׳ן:

— נו, וואס איז אייער מיינונג ווענען דער גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי?

— יעדענפאלס, נישט די זעלבע פון דער געעהרטער מאדמואזעל — האט קאוואלסקי געענטפערט, צופריעדען דערמיט וואס דער גע־שפרעך מיט מערי׳ן האט איהם דערצו געבראכט.

— וואס, איהר זייט ניט איינפערשטענדיג מיט דער גלייכבע־רעכטיגונג פון דער פרוי? — האבען איהם די מיידלעך, די לעהרערינס און די לעהרער ארומגערינגעלט און איהם אנגעקוקט, ווי מען קוקט אן א בייז וואונדער.

— יא, מיט דער גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי, — האט קאוואלסקי געענטפערט און געוואלט זיך האלטען אין א רוהיגען טאן, וואס האט זיך איהם נישט איינגעגעבען.

מאדמואזעל מייזעל האט די ברילען אנגעטהאן, כדי אויסצוהערען זיינע ווערטער, פארוואס ער איז ניט איינפערשטאנדען, דאס געען־דיגטע פריילין האט זיך נעהנטער צוגערוקט און בעטראכט קאוואל־סקי׳ן פון דער הויך מיט א געוויסער פעראכטונג.

— וואס איז אייער מיינונג? — פרעגט דאס מאדמואזעל זעהר קאלטבלוטיג, ווינקענדיג מיט דער האנד צו דער געענדיגטער פריילין, אז זי זאל זיך פערלאזען אויף איהר.

קאוואלסקי האט זיך ארומגעקוקט און געזעהען זיך א פערברענטע פון די בייזע בליקען. ער איז געווארען נערוועז.

— וואס געהט מיר אן א פרוי א דאקטאר, אנ׳אדוואקאט, א איני־זשענער, ווען איך בין געזונד, האב קיין מענשען ניט נע׳הרג׳עט און וויל מיר קיין בריק איבער׳ן וואסער ניט בויען. אבער א פרוי, מעג זי אפילו זיין א נארישע — לאז זי נאר זיין שעהן. מיר ווילען מיט דער מאדמואזעל דאקטאר זעהר ערנסט פערברייננען, בעוואונדערען איהר חכמה און די נארישע ווילען מיר נאכלויפען.

— הייסט דאס, איהר נעהמט דאס אלץ פון אייער שטאנדפונקט; דאס וואס ברייננט אייך נוצען. א מאדנע טעאריע!

— רופט עס ווי איהר ווילט, — האט שוין קאוואלסקי אויסגערו־
פען אויפגערעגט, — אבער לאזט מיר אייך זאגען, איהר ליינט אוועק
א געוועהר, מיט וועלכען איהר ציעלט אזוי גוט, און ווילט דוקא אב־
נעהמען דאס געוועהר פון אייער געגנער, מיט וועלכען איהר קאנט
נאך נישט אומגעהן. זאגען מיר, איהר וועט שוין ווערען דאקטוירים
און אדוואקאטען; איהר וועט זיין אי שלעכטע דאקטוירים, אי שלעכטע
אדוואקאטען, ווייל אנשטאט דאס הארץ הויבט איהר אן דעם קאפ
צו בענוצען. דאגעגען האט איהר א געוועהר, וואס איז אייך אזוי
פאסענד, וואס האט אזא אלטע טראדיציע, קלעאפאטרא'ס קאליר,
וועגוס'עס ליניע, דזשיאקאנדא'ס שמייכעל. איהר האט אזעלכע מיט־
לען אין האנד, פאר וועלכע אנ'אנטאניוס מיט רוימישע לעגיאנען
געהן אונטער, פעלקער גיבען זיך איבער אין אייערע הענד. ניין,
איהר וועט מאכען ערגערע געשעפטען מיט אייערע נייע פראפעסיעס.
די מאכט פון דער פרוי ליעגט נישט אין איהר בעפרייאונג, נאר אין
איהר פערקנעכטונג; וואס מעהר זי וועט זיין פערשקלאפט ביים מאן,
אלץ גרעסער וועט זיין איהר הערשאפט איבער איהם.

אלע האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט: עס זאל זיך נאך ביי
היינטיגען טאג געפינען א מענש, וואס זאל האבען אזא פערעלטערטע
מיינונג וועגען דער פרוי. זיי האבען געשאקעלט מיט די קעפ, און
אין דעם, אז די פרוי דארף זיך בעפרייען, האבען זיי געמיינט, איז שוין
די גאנצע וועלט אייניג.

— דאס האבען מיר דאך שוין לאנג געהערט, גאנץ לאנג געהערט.
— האט מאדמואזעל מייזעל געמאכט מיט דער האנד.

מערי, אלס ווירטהין, האט געפרואווט ראטעווען די סיטואציע.

— הער קאוואלסקי איז א קינסטלער, און קינסטלער האבען טייל־
מאל מאדנע אידעען, נור מען דארף זיי מוחל זיין, — האט זי געזאגט,
קוקענדיג אויף קאוואלסקי'ן מיט א שמייכעל, גלייך ווי זי האט דאס
געמיינט צוויי־דייטיג.

און כדי אבצושוואכען דעם איינדרוק, וואס קאוואלסקי'ס רייד
האבען געמאכט, האט זי זיך געזעצט צו דער פארטעפיאנא און האט
אנגעהויבען צו שפיעלען שאפען'ס א נאקטורן.

דער עולם איז שטיל געווארען, איינגעהארכט זיך מיט ערנסט צו

מערי'ס שעהנעם שפיעלען און געלווישט די טענער, וועלכע האבען זיך ווי וואלקען רויך געטראגען אין בעשאטענטען סאלאן.

קאוואלסקי איז געווען בייז אויף זיך, פארוואס ער האט זיך אריינ־געלאזט אין א געשפרעך, און מעהר נאך פאר זיין אונטאקטישען אנטווארט מערי'ן. ער האט נעקוקט אויףאיהר ווי זי איז איצט געזעסען אין האלבען שאטען. איהר פראפיל איז געווען בעלויכטען פון דער ליכט, וואס איז געשטאנען אויף דער פארטעפיאנא; איהרע שווארצע לאקען זיינען געפאלען איבער איהר געזיכט און זיך געפערלט אין דעם שיין פון ליכט. ער האט נעקוקט אויף איהרע בעוועגונגען און האט געזעהן, ווי איהרע הענד, ווי יעדע בעוועגונג איהרע שפיעלט מיט דעם נגון. זי איז טרויעריג געווען. אויף איהרע געטאקטע פלייצעס איז געלעגען א טרויער, און איהרע האהר, וואס זיינען געפאלען אויף איהר פולען קארק, האבען אין א שטילען חנ'עוודיגען שיין געשימערט טרוי־עריג.

נאכ'ן שפיעלען איז ער צוגעגאנגען צו איהר. ער האט געהאפט צו טרעפען אויף איהר דעם צוויי־דייטיגען שמייכעל פון פריהער, און האט איהר געזאגט:

— זייט מיר מוחל, וואס איך האב אייך דעם אבענד פערשטערט. אלע דאמען זיינען אין כעס אויף אייך, וואס איהר האט מיך דא אריינגעפיהרט.

— ניין, פערקעהרט, מיר דאנקען אייך פאר אייער אויפריכטיג־קייט, — און זי האט געשמייכעלט, אבער ניט צו איהם, נאר מיט דעם קאלטען, ערנסטען שמייכעל פון פרעמדקייט און געלאסענקייט.

---

אז מישא איז געבליבען מיט זיך, נאך קאוואלסקי'ס אוועקגעהן, האט ער פערשלאסען די טהיר הינטער זיך און בעהאלטען ערגעץ־וואו דעם שליסעל, מורא האבענדיג, אז ער זאל זיך ניט אויפכאפען און אהין לויפען צו מערי'ן. טויזענד מאל האט ער זיך געזאגט אין הארצען: „א נעזעלשאפט פון גימנאזיסטקעס, דאס איז גוט פאר קאוואלסקי'ן". און דאך האט ער געזעהן, ווי קאוואלסקי מאכט פול מיט זיך דעם זאל. אלע הערען איהם אויס, און מערי שמייכעלט צו איהם. צי איז ער איפערזיכטיג אויף קאוואלסקי'ן? ער איז בייז געווארען אויף זיך

און פערשעמט פאר דעם חשר אין זיין געדאנק. קאוואלסקי איז איהם געווארען אונטערטעניג, אונסימפאטיש און דאס אלעס.

ער האט זיך געפרואווט ווייטער אוועקזעצען צום בוך, אבער די ווערטער האבען זיך איהם געמישט פאר די אויגען. — ער האט געקלערט וועגען מערי'ן.

זינט קאוואלסקי איז געקומען, האט זיך מערי פאר איהם אוועק־געשטעלט בעזונדער פון אלע פרויען אין דער וועלט. ער האט אנ־געהויבען פיהלען צו איהר א גאנץ פרעמד געפיהל. ער האט נישט געקאנט דענקען דעם נאמען, אז ער זאל דערביי ניט רויט ווערען, פיהלען זיך פערשעמט און עפעס זעהר שולדיג.

נאר בעהאלטען אין זיך האט ער געזאגט, אז דאס איז „ליעבע", וועגען וועלכער ער האט אזוי פיעל געלעזען. נאר באלד האט ער זיך אליין אויסגעלאכט: איך בין א אינגעל. דאס איז ניט „ליעבע" — דאס איז א נארישקייט, א קינדהייט און דאס אלעס.

אז ער האט דערפון געקלערט, פלעגט ער זיך שעמען צו קוקען א פרוי אין פנים אריין. איהם האט זיך געדאכט, אז אלע פרויען וויסען וואר ער דענקט, און ער האט געמיינט אז די פרוי בעזיצט עפעס אזעלכעס, וואס ווייסט וואס „ליעבע" איז. ער האט ביי זיך געקלעהרט: ער וועט אמאל פרעגען זיין שוועסטער סאניע, אז זי זאל איהם זאגען וואס זיינען די סמנים פון „ליעבע": צי דאס וואס ער דענקט אזוי פיעל וועגען מערי'ן איז שוין די „ליעבע", אדער נישט. נאר אז ער האט זיך דערמאנט אן זיין שוועסטער, האט זי איהם אזוי נאריש אויסגעזעהן! וואס וועט ער איהר פרעגען? — ער טראכט נארישקייטען און זיין גאנץ דענקען וועגען מערי'ן זיינען נארישקייטען, ליעבע האט ער געלעזען ביי טאלסטאי'ען, וואו עס פערליעבט זיך אן אפיצער, א געענדיגטער דאקטאר שוין, א גרויסער טשינאווניק און אין יענעמס פרוי. אבער נישט ער, מישא ראזענצווייג, וואס דארף ערשט היי־יאהר אנקומען אין אוניווערזיטעט.

א סטודענטען־ליעבע — האט ער פון זיך געלאכט. און דאך האט ער זיך ניט געקאנט פאסען. אין דער היים האט ער שוין ניט געקענט איינזיצען. ער האט זיך אנגעטהאן, אויפגעעפענט די טהיר און אראב אין גאס.

צו ראוויד'ן, האט ער געזאגט, ווען ער געהן, און די פיס האבען איהם אוועקגעפיהרט צו זיין פעטער'ס הויז.

ער האט ארויפגעקוקט אין דער הויך. פון אלע פענסטער אויפ'ן ערשטען שטאק, וואו דער פעטער וואהנט, גיסט זיך העלעם ליכט אראב. ער האט זיך נאך א פאר מאל ארויף און אראב געדרעהט. פון באלקאן האט ער געהערט מערי'ס שפיעלען. דאס שפיעלען האט איהם געצויגען, — ער איז שוין גרייט געווען ארויפצוגעהן. ער האט זיך אבער דערמאנט אן קאוואלסקי'ן, און אין זיין אייגענער איצטיגער לאגע, ווי ער שטעהט אונטער'ן פענסטער, ווי א פערליעבטער שילער פון פינפטען קלאס גימנאזיום, און ער האט זיך אין די הענד גענומען.

— איינמאל געזאגט נישט ארויפצוגעהן — איז נישט — האט ער זיך געזאגט און איז אוועק פון פענסטער.

אבער וואוהין? — ער האט זיך געוואלט פערגעסען — און ער האט זיך דערמאנט אן ארקאדיע'ן, וואו עס פלעגען זיך צונויפקומען די יונגע לייט פון שטאדט, און מיט א פלאטענדען געזיכט און מיט קרענקונג פון בעליידיגונג אין הארץ איז מישא אריין אין די „שמאלע גאס".

---

אין דער „שמאלער גאס" ביי ארקאדיען פלעגט זיך פערזאמלען די אינטעליגענץ פון שטאדט. ביי ארקאדיען רעם זוהן — די יו־גענד, ביי ארקאדיען דעם פאטער — די עלטערע (עפּיס האט מען ביידע, דעם פאטער און זוהן, גערופען מיט איין נאמען — ארקאדי, חאטש ביידע האבען אזוי ניט געהייסען). דער פאטער ארקאדי איז געווען אן אגענט פון לעבענס־פערזיכערונג, א פרעהליך אידעל און צו איהם פלעגען קומען די פרעהליכע וויציגע מענשען. און דער זוהן איז געווען אן אויסגעשלאסענער סטודענט פון אוניווערסיטעט, אן ערנסטער, קלוגער יונגער־מאן, און צו איהם פלעגען קומען די ערנסטע יונגע מענשען.

אין קארידאר האט מישא ארויפגעטראטען אויף קאלאשען, וועלכע זיינען געווען צושפרייט איבער'ן גאנצען קארידאר ביז דער שטוב אריין חאטש עס איז געווען זומער. אויף דער ערד איז געלע־גען א שטאס מאנטלען, מענערשע און ווייבערשע. א ווייבערשע הוט האט זיך ארומגעוואלגערט. פון אינווייניג האט זיך געהערט

א לאבען און א קול האט נאכגעמאכט שלום־עליכם'ס אידיש, דער־צעהלענדיג עפיס פון „מנחם־מענדלען".

ער איז אריין אין צימער. דאס צימער איז געווען העל בעלויכ־טען. דער סאמאוואר האט געזאדען. ביי א ווינקעל פון טיש איז געזעסען א רעדעל אידען, שרעקליך פערטיעפט אין קארטען שפיע־לען און האבען ניט געהערט דאס לאכען און שטיפען פון דער קופקע, וואס איז געזעסען ביים צווייטען עק טיש, צווישען וועלכע עס זיינען געווען פיעל ווייבער. איינע א דיקע אידענע איז געזעסען פון אויבען־אן און האט ברייט און הויך געלאכט אויפ'ן קול, צושאקלענדיג מיט איהר געמבע. ארום איהר זיינען געזעסען יונגע ווייבלעך, יונגע־לייטלעך און האבען רערצעהלט פעטע וויצען.

דער ווירטה איז ארומגעגאנגען און האט מיט א שטיל געלעכטע־רעל גלעזער טהיי דערלאנגט.

מישא האט גלייך געוואלט אריין אין צווייטען צימער. עס האט איהם אויפגעהאלטען א יונגער־מאן און א צווייטער האט די ווייבער־אנגעוויזען אויף איהם.

— וואס וויל דער? — האט די דיקע אידענע געפרעגט.

— אונז אלע קיין ציון אוועקפיהרען.

— אויף פרעה'ס רייטוואגען, — האט א צווייטער צוגעלעגט.

אין צווייטען צימער, א קליינס און א שמאלס און טונקעל בע־לויכטען און פול מיט רויך, האט זיך נור געהאנדלעט אום א קליי־ניגקייט. עס זיינען געזעסען ארום טיש איינינע יונגע־לייט מיט א פאר מיידלעך און האבען „ראזסווישראיעט" אלערערשטענס וועגען שאפען פאר די אידען, וואס שפיעלען דערינען אין קארטען, און פאר די ווייבער, וואס לאכען, א לאנד און א שפראך, און דערנאך וועגען אויסבעסערען דאס גאנצע געזעלשאפטליכע סיסטעם און איינ־פיהרען די סאציאליסטישע ארדנונג.

וועגען דעם זיינען אלע געווען איינינ. עס האט זיך נור געהאנ־דעלט אום די וועגען, וועלכע דארפען פיהרען צום געווינשטען ציעל.

— וואס מיר דארפען, איז אט וואס — האט זיך געהערט דאוויד'ס שטים ביי מישא'ס אריינקומען — ערד, ערד, ערד...

דער צווייטער יונגער־מאן האט זיך אנגערופען:

— אלעקסאנדער דער צווייטער האט דעם פויער בעפרייט פון

פאנשטשינע. ער האט איהם אבער פערשקלאפט צום פריצ'ישען לאנד. צוערשט האט דער פויער צום ווינציגסטען אנגעהערט דעם פריץ. ער האט איהם געשלאגען, אבער ער האט איהם דערפאר עסען געגע־בען. ער האט מיט זיינע קינדער געהאנדעלט, אבער אז ער איז קראנק געווארען, האט ער איהם געהיילט. איצט איז וואס? דער פויער ארבייט פאר'ן פריץ, ווי פריהער, און שטארבט דערביי פון הונגער. ער איז קראנק, זיינע קינדער שטארבען פאר קעלט, קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום. פון פריץ'ס רשות האט מען איהם ארויסגענומען און מען האט איהם ניט געגעבען דאס, וואס דער פויער דארף צו זיין לעבען, צו זיין ערהאלטונג. מיר דארפען ערד, דער רוסישער פויער לעכצט נאך ערד, — האט די שטים אויסגערופען טריאומפירענדיג.

מישא האט איצט אנגעקוקט דעם יונגען־מאן, וואס האט גערעדט די ווערטער. עס איז געווען א דארער, אויסגעמאגערטער אידישער יונגער־מאן מיט א טיפיש אידישען נאז און טיעפע אויסגעלאשענע אויגען. מען האט בעמערקט, אז די אויגען האבען אייגענטליך נאך ניט ריכטיג געזעהען, וואס איז ערד, אז דאס פנים איז געווארען בלייך און אויסגעצויגען פון די שטעדטישע מויערען און דער אטעם האט קיינמאל נאך ניט געעטעמט מיט ערדישען ריח.

— און דאס איז דער עיקר — האט דער יונגער־מאן געפינקעלט מיט זיינע אויגען און דערביי טיעף זיין שטערן געקנייטשט, — דערביי וואלט ניט געווען קיין בעזונדערע אידישע פראגען. די איר־דישע לאגע איז נור איין קייטעלע אין גאנצען אונרעכט, וואס טהוט זיך אין לאנד. גיב דעם פויער ערד — וועלען אלע האבען וואס צו עסען; ער וועט מעהר מענשליכע בעדערפנישע האבען און די פאבריק אין שטאדט וועט האבען מעהר צו טהאן און דעם ארבייטער וועט בעסער זיין; די גאנצע פראגע אין לאנד איז נור אן ערד־פראגע.

— און וואס וועט זיין מיט דער קאנצענטראציע פון קאפיטאל? איהר ווילט רוסלאנד צוברעקלען אין א קליין בירגערליכען שטאט. גיב די רוסישע פויערים ערד, וועלען זיי ווערען צופריעדען, האט א צווייטער יונגער־מאן דיסקוטירט.

— און וואס איז געווען בעת דער פראנצויזישער רעוואלוציע? האבען דען די קליין־בירגער, וועלכע מען האט אוועקגענעבען די

גיטער פון קירכען און גראפען, נים נעשטיצט די נייע ארדנונג? — האט א „בארישנע", וועלכע האט געטראגען געשווירענע האחר און נער רויכערט א פאפיראס, אויסגערערט פון א ווינקעל ארוים.

דאס פריילין האט עס נעזאגט אין אזא טאן, ווי די גאנצע ערד וואלט שוין געלעגען אויפ'ן טיש פאר איהר און עס האנדעלט זיך נור אום דעם, ווען מען זי צו פערטיילען.

דאס נעשפרעך איז באלד איבערגעגאנגען צו דער אידישער פראגע. א הויכער רוסישער סטודענט, וואס האט זיך אין שטארט ארומגעדרעהט און קיינער האט נים געוואוסט, ווער ער איז און זיין געזונד פנים מיט זיינע שטארקע הענד האבען מעהר געקאנט דער־צעהלען פון דער ערד, ווי די אלע אנוועזענדע דא, — האט זיך ביים צוטיילען די ערד גארנים אנגערופען. נאר אז דער יונגער־מאן האט דערמאהנט די אידען — האט ער אויסגעשריען:

— און איך בעשטעה נים אויף דעם.

ער האט זיך אויפגעשטעלט און דערביי געהאלטען א לאנגע בעגייסטערטע רעדע וועגען אידען און אידישקייט. איהם איז צו וועניג געוועזען גלייכבערעכטיגונג מיט אלע גוטע זאכען פאר אידען. ער האט זיי יעדען בעזונדער חאטש א לאנד געוואלט געבען; ער האט כמעט ווי געפאדערט פיעל גרעסערע רעכט פאר אידען, ווי פאר די רוסען.

— איך סען דיין סענטימענטאליטעט, — האט דאס פריילין מיט די געשווירענע האהר געזאגט צו דעם סטודענט.

דער יונגער ארקאדי, א קליינער און א דארער, אין ברילען, איז ארומגעגאנגען און האט יעדען צוגעשמייכעלט פריינדליך, חאטש קיינער פון די פערזאמעלטע האט עס נים בעמערקט. און פון דער צווייטער טהיר האט זיך אלץ אבגעשלאגען דאס אונערטרעגליכע לאַ־כען. מישא איז געזעסען אין א ווינקעל און האט זיך צוגעהערט צו אלעם — ער האט אויפ'ן וועג אנגעגרייט א גאנצען רעפעראט וועגען דער אידישער לאגע, ווי ער פערשטעהט זי און דעם רעפעראט האט ער געוואלט דא אויסברייננען. ער איז אויף זיך בייז געווען, פארוואס ער האט דעם מוטה נים. ער האט זיך צוריקגעהאלטען. ער האט אלץ געקוקט אויף אבראם מיכאילאוויטש, וועלכער איז געזעסען נע־

געגאיבער איהם מיט זיין געפוצט בערדעל און האט יערעז רעדנער געקוקט אין די אויגעז אריין, ווי מיט א געלעכטערעל.

אבראם מיכאילאוויטש איז געווען דער עלטסטער פון דער גאנ־צער געזעלשאפט. ער האט אין דער היים געהאט א ווייב מיט פינף קינדער, וועלכע האבען געלעבט אין ארימקייט און דחקות, נור אויף איהם האט מען עס ניט אנגעזעהען. ער האט שטענדיג געטראגען א ריינעם ראק און די בארד איז תמיד געווען אויסגעקעמט, און גע־חבר'ט האט ער זיך נור מיט יונגווארג. ער איז געווען א רוסישער לעהרער אין שטאדט, וועלכער האט פארבערייט עקסטערנע צום עק־זאמען. ער האט אויך מישא'ן פארבערייט אין קלאס אריין. און מישא האט געהאט דאס געפיהל, גלייך ווי ער דארף פאר זיין לעהרער פארזאגען די לעקציע. ער האט געוואלט עפיס זאגען, און ער האט געהאט עפיס צו זאגען, און ער האט ניט געוואנט. ער איז בייז גע־ווארען אויף זיין מוטהלאזיגקייט. ער האט זיך אפילו איין מאל אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען צו זאגען: „נאספאדא" — און איז רויט געווארען, אז אלץ האט געפלאמט אין איהם. און אז ער האט זיך געזעהען שטעהן צווישען עולם און דער עולם האט געווארט אויף זייןווארט, האט ער געהאט דאס געפיהל, ווי ער טרינקט זיך און מוז זיך ארויסראטעווען.

— נאספאדא! — האט ער אנגעהויבען צו שטאמלען. — איך האב געוואלט, אז מען זאל ריידען וועגען דעם, וועגען דעם, — האט ער געשטאמעלט — וואס זיינען מיר? וואס בין איך? איך מיין אט וואס: דער, דער רוס דא — ווייזט ער אויפ'ן רוסישען סטודענט — ער איז א רוס, צי ער ווייסט עס, צי ער וויל עס, צי ניט, ער איז א רוס, אהן זיין ווילען און אהן זיין וויסען, — און דערביי איז מישא פלוצלינג שטעהן געבליבען אהן ווערטער.

דער עולם איז געשטאנען האלב פערוואונדערט.

— מיר פערשטעהן אייך ניט, — האבען אייניגע געזאגט.

— וואס וויל ער? — האט געפרעגט דאס פריילין מיט די געשווי־רענע האהר.

מישא האט זיך צוריק אוועקגעזעצט אויף זיין ארט, פערשעמט און רויט.

— ועגעז וואס מיינט איהר דאס? — האט צו איהם געזאגט אבראם מיכאילאוויטש אין א פראטעקציאנעלען טאן, ווי ער וואלט איהם געוואלט מוטה געבען.

— איך מיין עס ועגען דעם, וואס מיר, אידען, ריידען וועגען אלץ. מיר האבען עפּיס א שותפות אין אלץ און אונזערס איז קיין זאך נים. איבער אלץ, וואס מיר ווילען, ריידען מיר, גלייך ווי עס וואלט אונזערס געווען. מען וואלט אייגענטליך געדארפט זיך אליין אנאליזירען און זעהן פון וואס בעשטעהט איך, וואס געהט מיך אן, וואס איז מיין און פון דעם אויסקוקען אויף אלץ, וואס איז ארום.

נור קיינער האט איהם שוין נים געהערט. דער עולם האט גע־רעדט וועגען דער ווירקונג פון דער רעוואלוציע אויף דעם קלייך בירגער. אלע האבען גערעדט. איינער האט דעם אנדערען איבערגע־שלאגען די רייד, און די פּנים'ער און די שטימען זיינען פערטרונקען געווארען אין רויך פון די פּאפּיראסען, וואס האט פול געמאכט דאס צימער, און פון דער צווייטער שטוב האט זיך געהערט אלץ דאס לאכען פון דער דיקער אידענע, וואס איז געזעסען אויבען־אן צווישען די לוסטיגע ווייבער און יונגע־לייט.

אז מישא איז אהיים געגאנגען, האט איהם דאוויד אנגעיאגט אויפ'ן וועג. ער האט איהם חבר'יש אנגענומען ביי דער האנד און געקלאפּט אויף דער פּלייצע:

— וואס איז מיט דיר? זינט א צייט געהסט דו ארום אהן א קאפּ?

מישא האט אויסמיידענדיג געשמייכעלט:

— ווער, איך?

ווער, דו? — האט דאוויד געלאכט, — אודאי נים איך. האסט דיך נים וואס צו בעהאלטען, איך וויים פון אלץ.

— וואס ווייסט דו? — האט מישא געפרעגט מיט הארץ־קלאפּען.

— אז דו ביזט נאריש פערליעבט. ווי א גימנאזיסט. שעם דיך, אין אזא צייט, ווען רוסלאנד וואכט אויף, געהסט דו ארום, ווי א פער־ליעבטער גימנאזיסט, קומסט אויף פערזאמלונגען און רעדסט סאמע נארישקייטען.

מישא האט שולדיג געשוויגען.

— שלאָג דיך, ברודער, די גערדאַנקען פון קאָפּ ארויס. צו דער ארבייט נעהם זיך. היינט איז ניט קיין צייט צו ליעבען... און דאָ נעהט איהר ביידע ארום ווי די מלאכים'לעך. זי איז עפּיס אנדערש. זי איז אַ נאַריש מיידעל, אָבער דו?

— וועמען מיינסט דו? — פרעגט מישאַ.

— וועמען איך מיין? וואָס בעהאַלסט דו זיך? איך וועיס פון אַלץ.

— אָבער ווער?

— זי, דיין געליעבטע. דער „נאַר" האָט מיר אליין פערטרויט, אַז זי ליעבט דיך.

— ווער? — כאַפּט איהם מישאַ אַן ביי דער האַנד.

— ווער? מיין נאַרישע שוועסטער ראָחעל.

— אָבער, — שרייט אויף מישאַ און ווערט דערביי אנטשוואונדען.

---

נאָך קאַוואַלסקי'ס אוועקגעהן פון טהיי־אָבענד האָט מערי די גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפען. זי האָט זיך געפיהלט בעליידיגט ביז צו ערנידערונג און האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין איהרע ווערטער.

— ווי ביליג, גאָט מיינער, ווי ביליג איך בין, — האָט זי זיך געזאָגט, — קומט צופאָהרען אַ פרעמדער מענש, איך ווייס ניט ווער ער איז, וואָס ער איז און וואַרפט אַלטע אויסגעדראָשענע פראַזען, און איך פאַל צו איהם, ווי די ערשטע נאַרישע גימנאַזיסטקע.

זי האָט זיך אויפגעהויבען מיט'ן געדאַנק — אַלץ, וואָס עס איז געשעהען, צו פערגעסען און נעהמען זיך פאַרצובערייטען צו דער רייזע קיין פּעטערבורג.

נור ווי אויף צו־להכעיס האָט זי אומעטום, וואו זי איז געוועזען דעם גאַנצען טאָג, געהערט ריידען נור פון קאַוואַלסקי'ן. אַלץ האָט נור גערעדט וועגען דעם קינסטלער, וואָס איז דאָ אין שטאָדט, און אַלע האָבען געוואוסט די מעשה מיט דער שיקסע און קיינער האָט זיך ניט פערהאַלטען צו איהם גלייכגילטיג. אַ טהייל האָט איהם געריהמט און אַ טהייל האָט איהם געשענדעט. אומעטום, וואו זי האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, האָט זי געפיהלט קאַוואַלסקי'ן ארום זיך. היינט האָט ער געמיטאָגט ביי דער מומע, אויף מאָרגען איז ער פערבעטען צו די קענינס. אין פיעל ערטער האָט זי געהערט ווי אַ געוויסען צוזאַמענ־

האנג צווישען זיין נאמען מיט איהרען און דערביי נעמערקט א שמייכלען אויף די ליפען. איהר האט דאס נעקרענקט און זי האט איי־נינע מאל אויסנערופען: „ווי דער נאמען לאנגווייליגט מיך שוין! א מענש זאל אזוי פול מאכען מיט זיך א שטאדט!"

פאר־נאכט האט זי איהם אננעטראפען אין שטאדט־גארטען צוויש־ען די אלעעז. זי איז געגאנגען מיט סאניען. ער איז נענאנגען מיט פריילין קעניג שפאצירען. די מוזיק האט נעשפיעלט און דער גארטען איז געווען פול מיט שפאצירענדע, אפיצערען, סטודענטען און דאמען. צום ערשטען מאל האט זי זיי נעלאזט דורכגעהן. אין קאוואלסקי'ס אויגען איז געלעגען א ווילען צו צוגעהן צו איהר. זי האט איהם קאלט געגריסט און פריינדליך צוגעשמייכעלט דער פריילין קעניג. זי האט געוואלט אבקעהרען אין די צווייטע אלעע, אז זי זאל זיך ניט דארפען בעגעגענען מיט זיי, נור באלד, ביים צווייטען מאל אומקעהרען זיך, האט זי געזעהן, ווי קאוואלסקי, האלטענדיג דאס פריילין קעניג אונטער'ן ארעם, געהט מיט יענער צו צו איהר. זי האט זיך צוקושט מיט פריילין קעניג און צו קאוואלסקי'ן זיך א נויג געטהאן. קאלט בעגריסענדיג זיך מיט סאניען, האט ער געזאגט צו מערי'ן:

— וואס מאכט איהר?

אזא ווארימער טאן — און זיינע אויען זיינען ווידער גרויס און קלאר געווארען און זיין נעזיכט האט אננענומען יענע קינדערשע פרייד פון נעכטען.

זי האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט און האט איהם קאלט אבנעענטפערט:

— איך דאנק אייך.

— און איהר האט מיך אין א שעהנע געשיכטע אריינגעצויגען, — זאגט ווייטער קאוואלסקי צו איהר מיט'ן פריהערדיגען נעלעכטערל.

— איך? פרעגט מערי פערוואונדערט.

— נעכטען אויף דער נאכט מיט דער מאדמואזעל מייזעל. איך האב מיר אלע פרויען און מיידלעך אין שטאדט געמאכט פאר שונאים מיט מיינע ווילדע אויסדריקען, — וויזט ער אויף פריילין קעניג, — אבער איך האב עס גארניט געמיינט אזוי ערנסט; מען דארף מיך ניט נעהמען אזוי ערנסט, ווי איהר נעהמט מיך. היינט האב איך אייך אזוי נעזאגט, מארגען קאן איך אייך גאר עטוואס אנדערש

זאגען און, גלויבט מיר, דער יעניגער, וואס האלט זיך אן א שטענדינגער מיינונג, איז נור א לאנגווייליגער מענש.

די מיידלעך האבען אנגעהויבען צו לאכען. מערי האט אויך ניט געקאנט איינהאלטען דעם שמייכעל, וואס האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפען.

— אפשר דענקען אזוי קינסטלער. מיר, פראסטע בשר־ודם'ס, דענקען ניט אזוי. מיר מוזען האבען אין לעבען א פרינציפ, — האט זיך אנגערופען סאניע, אונטערשטרייכענדיג דאס ווארט „פרינציפ".

— ניין, איך האב יא א פרינציפ, — האט זיך קאוואלסקי אנגערופען, — מיין פרינציפ איז שעהנקייט. אט נעהן פאר מיר מענשען פארביי, איך הער זיי אויף צו פיהלען, אלס בעזונדערע אינדיווידואר מען, וועלכע האבען אייגענע ווילענס. פאר מיר זיינען זיי פלעקען. אויף וויפיעל דער פלעק איז מיר אנגענעהם פאר'ן אויג, אויף אזוי פיעל בערעכטיג איך זיין עקזיסטענץ. אויף וויפיעל דער פלעק שטערט מיר די הארמאניע, דארף ער אויסגעמעקט ווערען. נור דא קום איך צו דער גרעניץ פון מיין פיזישער מאכט.

מערי איז געווען שוויינענדיג. אויף איהרע ליפען האט זיך נור פון צייט צו צייט א שמייכעל בעוויזען. זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אויף דער באנק און קאוואלסקי האט אין א זעהר לוסטיגען טאן אנגעהויבען צו מושטירען די פארבייגעהענדע, האט מיט זיין שוישפיעלערישען טאלאנט אנגעהויבען אויסצולאכען יעדענס בעוועגונג און מינע און געפרובט טרעפען פון וואס פאר א ספערע זיי זיינען. מעהרסטענס זיינען דאס געווען פרויען פון אפיצערען און טשינאווניקעס, געקליידט זעהר גראב אין שווערען שווארצען סאמעט, מיט רויטע זיידענע בענדער בעפוצט. עס זיינען דורכגעגאנגען אידישע פרויען, בעציהרט מיט פיעל גאלד און פעררייסענע קעפ; אן אלטער פאלקאווניק מיט א יונגער טאכטער, צוויי גימנאזיסטקעס, נאך וועלכע עס האט זיך נאכגעשלעפט א גאנצע חברה יונגע שילערס. קאוואלסקי האט געפרובט טרעפען יעדען מיט וואס ער בעשעפטיגט זיך און וואס ער דענקט. א סוחאטישער לעהרער האט פאר מערי'ן דאס הוט אראבגענומען. קאוואלסקי האט אלץ גע'טענה'ט אז דער לעהרער איז פערליעבט אין מערי'ן און שרייבט איהר אנאנימע ליעבעסבריעף. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז ס'איז ניט אזוי. עס איז

געווען אַ אידישער לעהרער פון דער פּריוואַט־שוהל פון דער מאַרמאָ־אַזעל מייזעל, וועלכער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער שוהל, ווייל ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט צווישען די אידישע קינדער קריסטליכע אידעען, מיט וועלכע מערי האָט גראַד סימפּאַטיזירט.

מען האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דער פּרויען־קליידונג, קאַוואַלסקי איז געווען געגען דער מאַשין־אַרבייט, געגען דעם, וואָס די מיידלעך טהוען זיך אַלע אַן לויט איין סיסטעם: ער האָט גע־רעדט וועגען אינדיווידועלער קליידונג און וועגען ערהאַלטען די פּרויען־ליניע אין די קליידער, און אַלע זיינע רייד זיינען געווענדעט געווען צו מערי'ן, גלייך ווי דאָס פריילין קעניג און סאָניע וואָלטען גאַרניט געווען דערביי, און האָט זיך דערביי געשטאַרקט איבערצו־ציינגען זי אין זיינע רייד.

מערי האָט זיך שוין געוואָלט איינינגע מאָל אויפהויבען און אוועק־געהן. איהר איז זיין פּרעהליכער טאָן און זיין דירעקט ווענדען זיך צו איהר געווען, צו ווידער, זי האָט זיך געשעמט פאַר איהרע חבר'טעס און איז רויט געוואָרען דערביי. נור זי האָט עס ניט געטהאָן, כדי איהם ניט אַרויסווייזען איהר אויפמערקזאַמקייט אויף זיינע ווערטער. זי האָט זיך קאַלט, אָבער טאַקטפאָל צוריקגעהאַלטען און איהם קורץ געענטפערט.

פּלוצים איז קאַוואַלסקי געבליבען זיצען, דאָס מויל און די אויגען אָפען און האָט געוויזען מיט'ן פינגער:

— און דאָס איז עפּיס נייעס, גאָר נייעס.

עס איז געווען אַ רויטליכער, גאָלדענער פלעק אין דער שיינענ־דער זון, וועלכער האָט געלויכטען צווישען די בוימער. געגען דעם רויטליכען גליהענדען פלעק זיינען געגאַנגען צוויי יונגע־לייט.

— דאָס איז אַ קאָליר, דאָס איז אַ ליניע, — האָט קאַוואַלסקי אויסגעשריען ענטציקט.

— דאָס איז דאָך מישאַ מיט די לייזעראָוויטשעס, — האָט סאָניע זיך אָנגערופען.

אַן אויגענבליק שפּעטער זיינען זיי אַרויסגעקומען פון דעם בריי־טען זונען־פלעק, וואָס איז געלעגען איבער'ן וועג אין דער אַלעע און אַריינגעקומען אין דעם שאָטען. דאָס רויטע גאָלדענע טוך איז איצט מאַטער געוואָרען און עס האָט זיך פון איהם אַרויסגעזעהען ראָחעל'ס

קלאר נעזיכט מיט דעם פלײשיגען פול אבגעברענטען האלז און איהרע שווארצע צעפ האהר. נעבען איהר זײנען נעגאנגען מישא און דאוויד.

מישא האט זיך פערלעגען פערגויגט און איז רויט געווארען. ראחעל, וועלכע איז געווען בעקאנט מיט סאניען און מיט מערי'ן נור פון דער־ווייטענס, האט מיט איהר שווארצען קאפ האהר פריי זיי געגריסט. זיי האבען געוואלט דורכגעהן, נור מערי, בעמערקענדיג קאַ־וואלסקי'ס ענטציקונג איבער ראחעל'ס טוך, האט זיי צוגעוואונקען און סאניע האט זיך אויפגעהויבען אהער צו רופען זיי צו דער באנק.

מישא מיט ראחעל'ן זײנען צוגעגאנגען. דאוויד האט זיך אב־געשטעלט פון דער־ווייטענס, ווארטענדיג.

זיי האבען זיך פארגעשטעלט קאוואלסקי'ן און זי האט פריי, חבר'ש צוגערופען דאוויד'ן.

דאוויד איז צוגעקומען מיט א אונצופריעדענער מינע, האט זיך פערבויגען און זיך ארומגעקוקט.

קאוואלסקי האט אבער איצט גארניט בעמערקט. ער האט זיך געפרעהט מיט דעם פערגאלדעטען טוך אויף ראחעל'ס אקסעל, ווי א קינד. זיין גאנץ געזיכט האט אנגעהויבען צו לייכטען און די אויגען זײנע זײנען אפענער און קלארער געווארען. ער האט בעטראכט דאס טוך, וואס איז ארויפגעווארפען אויף ראחעל'ס אקסעל, און האט גע־רעדט, ווי האלב צו זיך:

— אבער אַן איינפאל — דאס גאלד אויף די טונקעלע האהר. פון וואנען האט איהר דאס?

— איך האב עס פון דער באבען. דער טאטע האט'ס געהאט בע־האלטען, דאס און די אלטע בראש (ווייזט זי פריי איהר נאקעטען האלז, אויף וועלכען עס איז געהאנגען אויף אַן אלט גאלדען קייטעל, אַן אלטער, שווארצער, קליינער מעדאליאָן, מיט פעריל בעזעצט). איך האב די זאכען זעהר ליעב. אלע לאכען פון מיר, — האט דאס מיידעל ארויסגעזאגט איינפאך און אזוי אפען און פריי, ווי זי וואלט א איינגעל געווען און גערעדט מיט איהרע חברים.

קאוואלסקי האט אלץ בעטראכט דאס טוך. עס איז געווען אַן אלט טונקעל בוכאריש זיידען טוך, איין גאלד געוועבט, וואס די אלטע אידישע פרויען פלעגען טראגען צו שוהל־געהן. עס איז געווען שטארק און פעסט ארומגערינגעלט ארום דער מיידעל'ס ביוסט ביז

צום אפענעם האלז און האט ארויסגעזעהען, ווי א גאלדענער פאנצער, אויסגעגאסען אויף איהר שטארקער ברוסט. קאוואלסקי'ס געזיכט האט אנגענומען דאס פערלענען געלעכטערעל, וואס איז מערי'ן אזוי גוט בעקאנט געווען פון נעכטען. און זי האט בעמערקט, אז זיין ענטציקטע און זיינע אפענע אויגען און מויל גילטען ניט נור די אלטע שמוק־זאכען, נור דעם גאנצען מיידעל, וועלכעס איז דא געשטאנען פריי, נאאיוו און שטארק.

איהר האלז און ווייסע נאקעטע הענד זיינען געווען, גלייך ווי זי וואלט ערשט איצט ארויס פון טייך, און איהרע האהר זיינען נאס געווען, אויסגעצוואגען און איהרע רונדיג־אראבגעפאלענע אקסעל האבען אויסגעזעהען ווי זיי שלאפען. און דאס מיידעל איז געשטאנען און האט גאר פון דעם ניט געוואוסט. קאוואלסקי איז אזוי ענטציקט געווארען, אז מערי'ן האט זיך יעדען אויגענבליק אויסגערוכט, אז אט וועט קאוואלסקי דאס מיידעל ארומנעהמען און פאר אלעמען ראחעל'ס גרויסע, בלאהע אפענע אויגען אויסקושען.

מערי'ס ליפען האבען א ציטער געטהאן און זי האט זיך אבגערופען צו מישא'ן:

— פארוואס ביזט דו ניט געקומען נעכטען? איך האב אויף דיר געווארט.

קאוואלסקי האט זיך ערשט איצט אויפגעוואכט פון זיין ענטציקען און האט זיך געווענדעט אין מערי'ס זייט.

— די אלטע אידישע ווייבער האבען זיך פיעל שעהנער און אינדיווידועלער געקליידט פון זייערע טעכטער. איהר מיט אייער אריענטאליש געזיכט — האט ער זיך דירעקט געווענדעט צו מערי'ן — קליידט זיך ווי די ערשטע בעסטע שיקסע פון פאריז, און דאס איז אייער אידעאל: איך בין פעסט איבערצייגט, אז אייער מוטער האט אין דער היים זאכען, אויף וועלכע איהר קוקט מיט פעראכטונג און זיי וואלטען אייך בעסער געקליידט, ווי די אלע קליידער פון די שטעדטישע שניידערינס.

מערי איז ערשטוינט געבליבען. זי איז פערשעמט געווארען פאר מישא'ן און מישא איז אויך ערשטוינט געבליבען. א רויטע פלאם האט אנגעצונדען זיין געזיכט, ער איז פערשעמט געווארען איבער מערי'ן און איז אין איין אויגענבליק גרייט געווען זיך ארויס־

צוואווארפען אויף קאוואלסקי'ן און איהם שלאגען. זיין סאלידע, רוהיגע נאטור האט איהם נור אבגעהאלטען פון א סקאנדאל.

מערי האט געענטפערט קאוואלסקי'ן האלב אין שפאס.

— גוט, פון היינט־אן וועל איך אנהויבען נאכצוקוקען מיין מאמעס אלטע אוצרות און וועל זעהן, וואס דארט איז פאראן פאר מיר. מישא, ווען גרייטסטו דו זיך אין וועג ארייין? איך בין שוין באלד פארטיג, — האט זי זיך געווענדעט צו מישא'ן, אויפגעהויבען זיך פון ארט און גענומען מישא'ס ארעם און געקוקט איהם ליעבליך אין געזיכט ארייין, אז מישא'ן איז ווארים געווארען אין אלע גליעדער. נאך איהר האט זיך די גאנצע געזעלשאפט אויפגעהויבען און אנגעהויבען צו שפאצירען צווישען די אלעען.

דער גארטען איז איצט פול געווען און פון דער־ווייטענס האט זיך געהערט, ווי די זעלנערשע טראמפייטען שפיעלען א וויענער וואלס.

מערי האט פעסט געהאלטען מישא'ס ארעם און האט איהם אלץ ליעבליך געקוקט אין די אויגען ארייין און גערעדט מיט איהם אזוי פריינדליך, אזוי גוט, אז מישא האט ניט געקאנט קיין ווארט פון מויל ארויסברענגען. זיין אינגליש פנים האט זיך פערקרימט ווי צום וויינען און ער האט פערגעסען אן אלץ, אן זיינע געדאנקען ווענען פארטייען, ווענען „עפים טהאן" — עס איז איהם גוט געווארען, גוט ביז צום שמערץ.

— פארוואס ניט? — האט ער זיך געזאגט — פארוואס זאל עס זיין ניט קיין ליעבע? קאן איך דען ניט אזוי פיהלען, ווי א גאנצער פארטיגער מענש, א דאקטאר, א טשינאווניק? איך בין דאך שוין א דערוואקסענער מענש.

אין דעם האט ער דערפיהלט, אז איהר האנד ליגט אין זיינער. ער האט געקוקט אויף איהר. איהר בליק איז איצט געווען געווענדעט אויף קאוואלסקי'ן מיט ראחעל'ן, וועלכע זיינען געגאנגען פאראויס. זי האט אלץ געזעהען קאוואלסקי'ס אפען מויל און אויגען און זיין פערלעגענעם שמייכעל, קוקענדיג אויף ראחעל'ן.

מערי'ס הענד האבען געצוקט, זי האט געווארפען אן אונרוהיגען בליק ארום זיך, האט פלוצים ארויסגענומען איהר האנד פון מישא'ס ארעם און האט אין מיטען ריידען אבגעהאקט.

מישא האָט אַ ציטער געטהאָן מיט זיין גאַנצען קערפּער און האָט קראַמפּפהאַפט די ליפּען פערביסען.

---

# דאָס דרייצעהנטע קאַפּיטעל.

אין אַ פּאָר טעג ארום איז קאַוואַלסקי פערשוואונדען געוואָרען. ווי אין וואסער אריין. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. מערי איז געגאַנגען צו בעקאַנטע, וואו קאַוואַלסקי פלעגט קומען, צו דעם באַנקיר קעניג, צום פעטער, האָט געלוישט אַ וואָרט וועגען קאַוואַלסקי'ן אבער אלע האָבען זיך נור געוואונדערט איבער זיין פּלוצלונג'דיג פערשווינדען. פון קיינעם האָט ער ניט גענומען קיין אבשיעד. מען האָט ביי איהר געפרעגט אויף קאַוואַלסקי'ן, געמיינט, אַז זי מוז עס דאָך צו בעסטען וויסען. איהר האָט דאָס פערדראָסען. אָבער אזוי לאַנג ווי זי האָט געפיהלט קאַוואַלסקי'ן ניט ווייט פון זיך, חאָטש זי איז אויף איהם ברוגז געוועזן, האָט זי זיך געפיהלט בערוהיגט. זיין פּלוצלונג'דיג פערשווינדען האָט זי אויפגערודערט, זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. בייז און בעליידיגט איז זי געווען אויף זיך אליין.

— „וואָס געהט מיך אָן דער פּויליש פּראָזען־מאַכער?“—ווי זי האָט איהם גערופען. דאָך זינט יענער שפּאַציר אין גאָרטען, וואו זי האָט איהם געזעהען אין געזעלשאַפט מיט ראחעל'ן, האָט זי זיך אונטערגעגעבען. זי האָט געפיהלט, אַז איהר מלחמה־האַלטען מיט זיך איז אומזיסט. יאַ, זי איז אייפערזיכטיג אויף קאַוואַלסקי'ן.

— „אָבער, נאָט, ווער איז ער? ווי קאָן מען אייפערזיכטיג זיין אויף אַ מענשען, וועלכען מען האָט פיינט?“ — אין דעם איז זי דאָך געווען איבערצייגט. ווער ווייסט, אפשר האָט ער שוין אַ ווייב מיט קינדער, אפשר שוין אַ געליעבטע. נאָר דאָס זיינען אַלץ געווען תירוצים אויבערפערליכע. אינעווייניג, פאַר זיך איז איהר אין דעם אַלעס קיין אונטערשיעד ניט געווען. מעג ער האָבען אַ ווייב מיט קינדער, מעג ער זיין ווער ער איז — זי האָט געפיהלט, אַז זי בעדאַרף זיין נאָהנטשאַפט, און מיט איהם איז איהר גוט, איז איהר גוט, ווי ער איז.

— „אבער ער ליעבט מיך גארניט; ער פעראכט מיך דאך. איך קום צו איהם און בויג מיין קאפּ פאר איהם און ער שטויסט מיך אב פון זיך, ווי א הונד. ווי א הונד שטויסט ער מיך אפּ פון זיך.“

איהר גאנצער שטאלץ האט זיך דערוועקט אין איהר. זי האט זיך געזאגט: ניין, קאוואלסקי איז פאר מיר א טויטער בוכשטאב. אבער אינוויינינג, טיעף אינוויינינג, אין זיך, האט זי דאך געפיהלט, אז עס איז ניט אזוי, אז איהר לעבען הויבט זיך ערשט איצט אן, ערשט איצט — זינט זי האט דערקענט דעם שלעכטען, פרעמדען מאנספּערשוין; אז אלץ, וואס זי האט געהאט דורכגעלעבט ביז איצט, איז נאר־ניט, אפילו איהר סענטימענטאליטעט צום יונגען שוישפּיעלער אין קיעוו. ניין, דאס איז גארניט געווען, איצט ערשט הויבט זיך עס אן, מיט דעם פרעמדען, וואס שלאגט זי מיט דער פויסט אין פּנים אריין און יאגט זי פון זיך. דאס איז איהר לעבען, דאס איז איהר גורל.

און זי האט געזאגט: — „מיט וועמען האלט איך מלחמה? צו וואס צווינג איך מיין הארץ — איך וועל דאך סיי־ווי־סיי ניט קאנען מנצח זיין! איך וועל אהינגעהן צו איהם און וועל מיך איהם ברענגען און וועל איהם זאגען: „אט בין איך, איך וויים ניט, עס איז עפּים אין מיין הארץ רייף געווארען פאר דיר, נעהם עס צו און גיב מיר צוריק מיין רוה“.

— „און וואס נעהט עס מיך אן ווער ער איז און וואס עס איז מיט איהם? איך טהו עס דאך פאר מיר — האט זי צו זיך גע'טענה'ט — פאר מיר און ניט פאר איהם!“

און די נעכט זיינען געווארען צו טעג און די טעג צו ווירענדע חלומות.

— „און וואס וועט זיין, אז איך וועל קומען צו איהם און איך וועל מיך איהם ברענגען, און ער וועט מיך לאזען שטעהן, מיט א פעראכטענדיג שמייכעלע וועט ער קוקען אויף מיר, אדער ער וועט מיך בערוהיגען, ווי מען בערוהיגט א קינד: געה אהיים, שלאף און פערגעס אן אלץ?“

א וואלקען איז איהר פאר די אויגען שטעהן געבליבען און איז קאפּ איז איהר הייס געווארען און זי האט זיך געזאגט:

— „ניין, טויזענר מאל שטארבען און ניט איין מאל די שאנר דורכטראגען".

און דאך האט זי זיך ניט געקאנט איינהאלטען און איז אהינגע־גאנגען צו מישא'ן און האט זיך פארבייגעהענדיג געפרעגט אויף די לייזעראוויטשעס און איהר צוועק איז געווען — געוואהר ווערען, צי איז קאוואלסקי ניט דארט ביים דאקטאר לייזעראוויטש.

— „יא, זי מוז זיך עס זאגען. זי איז געגאנגען אהין, נור צוליעב דעם און נור צו דעם צוועק האט זי גערעדט מיט מישא'ן וועגען די לייזעראוויטשעס".

אזוי האט זי מיט זיך מלחמה געהאלטען איינינע טעג, איינינע נעכט, ביז אין איין שעהנעם פריה־מארגען האט זי זיך אויפגעהוי־בען, אנגעטהאן זיך און איז אוועק אין דארף אריין, וואו זיי זיינען גע־ווען צום ערשטען מאל.

אויפ'ן וועג צום דניעפּר צו, צווישען די בזשאזעס האט זי איהם געטראפען. ער איז געשטאנען אונטער א גרויסען שירם אין זיין פויערשען קאפּעלוש פאר א מאלער־שטענדער.

איהר האט זיך געדוכט, אז ער איז העכער געווארען אין דער צייט, וואס זי האט איהם ניט געזעהען.

א מינוט איז זי פון דערווייטענס געשטאנען, איהם בעטראכט ווי ער ארבייט. ניט א שטריך און לויפט יעדען אויגענבליק אב פון דעם בילד און בעטראכט עס פון דער־ווייטען; באלד שטעלט ער זיך אב דערביי און לענט צו דעם פענזעל צום בילד, שאקלענדיג זיך דערביי ערנסט, פערטיעפט, ווי ער וואלט געדאווענט; איהר איז אין אויגענ־בליק ניט איינגעפאלען זיך צו דערווייטערען, כדי איהם ניט צו שטע־רען. פערקעהרט, עס האט זי איצט א גרויס חשק אנגענומען צו זעהן זיין געזיכט און צו זיין דערביי, ווי ער ארבייט. זי האט גע־פיהלט א גייסטיג בעדערפניש אין דער מינוט צו איהם נאהנט צו זיין.

ווי א קאץ האט זי זיך צוגעשלייכט אין דער שטיל, האט זיך פון דער־ווייטענס אוועקגעזעצט און האט געקוקט אויף זיין געזיכט. עס איז געווען גאר אנ'אנדער קאוואלסקי, ווי דער, וועמען זי האט גע־קענט. זיין געזיכט איז אינגער געווארען מיט צעהן יאהר און דאך פול מיט ענערגיע. זיינע אויגען האבען געגלאנצט, אויף זיינע ליפּען איז געלעגען דער שמייכעל פון א קינד און איבער זיין געזיכט האט

זיך פערצויגען א וואלקען פון טרויער, פון א ערנסטער, ליעבער מע־לאנכאליע, גלייך ווי ער וואלט געזעהן א אונזיכטבארע וועלט, דעם ערנסט האט זי קיינמאל ניט בעמערקט אויף זיין געזיכט און האט נישט געוואוסט, אז אזא ערנסט קאן געמאלט זיין.

זיין געזיכט האט איהר אין דעם אויגענבליק דערמאהנט נאך אנ'אנדער געזיכט, וואס זי האט אמאל געזעהן, זי איז א קליין מיידעל געוועזן. עס איז געוועזן דאס געזיכט פון איהר פעטער, דעם רבי'ן פון גאליציען, וועלכער האט זיך ביי זיי אויפגעהאלטען אמאל א שבת און האט קידוש געמאכט.

אן ערנסטער, ציטריגער טרויער האט זי ארומגענומען.

דאס אלץ האט אבער נור געדויערט א פאר מינוט. באלד האט זי קאוואלסקי בעמערקט. ער איז ניט דערשראקען, ניט פערוואונדערט געווארען. ער האט נור אויסגערופען אויף פויליש: „אח, איהר זייט עס!" — און האט ווייטער געארבייט, גלייך ווי איהר פלוצלינג'דיג ערשיינען וואלט גאנץ נאטירליך געוועזן. נור צו זיך האט ער אלץ געזאגט: „באלד, אזוי, איהר זייט עס, באלד, באלד". און מען האט געזעהן, אז ער ווייסט ניט די בעדייטונג פון די ווערטער און זאגט דאס גלאט אזוי, אבי צו ריידען.

זי האט געשוויגען.

— עס האנדעלט זיך אום דעם וואלקען — האט ווייטער קא־וואלסקי גערעדט, ווי צו זיך, קראצענדיג זיך אין קאפ, ניט אראבנעהמענדיג זיין אויג פון בילד און דעם וואלקען און ווייטער געטהאן זיין ארבייט — אלץ איז א וואלקען. די ווארימקייט, אט־אט די ווארים־קייט. און זעהט דעם שטאלץ, וואס א וואלקען האט. יא, אזא שטאלצקייט! איך האב א פראפעסאר געהאט, איז ער א הויכער גע־ווען, און אזא דיקען בויך געהאט און ער האט געמאלט בלויז קליינע בילדלעך: א שטיקעל פעלד, א שטיקעל הימעל און א וואלקענדעל; ער פלעגט זאגען, אז די גאנצע וועלט איז וואלקען. יא, יא. און וואס זאגט איהר? הא? — האט ער זיך פלוצים געווענדעט צו מערי'ן.

מערי האט געוואוסט, אז די ווערטער זיינען ניט צו איהר גע־ריכטעט, אז ער זעהט זי ניט און פיהלט זי ניט איצט ביי זיך. זי האט געשוויגען און קאוואלסקי האט ווייטער גערעדט, ווי צו זיך אליין און געטהאן זיין ארבייט.

— א וואַלקען איז ניט קיין קליינינקייט — האָט ער, מיין גראַבער פּראָפעסאָר, געזאָגט — דאָס איז ניט קיין קאַפּאָטע. דאָס איז אַן אייבינקייט. אַ מיידעלשער קערפּער. יאַ, יאַ מאַדעליזירען, מאַדעליזירען. ווי אַ ווייבערישען אַקט דאַרף מען אַ וואַלקען. און די וואַרימקייט און דער שטאָלץ, שטאָלץ· צי ווייסט איהר, וואָס הייסט מאַלען אַ וואַלקען? — האָט ער געזאָגט, דער פּראָפעסאָר — עס איז אַרויפצוגעהן אין הימעל אַריין און זעהן אַ פּרעמדע וועלט, וואָס מיר קענען ניט. נעהמט אַזאַ אידעל מאָלען אַ וואַלקען, אַ הימעל, וויל זעהן נאָט און עס צוריקגעבען מיט זיינע אָרימע פאַרבען. אַ חוצפּה, האַ? אַזאַ קליין אידעל, — האָט ער זיך קינדיש, הערצליך צולאַכט.

באַלד האָט ער אָוועקגעלעגט דעם פּענזעל מיט די פאַרבען און האָט גענומען בעטראַכטען אַ מינוט דאָס בילד, אַ מינוט די לאַנדשאַפט אַרום.

און ער האָט זיך געווענדעט צו מערי'ן אין זעהר אַ פרעהליכען טאָן. זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט און ער איז אונגעהויער גוט געווען.

— גוט האָט איהר געטהאָן, וואָס איהר זייט אַרויסגעקומען. גוט, גוט. אַח, ווי גוט. איך בין זעהר פרעהליך, איך בין זעהר פרעהליך,— און ער האָט זי זעהר לייכט בעריהרט די פּלייצעס — אַט זעהט וואָס איך האָב געמאַכט; עס איז גאַרניט ווערטה, עס פעלט עפּעס, (קוקט ער נאָכאַמאָל אַן זיין בילד). יאַ, ליעבע פעהלט. אַט וואָס, ווי מיין פּראָפעסאָר פלעגט זאָגען, דער, מיט'ן גראָבען בויך. אום צו מאַכען אַ שעהנעם וואָלקען מוז מען ליעבען. יאַ, יאַ. אַזוי האָט ער געזאָגט, אום צו מאַכען אַ גוטע זאַך, מוז מיין זיין אַ בעליעבטער· אָדער ווייסט איהר וואָס? גאָר ביי זיך נ ע פ א ל ע ן צו זיין, עפּים אַ גרויסע זינד אויף דער נשמה צו האָבען. יאַ, יאַ, מיט אַ גרויסער זינד אויף דער נשמה קאָן מען גרויסע זאַכען מאַכען, אַז מען איז נידערשלאָגען. און א י ך וואָס? ניט איך האָב קיין זינד אויף דער נשמה און ניט איך ליעב וועמען. נו, ווי קאָן מען דאָ עפּים רעכט מאַכען? אַנ'אָנגעגעסענער בורזשואַ. עסט זיך יעדען טאָג זיין מיטאָג און מאָלט זיך יעדען טאָג אַ ביסעל. ניין, ניין. מיט אַזאַ זאַטען מאָגען און ריינעם געוויסען קאָן מען גאַרניט מאַכען. מען דאַרף זיך פערליעבען. יאַ, יאַ, פערליעבען מוז איך זיך, אָדער אַ מענשען הרג'ענען, אַז ניט וועל איך אונטערגעהן, — ווי מיין פריינד גליקסמאַן האָט געטהאָן. איהר ווייסט ניט,

וואָס מיין פריינד גליקסמאַן האָט געטהאָן? ווענגרעט ער זיך צו מע־רי׳ן און ברעכט אויס אין אַזאַ קינדיש, הערצליך געלעכטער. אַז מערי האָט געמוזט מיטשמייכלען — הערט־אויס, הערט־אויס, איהר וועט לאַכען, מיין פריינד גליקסמאַן...

מערי איז געזעסען און האָט איהם גלייך אין די אויגען אריין גע־קוקט. זי האָט געזעהען זיין גליק, ווי עס שפּיגעלט זיך אויף זיין גע־זיכט, און זיין קינדיש לאַכען, ווי עס גיסט זיך, ווי אויס - קוואַל און איהר איז גוט געווען דערביי. זי האָט איהם מיט אונבעגרענצטער ליעבע צוגעהערט און ניט מיט איין וואָרט זיין שטראָמענדיגע פרייד געשטערט.

— מיין פריינד גליקסמאַן, הערט־אויס — בעריהרט ער לייכט מע־רי׳ס פּלייצעס — איז מיט אונז אינאיינעם אין אַקאַדעמיע געווען. אַ כיטרער יונג. ער האָט זיך פריה־מאָרגענס אויפגעכאַפּט, דעמאָלט ווען דער טוי ליעגט אויף די פעלדער, און ארומגעלאָפען וואַלקען מאָ־לען. ער האָט פלינק, מיט געוואַלד, געוואָלט ווערען אַ גוטער מאָלער. מיט געוואַלד געהט עס ניט, ברודערקע. דער פּראָפעסאָר זאָגט: „יאָ, וואָס טויגען מיר דיינע וואָלקענס, אַז זיי זיינען אידישע קאַפּאָטעס. אידישע קאַפּאָטעס האָט ער געזאָגט — אַזאַ פּראָפעסאָר האָבען מיר געהאַט. דיין שניי איז אהן ליכט, ווי ער וואָלט ניט פון הימעל געפאַ־לען: דיין וואַסער איז אויסגעלאָשען און דיין הימעל איז אַ פּלאַכטע, קאַפּאָטעס — ווייסע, נור קאַפּאָטעס. קיין ליכט, קיין לעבען, קיין נשמה, — אַזוי האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. ליעבע פעהלט, ליעבע, דו מוזט זיך פערליעבען. און וואָס מיינט איהר? ער האָט זיך ניט פערליעבט? אַח, אַח, הערט־אויס אַ געשיכטע. ביי־נאַכט ליעג איך אַזוי, וועקט מיך ווער: „מיכאל, מיכאל!“ איך עפען די אויגען, גליקסמאַן זיצט ביים ראַנד בעט (מיר האָבען אינאיינעם געוואוינט). „וואָס ווילסט דו“? פרעג איך. — „שלעכט איז מיט מיר“ — זאָגט ער. „דער פּראָפעסאָר געפינט, אַז אין מיינע בילדער פעהלט ליעבע. איך פיהל עס אויך. איך וויל, איך מוז מיך פערליעבען“ (איך האָב זיך דערמאָהנט. פאַר אַ פּאָר טעג האָט מיט־מיר גערעדט מיינער אַ בע־קאַנטער פון קראָקוי. האָט זיך געקלאָגט פאַר מיר: ער האָט איינציגע טעכטער און קאָן זיי ניט אויסגעבען. מען דאַרף מיין בעקאַנטען פון קראָקוי אַ טובה טהאָן, דענק איך ביי מיר). „דו ליעבסט שוין“, זאָג

איך. „איך?“ — פרעגט ער מיך פערוואונדערט. — „יא, דו. דו מיינסט, איך האב ניט געזעהען, ווי דו ביזט רויט־טויט געווארען, אז דו האסט דערזעהען דאס פריילין ראָטענבערג אין טהעאטער. יא, דיינע אויגען האבען געגלאנצט און דיין פנים האט געלויכטען, און דיין הארץ האט געקלאפּט. מיך ווערסט דו ניט אבנארען, דאס איז די ליעבע, ברודער־קרויז. מיך ווערסט דו ניט אבנארען, דאס איז די ליעבע“. — „אבער וועלכעס פריילין ראָטענבערג?“ — פרעגט ער מיך פערוואונ־דערט. — „זי. דאס פריילין מיט די ברילען, וואס שפּיעלט אזוי גלענ־צענד פּיאנא. דו געדענקסט, מיר זיינען געוועזען ביי איהר פאטער צו־גאסט און דאס מיידעל האט אונז געשפּיעלט. אח, דיין גליק דאן! און דיינע אויגען דאן, און דיין ארויף און אראבלויפען איבער דער שטוב און רייסען זיך בי די האהר! ניין, ניין, דאס איז די ליעבע, ברודער־קרויז. מיך ווערסט דו ניט אבנארען“. — „וועלכע ראָטענבערג? דעם פארבען־הענדלער'ס טאכטער, די מויד מיט די רויטע האהר? אבער אום גאטעס ווילען, איך קאן זי דאך ניט אנקוקען“. — האט דער יונג אויסגעשריען.—„אבער וואס רעדסט דו, דערמאהן זיך, ווי דו בלייבסט מיט א אויפגעריסען מויל. א, ברודער, דאס איז די ליעבע; דו ביזט ביין. דו דאנגעלסט זיך מיט דער ליעבע, דערפאר דאכט זיך דיר, אז דו קאנסט זי ניט אנקוקען. דאס איז עס, דו האלסט מלחמה, דו ווילסט דיך ניט נאכגעבען, אבער די ליעבע איז שטארקער פאר דיר, שטארקער. גיב דיך נאך, ברודערקע, פערפאלען, פערפאלען, גיב דיך נאך ——“

און וואס מיינט איהר? מיר זיינען ניט געפאהרען דעם צווייטען טאג נאך קראקוי? איך — איבערדריידען מיט'ן פאטער; ער — צום מיידעל? און וואס מיינט איהר? ער האט זיך אפשר ניט פערליעבט אין איהר? ביז'ן היינטיגען טאג! — שרייט אויס קאוואלסקי — ער שטארבט פאר איהרע טריט און ארבייטען האט ער אנגעהויבען בעסער. ער איז פערליעבט. מיט אזעלכע מענשען, ווי מיר ווערט איהר גארנישט מאכען. מיר דארפען נור וועלען און מיר קאנען זיך איינריידען וואס מיר ווילען — לאכט אויס קאוואלסקי.

מערי איז געבליבען זיצען און האט איהם אנגעקוקט פערוואונ־דערט. „גאט — האט זי זיך געטראכט — וואס פאר א מענש איז דאס? ווער איז ער“?

איהר האט ארומגענומען א שרעק פאר איהם און זי האט איהם אנגעקוקט. נור זיין געזיכט איז געבליבען אזוי אונשולדיג, קינדיש־פרעהליך, אז איהר האט זיך געוואלט שפיעלען מיט איהם. זי האט זיך אנגערופען האלב־פערשעמט און האלב־לאכענדיג:

— א נאט, וואס פאר א שרעקליכער מענש איהר זייט!

— אזוי איז עס, קינד, האט ער צו איהר געזאגט ליעב און נאאיוו — מיר קאנען זיך אלץ איינריידען, עס הענגט נור אלץ פון אונז אליין אב, — און ער האט זי פלוצלינג ארומגענומען און געקושט זי אין די האהר און די אויגען.

זי האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט דערביי אזוי נאאיוו און אונשולדיג אויסגעזעהן, אז עס איז נישט געווען אויף וואס זיך צו בייזערען און איבער וואס זיך צו שעמען.

---

און זי האט אנגעהויבען ארויסצוגעהען אין דארף אריין יעדען טאג, פון אלעמען זיך אבגעזונדערט. איהרע חבר'טעס וועניג געזעהן, מישא'ן אויסגעמידען און קיינער האט זי מעהר ניט אינטערעסירט, אליין זיך פריה־מארגענס ארויסגעכאפט פון שטוב און פערפאלען געווארען אויף גאנצע טעג. די מוטער איז פון געזולד ארוים, דער פאטער האט זיך אין זיין קאבינעט איינגעשלאסען און זי נישט גע־וואלט זעהן. ארויסגעקומען אין דארף, האט זי שוין קאוואלסקין גע־טראפען אין פעלד, ביי דער ארבייט. שטיל ווי א קאץ, האט זי זיך צוגעשלייכט, אוועקגעזעצט זיך אין א ווינקעל און צוגעזעהן, ווי ער ארבייט. טיילמאל האט ער זי בעמערקט, האט ער געשמייכעלט צו איהר און גערעדט צו איהר און טיילמאל האט ער גאר פערגעסען אז איהר און איז געווען איננאנצען איינגעטונקט אין זיין ליכט און אין זיינע פארבען.

נור זי איז גליקליך געווען, גליקליך געווען צו זיין דערביי, ווען ער שאפט, צו קוקען איהם געהיים אין פנים אריין, צו לויערן דאס ליכט, וואס שטראהלט פון זיינע אויגען בעת ער ארבייט, דאס עטעמען זיינס און די קינדערשע גרימאסע פען זיינע ליפען.

# דאס פערצעהנטע קאפיטעל

שבת אין דער פריה, ווען מישא איז אריין צו לייזעראוויטש'ן, האט ער דארט געטראפען א קליינע אונאנגענעהמע סצענע.

סאכאלין, זייער מיטשילער, וואס מען האט איהם פון אכטע קלאס ארויסגעווארפען איז געשטאנען אין א ווינקעל שטוב. זיין גימנאזיסטען־הוט אהן דעם שטערענדיל איז געווען ארויפגעווארפען אויף זיין צושויבערטע קאפ האהר און האט גלייך געקוקט זיין פאטער אין די אויגען אריין מיט יענעם ווילדען אויסדרוק, וועלכער ווערט ערנסט און אונבעוועגליך. און אונאויפהערליך געביסען די אויבערשטע ליפ.

זיין פאטער, א אונגעוועהנליך הויכער, ברייט־ביינערדיגער ריעז מיט א פאר גרויסע און שטארקע הענד, האט געקלאפט מיט זיין גראבען שטעקען אן דער פאדלאגע, די געלבע האהר פון זיין רויטען, דיקען קארק האבען זיך איהם אויפגעשטעלט און זיין גראבע באסשטים האט אנגעפילט דאס קליינע שטיבעל.

— צום דירעקטאר זאלסטו מיר געהן, — האט ער געשריען צום יונג, — די האנר זאלסטו איהם קושען, צו די פיס זאלסטו זיך איהם ווארפען און בעטען, אז מען זאל דיך צוריק אין קלאס צונעהמען. פאר די אויגען זאלסטו זיך מיר ניט ווייזען אהן א גימנאזיסטען־צייכען. אויף טויט וועל איך דיך דערהרג'ענען, — האט ער אויפגעהויבען זיין גרויסען שטעקען צום יונג, וועלכער איז געשטאנען און קיין פינטעל ניט געגעבען מיט'ן אויג, נור ווי א ווילד טיער געקוקט דעם פאטער גלייך אין פנים אריין. ד"ר לייזעראוויטש, שוין אנגעטהון דעם ראק, גרייט ארויסצוגעהן, האט מיט זיינע ביינערדיגע לאנגע הענד, קוים צוריקגעהאלטען דעם ריעז פון שלאגען דעם יונג. דער איד האט זיך געריסען פונ'ם דאקטאר'ס הענד און געוועגדט זיך מיט א וויינענדיג קול צום דאקטאר האלב־רוסיש, האלב־אידיש.

אכט יאהר האב איך דעם יונג אין גימנאזיום געהאלטען. איך האב נישט געגעסען, איך האב נישט געטרונקען, — האט דער איד געהליפעט, האלב אין טרעהרען, — איך האב געוואלט האבען א זוהן אין גימנאזיסטען־קליידער. צו וועמען בין איך נישט געלאפען נאך פראטעקציע! ביים גובערנאטאר אליין בין איך געווען, דעם דירעקטאר

די הענר געקושט. אַלץ האָב איך געטהאָן, אז איך זאָל דעם יונג אין גימנאַזיום אריינבריינגען, אַנ'אוניפאָרם איהם אַנגעטהאָן און ער געהט און וואַרפט דאס אַלץ אַוועק. אין „פּראַוויטעלסטוועניע" זאָכען געהט ער זיך מישען. די גימנאַזיסטישע אוניפאָרם טהוט מען איהם אויס— זעהט, זעהט:

ראָהעל איז געשטאַנען און מיט גרויס רחמנות געקוקט אויף דעם יונג וועלכער איז די מינוט פערשטיינערט געוואָרען פון איהרע בליקען. זי האָט געוואָלט צוגעהן צו איהם און איהם טרייסטען און האָט נאָרנישט געפיהלט דערביי, אז זי שמערצט איהם מיט איהרע בליקען, מעהר ווי זיין פאָטער מיט זיינע רייד. דאַוויד וועלכער איז שרעקליך אויפגערעגט געוועזען, האָט זיך געשעמט פאַר זיין חבר און האָט געקוקט אויף ראָחעל'ן בייז פאַר איהר רחמנות'דיגער מינע. ראָחעל האָט דאָס פערשטאַנען און האָט זיך מיט מורא צוגערוקט נעהנטער צו דאַוויד'ן.

— אָבער עס האָט דאָך קיין אומגליק נישט געשעהן, בערוהיגט אייך, — נעהמט איהם דער דאָקטאָר איין, — און אז ער וועט נישט טראָגען קיין גימנאַזיסטען-קליידער וועט ער דען שוין קיין מענש נישט זיין?

— וואָס? — שרייט דער איד — דאָס אַלץ איז איבער דאָנען, איבער אייך. איך האָב שוין געהערט, איהר האָט דעם יונג דעם קאָפּ פערדרעהט, — שרייט דער איד נאָך העכער, — פאַרוואָס האַלט איהר דאָ אויף דעם יונג? צו פרעסען גיט איהר איהם, נאַכטלעגער גיט איהר איהם. איך וועל צום פּאָליצמייסטער געהן. וואָס פאַר רעוואָלוציאָנע „סחאָדקעס" זיינען עס דאָ! — שרייט דער איד און זיין פּנים ווערט אָנגעגאָסען מיט בלוט. — צום פּאָליצמייסטער וועל איך געהן. נעגען מלוכה בונטעוועט איהר זיך? וואָס האָט איהר זיך אין „פּראַוויטעלסטוועניע" זאָכען צו מישען? אייך געפעלט נים די רעגירונג, און דעם יונג דעם קאָפּ פערדרעהט, פון גימנאַזיום איהם ארויסגעוואָרפען — איך וועל צום דירעקטאָר געהן. איך וועל איהם אַלץ דערצעהלען.

— אָבער בערוהיגט אייך, בערוהיגט אייך, — ווענדעט נאָך אָן דער דאָקטאָר די לעצטע קרעפטען.

דאוויד, אין ווינקעל איז בלייך געווארען, ווי די וואנד, זיינע נאז־לעכער האבען זיך איהם ברייט אויפגעעפענט און ער האט שווער געעטעמט. שוין אייניגע מאל האט ער זיך געוואלט ארויפווארפען אויף דעם ריעז מיט זיינע פויסטען, ער האט זיך אבער איינגעהאלטען מיט אלע קרעפטען. די לעצטע ווערטער אבער האבען איהם אזוי אויפ־געבראכט, אז ער האט זיך געגעבען א לאז צום אידען ווי א טיגער.

— די מינוט ארויס פון שטוב, אדער איך שיס אייך אונטער ווי א הונד! — האט ער אויסגעשריען, ארייגשטעקענדיג די האנד אין קעשענע.

— דאוויד, — האט דער דאקטאר א געשריי געגעבען.—בערוהיג זיך נאריש אינגעל!

דאוויד האט זיך צוריק אבגערוקט אין ווינקעל, בלייך, ווי די וואנד.

— אהא, — האט איהר געזעהן צו וואס זיי נעהמען זיך — האט דער איד אויסגעשריען — נאר זיין טאן איז שוין געווען געלעגט. ער איז בלייך געווען. ווי די וואנד און יעדעס מאל אומגעקוקט זיך מיט שרעק צו דאוויד'ן: — פאר אנ'עלטערען מענשען האט דאס שוין קיין דרך ארץ. עס וועט אנידערשיסען ווי א הונד: און פארוואס? — האט ער זיך געווענדעט צום דאקטאר מיט א וויינענדיגער שטים — איהר זענט דאך א פאטער, זאגט אליין, איהר זייט דאך אויך א איד. איהר ווייסט דאך ווי שווער עס קומט אן א אידען א זוהן אין א רעגי־רונגס־אנשטאלט אריינברייגגען? וויפיעל פראטעקציע האט עס גע־קאסט! עס איז דאך ביז'ן גובערנאטאר דערגאנגען. און ער געהט און פיהרט אלץ איבער. וואס קען איך טאהן? איך קאן דאך פאר'ן דירעק־טאר די אויגען ניט ווייזען. איך האב דיין זוהן אין א „פראוויטעל־סטוועננע אוטשעבנע זאוועדעניע" אויפגענומען, זאגט ער, איך האב איהם א רעגירונגס־אוניפארם אנגעטהון, מעשענע קנעפ געגעבען, זאגט ער, און ער געהט און מישט זיך אין „פראוויטעלסטווענע" זאכען! דו ביזט א איד, אלע מעגען און דו טארסט נים. דעם קאפ בויג צו דער ערד, צום דירעקטאר געה, די האנד זאלסטו איהם קושען, פאר די פיס זאלסטו זיך לעגען, טויטען וועל איך דיר, טויטען וועל איך דיר!..."

דער יונג איז געשטאנען און האט געקוקט דעם פאטער גלייך אין די אויגען אריין. אויף זיינע גראבע פליישיגע ליפען איז געלעגען א פעראכטענדער שמייכעל און זיינע שטארע, ניט פינקעלדיגע אויגען

האבען דעם פאטער׳ס נאנצע אינערליכע דורכגעבויערט און קיין זילבע האט זיך פון איהם נישט געהערט.

אבער דעם אידענ׳ס שטים איז שוין געווארען געבראכען; מיט שרעק האט ער זיך יעדעס מאל אומגעקוקט צו דאוויד׳ן, און אז דער דאקטאר האט זיך גענומען ארויסצוגעהן, האט ער זיך לאנג נישט גע־אמפערט און זיך געלאזט נאכשלעפען. מען האט געזעהן, אז אהן דעם דאקטאר׳ס צוריידען וואלט ער אויך אנטלאפען, מורא האבענדיג פאר דאוויד׳ס רעוואלווער.

אז דער איד איז אוועק זיינען אלע שטיל געבליבען. די יונגען האבען זיך געשעמט צו קוקען איינער דעם צווייטען אין די אויגען אריין, נאר אויף ראחעל׳ס געזיכט, אויף וועלכען עס איז געלעגען שרעק און רחמנות צום יונג, האט זיך דאך געוויזען א ליכטינער שמייכעל. זי איז געווען די ערשטע, וואס האט זיך אנגערופען צום יונג.

— האט נישט מורא פאר׳ן פאטער, נעהט נישט מעהר אהיים צו איהם. ביי אונז וועט איהר וואוינען, אט דא — ווייזט זי אויף א ליידיג ווינקעל אין שטוב — מיר וועלען א בעט אויפשלאגען פאר אייך.

און, ריידענדיג אזוי, האט זי זיך גענעהנטערט צום יונג, וועלכער איז געשטאנען אין דער פריהערדיגער פאזע און זי האט איהם אנ־געהויבען צו גלעטען מיט ביידע נאקעטע הענד איבער׳ן פנים.

דעם יונג׳ס פנים האט זיך אנגעצונד׳ען, ווי א פייער. צוויי גרויסע טראפענס טרעהרען זיינען איהם געבליבען הענגען אויפ׳ן אויגען־ראנד און ער האט אויסגעשריען:

— יא יעווא אוביו! — און איז ארויס האסטיג פון שטוב, ניט קוקענדיג קיינעם אין פנים אריין.

— גלופאיא! — האט דאוויד נעגעבען א געשריי אויף דער שוועס־טער.

ראחעל האט זיך געפונען שולדיג. זי האט געפיהלט דעם יונג׳ס צער און שאנד, וועלכער האט מעהר געליטען פון איהרע רייד, ווי פון זיין פאטער׳ס הארטע ווערטער. זי האט דאך דאס אבער גארנישט געוואלט: זי האט דאך איהם נור טרייסטען געוואלט, גוט מאכען און זי האט נישט אויף אזוי פיעל טאקט געהאט, אז זי זאל איצט שווייגען.

זי האט דעם ברודער אנגעקוקט מיט א בליק, פול שולד־בעוואוסט און אונטערטעניגקייט. זי איז שטאלץ געווארען אויף איהר ברודער.

וועלכער בעזיצט אזוי פיעל מענשליכעס און זי וואלט גערן גענומען די שטרענגסטע שטראף פון זיין האנד פאר איהרע ווייבערישע רייד.

זי האט געוואלט צוגעהן צו דאוויד'ן, איהם ביי דער האנד אננעהמען און זאגען: „דו ביזט גוט!"—נור זי האט איצט מורא געהאט פאר איהם. זי האט זיך געפיהלט זעהר נידערשלאגען און שולדיג פאר איהר נארישקייט. האט זי זיך אוועקגעזעצט רוהיג אויף איהר שטול, האט נור טיילמאל געווארפען א שמייכעלדיגען, פערשעמטען בליק אויף דאוויד'ן וועלכער איז געווען ערנסט פערטראכט און זי נארניט בעמערקט. זי האט זיך געווענדעט מיט איהר בליק צו מישא'ן, דער איז אבער אויך געווען ערנסט געשטימט און האט געשוויגען.

זי האט מיט אלע מעגליכקייטען זיך איינגעהאלטען פון וויינען און האט געשמייכעלט, חאטש איהרע אויגען זיינען נאס געווען פון טרעהרען.

באלד האט זיך אבגערופען דאוויד:

— עס וועט שוין צייט זיין, דו געהסט מיט? — האט ער זיך געווענדעט צו מישא'ן.

— אין וואלד? — האט מישא געפרעגט מיט אנ'אראבגעלאזטער שטים.

— יא, — האט ער געענטפערט און האט נישט בעאבאכטעט די שוועסטער, וואס געפינט זיך נעבען זיי.

— גוט.

— קום, — האט ער געזאגט.

— דא סווידאניא, ראחעל, האט מישא געזאגט צו איהר און האט איהר געגעבען די האנד.

זיי האבען די שטוב פערלאזט און זי איבערגעלאזען אליין מיט איהרע געדאנקען.

א פאר מינוט איז ראחעל געזעסען, האט זיך געשפיעלט מיט איהרע לאנגע צעפ און איז אלץ נאהנט געווען צו וויינען. „גלופאיא, גלופאיא!" — האט זי זיך אליין געזידעלט. ער האט זעהר רעכט, דאוויד, וואס ער וויל נישט האבען מיט מיר קיין געשעפטען, נעהמט מיך אין ערגיץ נישט מיט, נישט געוואלט אין וואלד נערמען און פערטרויט מיר גארנישט. איך בין א נאריש מיידעל, קאן נאך אלץ אויספלוידערען. איהר האט איצט אנ'אונגעהויערער שטאלץ ארומגענומען אויף

דאווידין. וואס פאר א מענש דאס איז. „ארויס פון שטוב! אז ניט וועל איך דיך ווי א הונד דערשיסען". „ווי א הונד דערשיסען"... און ווי דער איד איז דערשראקען געווארען פאר איהם און האט זיך יעדעס מאל אומגעקוקט מיט שרעק. אהא, דער טאן איז שוין אנ׳אנדערער. ער בעט זיך שוין. אודאי, האט ער רעכט. ער דארף מיר גארנישט פערטרויען, איך בין דאך א נאריש, נאריש מיידעל.

אין דעם האט זי פלוצלונג אין פענסטער דערזעהען א געזיכט. זי האט׳ס באלד דערקענט. דאס איז געווען דער יונג סאבאלין, וואס איז פון שטוב ארויסגעלאפען. באלד האט זיך די טהיר געעפענט און דער יונג מיט דעם אבגעריסענעם היטעל איז ווידער אין שטוב אריין. ער איז געווען רויט און דערשראקען, און האט געווארפען אן אונרוהיגען בליק ארום זיך, אבער ער האט קיין ווארט נישט ארויס־גערעדט.

ראהעל איז ערשטוינט געבליבען. זי האט נישט געוואוסט, וואס צו זאגען, זי האט זיך געשעמט פאר איהרע פריהערדיגע רייד, איז זי צוגעגאנגען צו איהם און האט געזאגט מיט א ווייכער שטים:

— זייט מיר מוחל פאר מיינע פריהערדיגע ווערטער!

דער יונג האט זיך נור אומגעקוקט און פערקרימט דאס פנים ווי צום וויינען.

— איך האב אייך נישט געוואלט קריינקען. איך האב עס געמיינט מיט אנ׳אמת. אבער איך בין א נאריש מיידעל און האב גערעדט נארישקייטען

דער יונג האט זי ווייטער אנגעקוקט און די פינגער זיך געביסען און געשוויגען.

זי האט געמאכט א טריט נעהנטער צו איהם און איהר ווייבליך געפיהל האט זיך איצט איינגאנצען ערוועקט אין איהר.

— אייך מוז זיין שלעכט אין דער־היים, געהט נישט אהיים! בלייבט ביי אונז. מיר וועלען אייך שוין איינארדנען.

דער יונג איז בלייך געווארען און האט ארויסגעשטאמעלט אייניגע געצעהלטע ווערטער.

— איך ביז אייך געקומען דאנקען,— האט ער געזאגט, די אויגען צו דער ערד.

— אבער פארוואס? — האט זי געזאגט, און איז דויט שעמעוודיג געווארען.

דער יונג האט זיך פלוצלינג גענעבען א ווארף צו איהר, ווי א טיער, געחאפט איהר האנד און האט זי געקושט.

— איך זעה אייך צום לעצטען מאל, — האט ער געשטאמעלט, נישט קוקענדיג איהר אין פנים אריין, און איז האסטיג ארויס פון שטוב.

ראחעל איז ערשטוינט געבליבען. זי האט נישט געוואוסט, וואס מיט זיך צו טהון.

---

# דאס פופצעהנטע קאפיטעל.

באלד נאכ'ן „ראוו" איז געשטאנען דער וואלד, אין וועלכען די פערזאמלונג איז פארגעקומען.

באלד ווי דאוויד און מישא זיינען אריינגעקומען צווישען די הויכע סאסנעס, האט זיי בעגעגענט א יונגער בחור מיט א שטעקעל אין האנד און מיט א פאר פינקעלנדע אויגעלעך און האט געלאזט פאלען א ווארט, ווי ער וואלט צו זיך גערעדט:

— ווער עס וויל קידוש השם, זאל זיך נעהמען רעכטס, נאכ'ן שווארצען דעמב.

געגאנגען א ביסעל ווייטער, האבען זיי שוין בעגעגענט קופּ־קעלעך יונגע־לייט מיט שטעקלעך אין די הענד, וועלכע זיינען איינ־איינעם געגאנגען און גע'סוד'עט זיך און געקוקט אויף זיי מיט חשד.

א פאר עלטערע אידען מיט בעוואקסענע בערד האבען זיך גע־ווייזען פון אנ'אנדער ווינקעל ארויס און אנ'אנדער יונגער מאן איז ווידער דורכגעגאנגען און ווידער געווארפען א ווארט: „ווער עס וויל קידוש השם, — זאל געהן צום שווארצען דעמב, רעכטס". אנגעקומען צום שווארצען דעמב, האבען זיי שוין דארט געטראפען א מאן צוויי הונדערט. מעהרסטען זיינען דאס געווען איינוואוינער פון „ראוו", עלטערע מענשען. אדער קינדער נאך; קיין מיטעל־יאהריגע האט מען נישט געזעהן. צווישען זיי האבען זיך געווארפען אין די אויגען די „אינטעליגענטען" פון שטאדט. זיי האבען זיך אבגעשיידט פון די „ראוו מענשען" נישט בלויז מיט זייער קליידונג, נאר אויך מיט זייער וואוקס און אויסזעהן. זיי האבען אויסגעזעהן נעגען די „ראווערמענשען"

ווי ריעזען, עפעס גאר ווי אן אנדער ראסע. די מעהרסטע ארבייטער פון „ראוו“ זיינען מיט א קאפ נידעריגער געווען פון די געוועהנליכע מענשען, סליינע דינע קערפערלעך מיט קליינע אונ'ענטוויקעלטע הענד און פיס. אלטע, בלייכע פנים'ער מיט אראבגעהאנגענע ליפען און אויסגעלאשענע אויגען. זיי זיינען געשטאנען און האבען גלייכגילטיג אויסגעהערט די רייד פון דעם יונגען־מאן, וואס מישא האט געהאט בעגעגענט ביי ד"ר לייזעראוויטש.

פיעל פון די פערזאמעלטע האבען זיך איינענטליך גאר ניט בעשעפטיגט מיט קיין מלאכה. עס זיינען געווען דארפס־געהער, האבען זיך ארומגעדרעהט אין גאס צו חאפען ערגעץ וואו א גראשען, און זיינען איינענטליך דא אהער געקומען, געמיינט, „טאמער וועט עפיס דערפון ארויסקומען“. אבער מעהרסטענטייל זיינען געקומען היימישע שניידער, וועלכע זיצען דורך גאנצע טעג און האלבע נעכט אין די איינגעפאלענע הילצערנע לעכער אין „ראוו“ און נייהען ביי די קליינע נאפט־לעמפלעך פעלצען פאר די פויערים. זיי האט מען גלייך געקאנט דערקענען אן די אויסערגעוועהנליך קליינע געזיכטער, פערראפיעטע אויגען און אן זייערע וואסערדינע גליעדער און קרומע פיסלעך, וועלכע מען געפינט ביי מענשען, וואס זיצען דורך גאנצע טעג אין פערמאכטע שטיבער און געניסען ניט פון דער זון.

פאר זיי איז דאס געווען די פערזאמלונג און איבער זיי האבען זיך עס געקריעגט צוויי „פארטייען“ ביי אירען.

יעדע פון די פארטייען האט געוואלט האבען דאס רעכט אויף דעם „ראוו“ און ביידע פארטייען זיינען א גאנצע וואך ארומגעלאפען אין די ווארשטאטען און האבען צוזאמענגערופען די פערזאמלונג. די פערזאמלונגען פון די פארטייען האבען געזאלט זיין בעזונדער, זיינען אבער דאך געווען אינאיינעם — ווייל דער עולם האט זיך נישט געוואלט צוטיילען און האט געוואלט הערען, וועגען וואס דא האנדעלט זיך. נאר אנשטאט די ארבייטער זיינען געקומען די בעלי־הבתים אליין, ווארום קיין „משרתים“ זיינען נישט געווען אין „ראוו“. עס האבען געארבייט מעהרסטענס פאטערס מיט זיהן צוזאמען, יונגע־לייט נאך דער חתונה, וואס דער שווער האט אוועקגעגעבען דעם איידעם א מאשין און דער איידעם האט זיך געשטעלט ביי איהם צו דער ארבייט.

דער רעדנער איז געשטאנען אויף אנ'אבגעהאקטער קלאץ און האט

אויסגערעכענט די בעדינגונגען, וואס דער ארבייטער פאדערט: קודם כל א ליכטיגע ברייטע וואוינונג מיט ווענטילאציעס; די ארבייט האט געדארפט זיין אין זומער פארלויפיג ניין שעה, אין ווינטער — צעהן. שפעטער וועט מען דארפען ארבייטען נור אכט שעה אין טאג; קינדער טארען נישט ארבייטען. עס קאן נאך מעגליך זיין איינצופיהרען אזעלכע מאשינען, וואס מען דארף נישט אליין טרעטען מיט די פיס, נור טרייבען מיט עלעקטריע, און צו דעם אלעם דארף דער ארבייטער פערדיענען צוויי מאל אזוי פיעל, וויפיעל ער פערדיענט היינט און לעבען אנשטענדיג אין א ריינער וואהנונג און זיינע קינדער לאזען לערנען.

— הע, בעריל, וואס זאגסטו צו דעם? — האט זיך איין איד אנגערופען צום צווייטען, וועלכער האט געטראגען א פאר שווארצע ברילען.

— אדרבה, לאז מען עפעס זעהן, לאז מען, ס'איז שוין צייט, אז מען זאל זיך אנהויבען אומקוקען אויפ'ן ארימען בעל־מלאכה אויך, — האט זיך דער צווייטער אנגערופען.

— אבער ווער וועט דאס אלץ געבען, ווער? — פרעגט דער ערשטער.

— ווי הייסט, ווער? עס קומט פון די הויכע מקומות. דער ברודער ארבייטער האט זיך דערשלאגען צו די הויכע פענסטער, האט דארט א געוואלד געמאכט. וואס מיינסטו, עס איז נישטא קיין גערעכטיגקייט אויף דער וועלט? עס איז דא גערעכטיגקייט. מען איז געקומען, מען האט זיך דערשלאגען, מען האט געזאגט אין די הויכע מקומות א ראטשילד, א גובערנאטאר. מען האט רחמנות געקראגען.

— דער ארבייטער דארף נישט קיין רחמנות אויף זיך — דער ארבייטער בעט נישט, נאר פ א ד ע ר ט, — האט זיך אנגערופען א יונגער מאן מיט א שטעקעלע אין האנד, וואס איז דערביי געשטאנען און האט אויסגעהערט דעם געשפרעך — עס איז געקומען א צייט, אז דער ברודער ארבייטער נעהמט זיך דאס אליין, ער בעט נישט ביי קיינעם און נעהמט נישט פון קיינעם.

— נור ווער דען? ווער דען וועט דאס געבען די גוטע זאכען?

— מ'האט אייך געזאגט, אז מען וועט נישט געבען, נאר מיר וועלען דארפען אליין נעהמען. מיר אליין — האט זיך אנגערופען א צווייטער

יונגער־מאַן אַ גימנאַזיסט פון שטאָדט מיט אַ פּאָר רויטע באַקען און אַ פּאָר געזונטע הענד.

— אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי וועט מען זיך נעהמען?

— מיט שטרייקען! — האָט דער בחור מיט די רויטע באַקען אויס־געשריען. כל זמן מען וועט דאָס אונז נישט נאָכגעבען, וועלען מיר נישט געהן צו דער אַרבייט.

— וואָס אויך אַ ברודער־אַרבייטער? — האָט דער איד מיט די שוואַרצע ברילען געפּרעגט אויפ'ן בחור'ל.

— ע, עס איז דאָך זונדעל'ס זוהן פון שטאָדט.

— דעם טוך־הענדלערס?

— יאָ.

— און וואָס טהוט ער דאָ?

— ער איז אויך אַ מאַכער ביים ברודער אַרבייטער.

— זאָל מיר זיין פּאַטער דאָס טוך בילינגער לאָזען, וואָלט איך איהם מוחל געווען אַלע גוטע זאַכען, — זאָגט דער איד אין די ברילען.

— אָבער ווי אַזוי וועט עס דאָך זיין? ווי הייסט, מען וועט ניט אַרבייטען? און ווער וועט אונז עסען געבען? — ווענדעט זיך צום „אינטעליגענט“ פון שטאָדט אַ קליין אידעל מיט אַ געל בערדעל, וועלכעס זעהט אויס ווי צוגעקלאַפּט צו זיין איינגעפאַלען קינדיש פּנים'ל.

— מיר מוזען הונגערען, אַבי דעם שטרייק געווינען, — רופט זיך אָב דער בחור. מיר מוזען דעם שטרייק אָנפיהרען און דערפאַר, וואָס מיר וועלען הייגט הונגערען, וועלען מיר דערנאָך זאַט זיין. דער בעל־הבית וועט מוזען אָנקומען צו אונז, ער דאַרף אונזערע הענד.

— וועלכער בעל־הבית? דער פויער, מיינט איהר, וואָס קויפט ביי אונז?

— דער בעל־הבית, דער מייסטער, וואָס גיט די אַרבייט.

— וואָס הייסט, ווער עס גיט די אַרבייט? מיר אַליין גיבען דאָך די אַרבייט און מיר אַליין אַרבייטען די אַרבייט און מיר אַליין פער־קויפען די אַרבייט אויפ'ן מאַרק, און ווער וועט אונז געבען ליכטיגע שטיבער און געלד אונז בעצאָהלען און די אַלע גוטע זאַכען.

— מיר דאַרפען אָוועקלעגען די אַרבייט און צושטעלען די פאָדערונגען אין קאָמיטעט. דער קאָמיטעט וועט שוין אַליין פאָר

אונז אויסארבייטעז מיט'ן בעל־הבית. און ביז וואנעז מען וועט אונז נישט נאכגעבען די פארערונגען, וועלען מיר הונגערן און נישט געהן צו דער ארבייט. — רופט דער יונגער־מאן הויך אויפ'ן קול, אז די אנדערע ארום זאלען איהם אויך הערען.

— און ער וועט אויך הונגערן? — פרעגט זיך דער איד מיט די ברילען אויפ'ן יונגען־מאן — אונז הייסט ער הונגערן, זיין פאטער הייסט אונז אויך הונגערן.

— זיין מאמע האט שוין פאר איהם אבגעקאכט דעם מיטאג. אז ער וועט אהיים קומען, שטעהט שוין גרייט דאס געבראטענע גענזעל.

דער בחור מיט די רויטע באקען האט זיך נים הערענדיג גע־מאכט פון מיטאג און פון גענזעל און ווייטער גערעדט מיט די אידען.

— איך וויל שוין צושטעלען מיינע פארערונגען, — האט זיך אנ־גערופען דאס קליינע קינדישע אידעל מיט'ן רויטען בערדעל צו דעם בחור, האלב אין שפאס, — איך בעשטעה אויף דעם אלעס, וואס דער יונגער־מאן האט דא אויסגערעכענט, איך וויל שטרייקען!

— ווער זייט איהר, אנ'ארבייטער?

— אודאי. א ברודער־ארבייטער.

— איך מיין א בעל־הבית, צי א מענש?

— ווי הייסט א בעל־הבית? אודאי א בעל־הבית. איך ארבייט מיט מיין עלטסטען זוהן צוזאמען.

— און מענשען האלט איהר?

— מענשען! ווער האלט מענשען? אודאי, האלט איך א לערן־אינגעל.

— קאן דער קאמיטעט גאר נים טהאן פאר אייך. איהר זייט דאך אליין דער בעל־הבית און געגען וועמען ווילט איהר שטרייקען? זעהט איהר, אייערע מענשען קאנען שטרייקען — געגען אייך.

— אויב אזוי, טא קום שוין אהיים, בעריל, — רופט ער צום זוהן, — אט וועל איך אייך שיקען מיין לערן־אינגעל. א גוטען־שבת, האסט דו געזעהען א קאמיטעט!

נור באלד איז שטיל געווארען. אויף דעם אבגעהאקטען קלאץ איז איצט ארויסגעגאנגען שמואל בעריל'ס און ער האט אנגעהויבען ריידען.

דער גאַנצער „ראַוו“ האָט איהם געקענט. ער איז אַליין געווען אַ קינד פון „ראַוו“ און אַנ'אַרבייטער. אַנ'אונגעוועהנליך אונענטוויקעלטער מיט אַנ'אַרויסגעזעצטען הויקער, נאָר מיט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע בעלעבטע אויגען, איז ער געשטאַנען אויפ'ן קלאַץ און האָט געערעדט. ער האָט ניט גערעדט פון שטרייקען, ניט פון בעלי־בתים און ניט פון מענשען. ער האָט אין גאַנץ געוועהנליכע ווערטער געשילדערט דאָס לעבען פון די איינוואוינער פון „ראַוו“. זיין שטים איז געווען הייזעריג און פערכריפּעט און די מענשען פון שטאָדט האָבען איהם שווערליך פערשטאַנען. דערפאַר האָבען זיך אָבער די מענשען פון „ראַוו“ גוט צוגעהערט צו יעדען וואָרט זיינעם און פערשטאַנען, וואָס ער רעדט. זיין בילד איז געווען אַ טרויעריגעס. אַליין אַ קינד פון „ראַוו“, האָט ער געשילדערט דאָס לעבען פון די קינדער פון אידישען בעל־מלאכה פון „ראַוו“, ווי זיי וואַלגערן זיך אַרום אין קרענקליכער היץ אין דער בלאָטע און אָטעמען איין, פון קליינערהייד אָן, די פערדומפּפּטע לופט פון די קאַנאַלען. דורכדעם ווערען זייערע ברוסטען שוואַך, זייער אָטעם פערכאַפּט און זייערע שטימען זיינען הייזעריג און שנאַפּעלדיג.

ער האָט גערעדט וועגען דעם, ווי אָרימע מוטערס, אַליין פערדאַרט, קראַנק און מיט שוואַכע ברוסטען, זויגען זייערע קינדער און מיט דער מילך נאָגט דאָס קינד אויס דער מוטער'ס קרענק. ער האָט דערצעהלט, ווי די אייביגע נאַסקייט פון די הייזער ציהט אויס יעדען טראָפּען בלוט פון די לייבער. פערבלייכט די געזיכטער און מאַכט די ביינער ווייך. ער האָט דערצעהלט פון פערלאָזטע אַלטע, וועלכע זיינען ערשט נעכטען יונגע־לייט געווען, און שלעפּען זיך, ווי די ווערים איבער די בלאָטעס פון „ראַוו“ אַרום. ער האָט געוויזען דאָס לעבען פון זייערע קראַנקע ווייבער, וועלכע מוזען איבערלאָזען זייערע קינדער און מיט די קערב זיך שלעפּען איבער די גאַסען; דאָס לעבען פון זייערע קינדער, וועלכע וואַלגערען זיך אין די בלאָטעס אַרום, דאָס לעבען פון זיי אַליין און זייער נאָהענטע צוקונפט. דער עולם האָט איהם גוט פערשטאַנען און צוגעהאָרכט. איצט האָט מען שוין ניט געהערט קיין ווערטלעך, נור קרעכצען. ביטערע קרעכצען, וועלכע האָבען זיך אויסגעריסען פון די הייזעריגע און שוואַכע סוכאָטישע ברוסטען, אויסגעמישט מיט הוילע הוסטען. און איינער האָט געזאָגט צום צווייטען:

— אוי, איז עס וואהר, אוי, איז עס וואהר !

צום סוף האט דער רעדנער פארגעלעגט, אז דער „ראוו“ זאל דעמאנסטרירען. אז עס זאלען זיך צוזאמען נעהמען די אלטע מענער, ווייבער און קינדער פון „ראוו“ און זאלען דעמאנסטרירען איבער די גאסען פון שטאדט אהן געזאנג און אהן פאהנען, נור בלויז מיט זייערע געשטאלטען.

— ווייזט אייערע לייבער,—האט ער אויסגעשריען מיט זיין כריפענדיג קול. — דעקט אויף אייערע שמאטעס, נעהמט אייערע קינדער, ווייזט זייערע קרומע פיסלעך, זייער קרענק, זייערע געשוואלענע וואסערדיגע קעפ און פעררפאיעטע אויגען, זאלען אייערע ווייבער אויפדעקען זייערע ברוסטען און ווייזען זייערע סוחאטישע טארבעס, פון וועלכע זיי שפייזען אריין זייער קרענק אין דעם בלוט פון זייערע קינדער. פיהרט אייערע בלינדע אלטע פאר אייך, דערט נישט קיין ווארט, זינגט נישט קיין ליעד, ו ו י י ז ט אייך נאר, זאל די וועלט זעהן דעם „ראוו“ אין זיין פראכט און גלאנץ, און זאל זי דערציטערט ווערען, — האט ער אויסגעשריען.

דעם יונגען־מאן'ס רייד האבען געמאכט אן אונגעהויערען איינדרוק. דער עולם איז שטיל געווארען נאך זיינע רייד און קיינער האט ניט געוואגט עטוואס צו זאגען. די „אינטעליגענטען“ האבען פערגעסען אן סטרייק און די „גענעראלען“ פון די פארטייען האבען זיך אויפגעהערט צו קריגען און איינצוטיילען צווישען זיך די רעדנער. זיי האבען געזעהן, אז קיין שום רעדעס וועט איצט דער עולם נישט וועלען אויסהערען. איין „גענעראל“ האט אויסגעארביים א רעזאלוציע, אין וועלכער עס ווערט ארויסגעזאגט דער פראטעסט פון „ראוו“ געגען דעם — — — אונרעכט, וואס מען בעגעהט געגען אלע ארב"יטער — — פון „ראוו“ — — און עס ווערט אנגענומען איינשטימיג דער אכט־שעהדיגער ארבייטסטאג, און נאך איינינע פונקטען פון זייער פארטיי, וואס דער „גענעראל“ פון דער צווייטער פארטיי האט בשום אופן ניט געוואלט איינגעהן אויף די פונקטען, און צווישען זיי איז צוליעב דעם ארויסגעקומען א גרויסער סכסוך. זיי האבען זיך אבער באלד ארומגעזעהן, אז די רעזאלוציע וועלען זיי סיי־ווי־סיי נישט קאנען פארלעזען, ווארום דער עולם איז געווען שרעקליך אויפגערעגט און האט געוואלט אויספיהרען דעם יונגען מאנ'ס פראיעקט. דערהויפט

האבען זיך די יונגע „אינטעליגענטען" זעהר געריסען צו דער מאַני־פעסטאַציע. דאַוויד איז אַזוי בעגייסטערט געוואָרען פון דער אידעע, אַז ער איז באַלד געגאַנגען זי אויספיהרען. ער האָט צוזאַמענגענומען די לייט פון „ראַוו", וואָס ער האָט יעדען פון זיי געקענט פערזענליך. די מייסטע אינטערעסאַנטע עקזעמפּלאַרען האָט ער אויסגעשטעלט אין סאַמע פראָנט. איהם איז זעהר געפעלען געווען דאָס בילד, וואָס דער יונגער מאַן האָט געמאָלט, און ער האָט דאָס אַליין געוואָלט זעהן. אָבער ער איז ביי איהם נישט געווען בלויז אַ אינגעלשע פאַנטאַזיע. דאָס לעבען פון „ראַוו", צו וועלכען ער האָט זיך צוגעקוקט דורך זיין גאַנץ לעבען, האָט ער אויך איינגעזויגען אין זיך. ער איז גלייכגילטיג געוואָרען צו דער אָרימקייט און לייד, ווייל ער האָט דאָס יעדען טאָג געזעהען. אָבער זייער וועהטאָג איז איהם געלעגען טיעף אין האַרץ. ער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ קינד פון „ראַוו", און האָט מען גערעדט פון „ראַוו", האָט מען איהם אויך געמיינט. דאָס האָט איהם איצט אויפגעקאָכט. דער „ראַוו" זאָל זיך אין גאַס ווייזען — דאָ איז ער דאָ, דאָ קען ער זיך אויך ווייזען, ער איז אויך פון „ראַוו". ער האָט ניט געהערט די וואָרנונג פון זיין „גענעראַל", אַז עס ליעגט אין די אינטע־רעסען פון זייער פאַרטיי איצט נ י ש ט איינצוואָרדנען די מאַני־פעסטאַציע — ווייל דערביי וועט זיך בעטייליגען די צ:וייטע פאַרטיי אויך, נאָר זי אָבלעגען אויף אַנ'אַנדער טאָג, און זיין פאַרטיי אַ ל י י ן זאָל זי איינאָרדנען. ער האָט זיי נישט געהערט, ער האָט נאָר צוזאַ־מענגעשלעפּט איין אידען נאָכ'ן אַנדערען: „הע, ר' משה, קומט אהער"; „ר' יצחק, מיר וועלען געהן אינאיינעם"; „דן, דן, קום דאָ אהער, מיר וועלען דורך דער „שיראַקאַיאַ" דורכשפּאַצירען, און דורכ'ן „פּראָספּעקט" זאָלען זיי געהן. קומט, קומט, מיר וועלען זיך פאַר זיי ווייזען!".

און ער האָט זיי צונויפגעשטעלט און אַרויסגעפיהרט פון וואַלד, נישט אין שטאָדט אַריין, נור אין „ראַוו". זיי האָבען אויפ'ן וועג קיין סטראַזשניקעס נישט בעגעגנט, און די וואָס זיי האָבען יאָ בעגעגנט, האָבען געמיינט, אַז עס געהט אַ באַנדע אָרימע לייט, אָדער עס איז אַ אידישע לויה. אין „ראַוו" איז שטיל געווען. די טהירלעך פון די הייז־לעך זיינען געווען פערמאַכט. דאַוויד האָט געוואוסט פון די פערבאָר־גענסטע ערטער אין „ראַוו", — — — — — — — — — — —

דארט אחין האט ער געפיהרט די „קאמפאניע“. עס האט געקאנט זיין א מאן זעכציג, אכציג, ווארום מעהר ערנסטערע מענשען האבען זיך אבגערוקט און נישט געוואלט מיטגעהן. דאוויד האט ארויסגעשלעפט פון די הייזער א פאר ארימע קראנקע ווייבער און האט זיי געשטעלט אין פראנט מיט די קינדער אויף די הענד און נאכדעם האט ער אוועק־געשטעלט איינעם אויף א פאר קוליעס מיט א בלינדען קראנקען אידען, אז זיי זאלען אנפיהרען די מאניפעסטאציע. צוויי רייהען הויכע סר־חאטנע ווייבער מיט זייערע קראנקע קינדער אויף די הענד און נאך זיי דער „ראוו“ — בעגלייט פון די שמוציגע קראנקע קינדער מיט נעוואל־דען און געשרייען. די „אינטעליגענטען“ האט ער אבגעשטופט, נישט געלאזט מיטגעהן. „איהר קעהרט נישט דא אהער“ — האט ער געשריען; אליין זיך אנגעטהאן א צוריסענעם ראק, אנגענומען א בלינדען אידען ביי דער האנד און געשטעלט זיך אין פראנט.

— היידא, נאך מיר!

אז זיי זיינען אנגעקומען אין שטאדט, האבען זיי געטראפען א גע־רודער, דער הימעל האט שוין אנגעהויבען טונקעל צו ווערען און עס האט זיך געקליבען אויף רעגען. א ווינד האט געבלאזען און געהויבען די שטרויען און פאפירען פון גאס און איבער די דעכער. פון פארק איבער די „ברייטע גאס“ איז געווארען א געלאף, מענשען האבען זיך אריינגעהאפט אין פרעמדע שטיבער און געוועלבער אריין און פער־מאכט זיך אין זיי. דא און דארט האבען זיך שוין געהערט צוקלאפענ־דיגע טהירלעך פון די געוועלבער. א צושראקענע אידענע אהן א טיכעל, אהן א קאפעליוש, מיט בלויזען קאפ לויפט איבער'ן מארק און פרעגט זיך נאך מיט שרעק אויף איהר זוהן, וואס קיינער האט נישט געקענט און נישט געוואוסט; פון א באלקאן אראב פרעגט א הויכער דיקער הערר א פערביילויפענדען: „וואס איז געשעהן?“ — „עס האט זיך אנ־געהויבען“, — ענטפערט מען אב פון אונטען און מען פערשווינדט. דער הערר פרעגט א צווייטען פערביילויפענדען: „וואס איז געשעהן?“

— „פערמאכט דאס פענסטער“, — ענטפערט מען אב פון אונטען.

דער הערר פון באלקאן האט ענדליך דערזעהן זשאנדארמען פיהר־רענדיג א צובלוטיגטען יונגען־מאן — — — — — האט ער פערמאכט די טהיר פון באלקאן און איז פערשוואונדען אין שטוב.

אויף דעם טויט־שרעק אין גאס איז אנגעקומען די מאניפעסטאציע מיט די קינדערשע קולות און געשרייען.

דערזעהן די קופע ארימע לייט, האבען זיי מיט פעראכטונג נעגעבען א מאך מיט די הענד — — — — — — — — — — —

— זשידאווסקאיא סוואדבא, — האבען זיי צווישען זיך גערעדט און זיינען ווייטער געריטען.

אז דאוויד איז שפעטער אהיים געקומען, האט ער שוין געוואוסט פון אלץ.

עס איז געווען סאכאלין (דער יונג, וואס דער פאטער האט איהם היינט געפאטשט ביי לייזעראוויטש'ן אין שטוב פאר ראחעל'ן אין די אויגען). ער האט געשאסען אין דעם דירעקטאר פון שטאדטישען גימנאזיום, ווען דער לעצטער איז געגאנגען שפאצירען אין דעם שטאדטישען פארק.

געטראפען האט ער איהם נישט, און דעם יונג האט מען געחאפט און מיט א צובלוטיגטען מח געפיהרט אין טורמע.

דער דאקטאר האט געטענה'ט מיט דאוויד'ן אז ער זאל נישט נעכטיגען אין דער היים — ער איז געווען זיכער אז מען וועט קומען ביי־נאכט נאכ'ן יונג — און ער זאל פערברענען זיינע פאפירען.

די פאפירען האט ער פערברענט און פון שטוב האט ער בשום אופן ניט געוואלט געהן.

— איך האב דאך רעכט איבער מיר, — האט ער גע'טענה'ט צום פאטער.

דער פאטער, וועלכער האט נישט דוקא בלויז פרינציפיעל אנ־ערקענט דאס רעכט, נור דורך דער גאנצער צייט אליין עס איינגע־פלאנצט אין זיינע קינדער, האט שטיל געשוויגען, געווען זיכער, אז מען וועט דעם יונג ביי־נאכט ארעסטירען.

ראחעל איז נור געזעסען אין א ווינקעל. איהרע אויגען האבען היינט מאדנע געגלאנצט און אויף איהר האנד האט געברענט דער קוש פון סאכאלין.

אבער אומזיסט האט זיך דער פאטער געשראקען. גרויס איז גע־ווען זיין פערוואונדערונג, אז מען איז נאך דאוויד'ן נישט געקומען, קיין רעוויזיע נישט געמאכט, נישט די נאכט און נישט די קומענדיגע נאכט.

# דאס זעכצעהנטע קאפיטעל

מישא האט זיך ארויף און אראב געדרעהט איבער זיין צימער און געטראכט דערפון, וואס ער האט דורכגעלעבט די לעצטע טעג. אודאי, איז עס א גרויסע זאך, — — — — — — — — — — — — — — אודאי, איז עס א לעבענס־אויפגאבע. אבער וואס טהו איך? — האט ער זיך געזאגט — איך זיץ ביי מיין פאטער אין דער ווארימער שטוב, איך בין דאך ווי זונדעל'ס זוהן.

— ווי זיי האבען געקוקט אויף איהם מיט פעראכטונג (מישא האט געהערט די סצענע אין וואלד צווישען די בעלי־מלאכות מיט זונדעל'ס זוהן). זיי האבען רעכט, אז זיי קוקען אזוי אויף אונז. איך קום צו זיי און היים זיי שטרייקען, איך היים קעמפפען, און אליין וואס טהו איך? ווער בין איך? צי וואהן איך אין אזא דירה, ווי זיי? נישט. צי האב איך קראנקע קינדער און א קראנק ווייב, ווי זיי? נישט. נור וואס דען? איך האב א רייכען פאטער. דער פאטער ארבייט אויף מיר. מיין מיטאג שטעהט גרייט פאר מיר, צי איך קום יא אהיים, צי נישט. מיין בעט ווערט געבעט אהן מיר און איך דרעה זיך א גאנצען טאג ארום. וויל איך, ארבייט איך; וויל איך נישט, ארבייט איך נישט. און קום צו זיי, — צו מענשען, וואס איך האב קיין בעגריעף נישט פון זייער לעבען און וואס איך קאן זיך גאר ניט אפילו פארשטעלען זייערע פיזישע ליידען, און געה זיי העלפען. און מיט וואס? איך גיב זיי עצות און זאג, איך רייד. און ווער וועט מיך נויטען, אז איך זאל מארגען אויך קומען צו זיי, און מיט זיי ווייטער ריידען, און ווייטער עצות געבען? פארוואס זאל איך ניט קאנען מארגען אוועק־פאהרען און איינגאנצען אן זיי פערגעסען? אודאי, האבען זיי רעכט, אז זיי קוקען אזוי אויף זונדעל'ס זוהן, און זיי דערצעהלען איהם פון זיין מיטאג, וואס ווארט אויף איהם אין דער־היים, און פון די פראַצענטען, וואס זיין פאטער נעהמט פאר די סחורות ביי זיי. און וואס בין איך בעסער פון זונדעל'ס זוהן? איך בין דאך אויך דערזעלבער. ניין, זיי האבען נישט בלויז זונדעל'ס זוהן געמיינט, זיי האבען מיך אויך געמיינט. זיי האבען אונז אלעמען געמיינט. אלע שילער און „אינ־

טעליגענטען", וואס זיינען דארט געווען, און זיי האבען רעכט. מיר זיינען פרעמדע, מיר מאכען זיך נור א שפיעל פון זיי, אנ'ערנסט שפיעל, א שפיעל מיט א „אידעאל". געוויס! מיר שאפען זיך פון זייערע ליידען א אידעאל פאר אונז, כדי אנצופיעלען אונזער פוסט לעבען. עס איז א פערגניגען — אבער נור פאר אונז. דער ביפשטעקס איז אונז פער'מאוס'ט געווארען אין דער־היים, דאס געוועהנליכע לעבען, מיר ווילען האבען אויך א אידעאל, א גייסטיגע ארבייט, און מאכען זיך פון זיי, פון זייערע ליידען, א גייסטיג אידעאל, אונזער געוויסען צו בערוהיגען, אונזער ביפשטעקס צו בערעכטיגען.

אבער באלד האט ער זיך דערמאהנט אן די געשטאלטען פון יענע אינטעליגענטען, וועלכע האבען געליטען פאר די ארבייטער, די אלע, וואס שמאכטען אין סיביר אין די טורמעס; אן דער געשטאלט פון װענגעראװ, וועלכער האט אװעקגעװארפען זיין לע־נען, זיין היים, זיין גאנצע צוקונפט און לעבט נור צווישען די אידישע ארבייטער, קריכט אין אלע פינסטערע לעכער, לערנט זיי שרייבען און לעזען; אן ד'ר לייזעראוויטש'ן און טויזענד אידישע העלדען, וועלכע זיינען די לעצטע צייט צוריקגעקומען צום אידישען פאלק און האבען אלץ געאפפערט צוליעב זייער אידעאל. ניין, ניין, דאס איז נישט קיין שפיעל אין „אידעאל", אין א „גייסטיגען ביפשטעקס", דאס איז עס פאר איהם, מישא'ן, פאר זונדעל'ס זוהן און זייער גלייכען, אבער נישט פאר זיי. עס זיינען דא גרויסע קרבנות און גרויסע העלדען, מען דארף טהאן, ווי דאקטאר לייזעראוויטש, ווי װענגעראװ, אנגעהמען אלע פארמען פון זייער לעבען, אליין וואהנען אין זייערע וואהנונגען, אליין פערדינע־נען פון וואס זיי פערדיענען, אליין עסען זייערע שפייזען און שלאפען אויף זייערע געלעגערס. דער, וואס טהוט דאס, נור דער האט דאס רעכט צו זיי צו קומען, און נור דער קען עפעס אויפטהאן. ווי זיי האבען עס זיך צוגעהערט צו דעם יונגעןמאן, וואס האט דערצעהלט פון זייער לייד! דאס איז זייערס א מענש, אנ'איינגענער. אבער, נאט, — וואס קען איך אויפטהאן מיט מיין שניידערייי? — האט ער זיך ווידער געזאגט — וואס וועט שוין זיין אז איך וועל זיך אװעקזעצען אין איינעם פון די לעכער אין „ראוו" און אליין ווערען א שניידער? וואס וועלען דערמיט די ארבייטער געהאלפען ווערען? אמת, זיי וועלען האבען צוטרוי צו מיר, אבער וואס וועט דאן זיין?

אין קאפ האט זיך איהם געפּלאָנטערט אַ געדאַנק, וואָס ער האָט אַמאָל געלעזען:

— נוצען ברענגען הייסט אַלערערשטענס זיך אַליין נוצליך זיין. איך מוז און דאַרף צוערשט עפּעס ווערען.

— — — — — — — און דאָס אויפוואַכענדע רוסלאַנד?

און אָרום און אָרום דאָס לעבען?

נור יענע קאָנען אַנטהייל נעהמען אין דער בעוועגונג, וואָס זיינען צוערשט עפּעס, וואָס פערדיענען פאַר זיך אַליין דאָס שטיקעל ברויט, וואָס ליידען פאַר זייער עקזיסטענץ. איך האָב נאָך קיינע נישט, איך ברייננ נאָך קיינעם קיין נוצען ניט מיט מיין זיין און קאָן קיינעם נישט שאַדען מיט מיין אויפהערען צו זיין. צוערשט דאַרף מען עפּעס ווערען, אַז נישט בין איך, ווי די בעלי־בתים פון „ראַוו“, וועלכע זונדעל'ס זוהן רעדט־צו, אַז זיי זאָלען אַליין שטרייקען געגען זיך. ניין, זאָלען זיי, זאָלען זיי טהאָן, וואָס זיי ווילען, איך פאָהר קיין פּעטערבורג (ער האָט שוין געהאַט בעקומען אַנ'ענטפער פון פּעטער־בורג, אַז ער איז אָנגעקומען). און כדי זיך איננאַנצען גערעכט צו מאַכען ,האָט ער זיך דערמאָהנט דערין, וואָס ער האָט אין אַ בוך געלע־זען: „אום צו גרינדען אַ גערעכטליכע געזעלשאַפט, דאַרף זיך יערער מיטגליעד צוערשט פיהלען, אַז ער איז אַ גערעכטליכער מיטגליעד אין דער געזעלשאַפט“.— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

און מיט דעם געדאַנק איז ער אַיין שטוב אַראָב...

אַריינקומענדיג, האָט ער געטראָפען דעם פאָטער זיינעם אין זיידענעם קאַפּעל, ווי ער פלעגט טראָגען אין דער־היים, געזעסען אין זיין פאָטער־שטוהל און האָט געטרונקען טהיי. און סאָניע, אויפ־גערעגט, רויט, מיט צושויבערטע האָהר, האָט דערצעהלט דעם פאָ־טער און דער מוטער וועגען דאָס געשעהעניש אין פּאַרק מיט גרויסע איבערטרייבונגען — ווי זי אַליין האָט געהערט דעם שאָס, און ווי די קויל איז דורכגעפלויגען פאַרביי איהר און שיער אויף איין האָהר האָט מען זי אַליין נישט דערשאָסען, און ווי די זשאַנדאַרמען זיינען נאָך איהר נאָכגעלאָפען, און ווי שיער־שיער האָט מען זי נישט אַרעס־טירט און זי נעהט פערברענען אַלע פּאַפּירען, און זי וועט נישט נעכטיגען אין דער־היים, וואָרום מען וועט געוויס קומען זי אַרעסטי־

רען ביי נאכט, — ווייל זי האט געזעהן א מענש אין א רעגען־מאנטעל איז איהר נאכגעגאנגען, און דאס אזי געווים א שפיאן.

די מוטער איז געווען האלב טויט, נישט אזוי פון דער טאכטער'ס ערצעהלונג (זי האט זי געקענט, און געוואוסט, אז זי טרייבט איבער), נור פון דער מעשה אליין. סאכאלין איז געווען מישא'ס א חבר אין שול און מישא איז דעם גאנצען טאג נישטא אין דער־היים. אז זי האט מישא'ן דערזעהן, האט זי אויפגעלעבט און האט זיך אנגערר פען:

— כ'לעבען, איך האב מורא, מען קאן זיך אן דיר אויך טשעפען. איהר זייט דאך אין איין קלאס געווען, און דער הויפט דער ליחערא־ווימש.

— עס וואלט גלייכער געווען, אז דו זאלסט וואס פריהער אב־פאהרען. צו וואס זאלסטו זיך דא ארומדרעהן? — דוד'קע, דיין חבר, איז א שעהן בחור'ל, — האט דער פאטער צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

מישא'ן איז אונאנגענעהם געווארען דאס געשפרעך פון זיינע עלטערען. ער האט נישט געקאנט און נישט געוואלט זיי איצט אויסזאגען זיין בעשלוס, אבצופאהרען ווי צום שנעלסטען קיין פעטער־בורג. ער האט ביי זיך איצט אויסגעזעהן, ווי א נידערטרעכטיגער פחדן, עפעס א רייכען בורזשוא'ס א קינד, וואס מען שיקט אוועק פון דער היים — ווייל די עלטערען ציטערען איבער איהם.

— וואס האט איהר אזוי מורא פאר מיר? וועט מען מיך אויך נעהמען, איז וואס? אזוי פיעל זיצען, וועל איך אויך זיצען.

די מוטער איז בלייך געווארען, איז צוגעגאנגען צו איהם און האט גערעדט צו איהם ליעבליך, ווי זי פלעגט ריידען, ווען ער איז נאך א קינד געווען.

— מישא, וואס איז מיט דיר?

דער מוטער'ס צערטליכקייט האט איצט איהם גערייצט. ער האט געמאכט א גרימאסע און האט זיך אבגערופען, ווי שולדיג, ווי ער וואלט געגאנגען טהאן א שענדליכע זאך:

— איך פאהר קיין פעטערבורג, איך פאהר. פאקט מיר נור די זאכען איין.

— אודאי איז גלייכער אזוי, — האט זיך דער פאטער אבגערופען,

די מוטער האט אבער גענעבען א וואונק מיט דער האנד, אז ער זאל אויפהערען.

מישא איז ארויסגעגאנגען אין גאס און געקלערט, וואוהין צו געהן. מערי איז איהם ארויפגעקומען אויף דעם געדאנק. ער האט זיך אנגעכפאט דערין, ווי איינער כאפט זיך אין א שווערער מינוט צו דער פלאש. עס איז איהם טרויעריג געווען, און ער איז נישט צו־פריעדען געווען מיט זיך. ער האט אליין נישט געוואוסט פארוואס און איז אהין געגאנגען צו מערי'ן, אנצושכור'ן זיך, כדי אן עפעס צו פערגעסען.

אין עס צימער האט ער געטראפען דעם פעטער, וועלכער האט זיך ארויף און אראב געדרעהט אין זיידענעם שלאף־ראק און האט גערויכערט א סיגאר.

— א, מישא, דו זוכסט אודאי מערי'ן? זיי זיינען אין סאלאן, געה אריין, — האט געזאגט די מומע, וועלכע איז געזעסען ביים טיש און געשטריקט עפעס.

אין סאלאן, האלב אין טונקעל, ביי דעם רויטען שיין פון דער לאמפ, וואס איז מיט זיידענס בעהאנגען געווען, האט ער דערזעהן מערי'ן און קאוואלסקי'ן. ארום זיינען געלעגען טייערע אלטע אידישע זיידענע טיכער און שטיקער בעהאפטענע סאמעט פון אלטע פרוכת'ן. זי האט דאס געוויזען קאוואלסקי'ן, וועלכער איז געשטאנען ענטציקט פון דעם טייערען שטאף. מערי האט זיך געמאסטען איין זיידען שטיק נאכ'ן צווייטען, געהילט זיך אין די זיידענע טיכער און זי איז געווען אזוי פערטהאן אין דעם, אז זי האט נישט געזעהן מישא'ן. מישא האט שוין געוואלט ארויסגעהן אונבעמערקט. ערשט, איינגעהילט אין אנ'אלטען בוכאריש זיידענם טוך, ביי וועלכען קאוואלסקי האט אויף איהר גלייך געמאכט די פאלדען — האט זי זיך אומגעקוקט און דער־זעהן מישא'ן. זי האט זיך מיט איהם זעהר דערפרעהט און איז האלב ארויפגעפאלען אויף איהם מיט א לאכענדיג געזיכט און מיט אויגען פול פרייד. זי האט איהם אנגענומען בייביידע הענד:

— אח, מישענקא, דאראגאי! לאנג האב איך דיר שוין נישט גע־זעהן. וואו ביזט דו געווען דורך דער גאנצער צייט? אח, האב איך געבענקט נאך דיר! זעה, קאוואלסקי ראטה מיך, אז איך זאל מיר פון דעם מאכען א קלייד. זעה איך נישט אויס אין דעם ,ווי אנ'אלטע

באבע? זעה, מישענקא, איך פערלאז מיך אויף דיר, — האט זי זיך געשטעלט פאר איהם. אנגעטהאן אין טוך, און איהרע אויגען האבען געלויכטען און איהרע האהר האבען געגלאנצט, א שווארצער ליכטי־גער שימער האט זיך פון זיי געווארפען, ווי שטראהלען פון שווארצע פעריל — ער וויל מיר דוקא מאכען פאר אן אלטע באבע, — ווייזט זי אויף קאוואלסקי'ן, — איך ווייס ניט, וואס איז אייך אזוי געלעגען אין דעם? ווענדעט זי זיך צו איהם.

— אבער די שטאפען קליידען דאך אייך פיעל שעהנער. אייער געזיכט נעהמט דאך אן א גאנץ אנדער קאליר, אייערע אויגען ווערען ליכטיגער און אפילו אייערע האהר קריגען גאר א גאנץ אנדער שטראהל. יא, איהר זייט בעשאפען צו דעם אז איהר זאלט זיך הילען אין שווארץ־זיידענס, אין גאלד שטאף, נישט אין גראבע וואלל. ווער איז שולדיג, אז אידישע טעכטער האבען אזעלכע געזיכטער און אזעלכע ביינער, דאס קומט נאך פון ירושלים אהער, — ווענדעט ער זיך פלוצלינג צו מישא'ן, — יא, פון ירושלים נאך.

— און דאס איז אלץ, פון זינט ער האט געזעהן דאס מיידעל, דאקטאר לייזעראוויטש'עס טאכטער; דאס האט זי איהם אזוי גע־שטימט, פון דעמאלט אן וויל ער אלע אידישע מיידלעך אין אזעלכע טיכער אויסציהדען — ווענדעט זי זיך צו מישא'ן, ווייזענדיג אויף קאוואלסקי'ן — דאס מיידעל געהט איהם גארנישט פון זין ארויס.

— דאס איז וואהר — זאגט קאוואלסקי — איך וואלט זי זעהר גערן געוואלט נאך איין מאל זעהן פאר מיין אבפאהרען.

— דאס קאן אייך מישא טהאן. מישא, פיהר איהם אמאל אהין צו די לייזעראוויטשעס. ער חלש'ט זי זעהן נאכאמאל, — ווענדעט זי זיך צו מישא'ן.

מישא האט מאדנע די ליפען פערקרימט און האט געענטפערט אונפערשטענדליכעס.

— ס'וואהר, וועסט איהם מיטנעהמען, מישא? — ווענדעט זיך מערי צו איהם נאכאמאל. זי האט נישט פערשטאנען זיין מרוק.

— אבער געוויס, אבער געוויס. — לאכט מישא פערלעגען.

— האטש מארגען — זאגט מערי צו קאוואלסקי'ן פאר מישא'ן— נישט וואהר? געהט נור אהין צו מישא'ן, וועט ער אייך שוין אהין פיהרען. נישט וואהר, מישא? נו, זעהט איהר, אט האט איהר שוין,

וואס איהר האט געוואלט. וועט איהר זיך שוין בערוהיגען? — פרעגט זי, לאכענדיג, קאוואלסקי'ן.

— און איך בין געקומען מיט אייך זיך צו זעגענען, — האט זיך פלוצלינג מישא אבגערופען פון דער העלער הויט.

— וואו אהין דאס? — פרעגט מערי מיט א דערשראקענער מינע.

— קיין פעטערבורג.

— שוין?

— איך רייז מארגען אבענד אב. און מערי? — האט ער גע־פרעגט, בענוצענדיג זיך מיט'ן ווארט „מערי", כדי נישט צו געברוי־כען דאס ווארט „דו".

— אוראי, אוראי, באלד נאך יום טוב. און איהר? — האט זי זיך פלוצלינג געווענדעט צו קאוואלסקי'ן, צו מישא'ס גרויסער ער־שטוינונג — איהר קומט דאך אויך אויף ווינטער קיין פעטערבורג. איהר האט דאך פערשפראכען.

— אזוי ווי מיר האבען אבגערעדט, — האט קאוואלסקי געענט־פערט, בעציהענדיג זיך אויף זייער'ס א פריהערדיגען געשפרעך — אז איך וועל עס ווערטה זיין, וועל איך דעם ווינטער אין פעטערבורג זיין.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— א, דאס איז מיין סוד — אז איך וועל עס ווערטה זיין, וועט איהר וויסען דערפון. דאס קאן איך אייך זאגען, אויב נישט — וועט איהר נישט וויסען, וואו מיין געביין איז אהינגעקומען, — האט ער גערעדט, לאכענדיג.

— אבער וואס מיינט איהר דאך דערמיט?

— לאזען מיר דאס צום ווינטער, אין פעטערבורג,—האט קאוואל־סקי געענטפערט.

מערי האט איהם אנגעקוקט, געוואלט עפעס ארויסלעזען פון זיין געזיכט און האט די מינוט איינגאנצען פערגעסען, אז מישא געפינט זיך נעבען זיי. מישא האט זיך געוואלט אויפהויבען און ארויסגעהן.

אין דעם איז אריינגעקומען ר' חיים. ער האט געהאלטען אין האנד א בשמים־ביקסעל און אנ'אלט קאפקע, געהאפטען פון פעריל.

— זעהט איהר דאס בשמים־ביקסעל? דאס קומט נאך ארויס פון אלטען הויף, פון זיידען, זכרונו לברכה. ער האט'ס געבראכט פון

קאנסטאנטינאפאל — ווייזט ער עס קאוואלסקי'ן — און די קאפקע איז געהאפטען פון ריינע פעריל. אין דעם פלעגט די באבע, די טשארטקאווער רב'צין, די ליכט בענשען פרייטאג צו־נאכט. די פעריל זיינען אויסגעהאפטען אין געשטאלט פון א טויב, — ווייזט ער דאס קאוואלסקי'ן מיט א בעזונדער שטיל שמייכעלע.

קאוואלסקי האט בעקוקט די זאכען, איז געווארען זעהר ענט־ציקט פון זייער ארבייט, ווארום עס זיינען טאקי געווען קונסטווערק, איבערהויפט דאס בשמים־ביקסעל פון אלט־דמשק'ער. מיט גרויסע רויטע רובינען ארייינגעזעצט, און דאס גאלד איז געווען נישט געקריצט נור אויסגעלעכערט אין קליינע לעכעלעך, טויבען און הירשען, די אויגעלעך אין פעריל בעזעצט.

— מיר ריידען וועגען דעם, — האט קאוואלסקי געזאגט ביי ר' חיים'ס ארייינקומען, — אז דאס, וואס מען געפינט ביי אידישע פרויען א נויגונג צו פוצען זיך אין זיידענס און אין סאמעט, אין גאלד און זילבער, איז נישט אנ'אויפפאלענד־אידישע תכונה, ווי אונזערע שונאים מיינען, איז נישט בלויז א ליידיגע פרויען־ליידענשאפט. ניין, עס האט א פיעל טיעפערע סבה; עס ליעגט אין אידישען בלוט, עס קומט נאך פון ווייטען אריענט אהער. די אידישע פרוי מוז זיך קליי־דען אין זיידענס. די סאמע ארימסטע אפילו אין שוה'ל אריין מוז זי א סאמעטען קאפטענגרעל האבען. צוריבען זאל עס זיין, אבער פון זיידען־שטאף מוז עס זיין. דאס איז א נויגונג פון אנ'אלטער פער־ארימטער ראסע, וואס קאן נישט פערטראגען אויף איהר לייב דעם גראבען וואלען שטאף, און דאס, וואס אונזערע באבעס און מאמעס האבען אזוי פיין געפיהלט, פערשטעהען דאס אזוי שלעכט זייערע טעכ־טער. זיי ווילען זיך דוקא קליידען נאך דער מאדע.

נור מישא האט שוין נישט געהערט די לעצטע ווערטער, ער האט דעם סאלאן פערלאזט, ארויס פון הויז, פון קיינעם קיין אבשיעד נישט גענומען.

---

# דאס זיבענצעהנטע קאפיטעל.

צו מארגען אבענדס, מיט'ן עלפער צוג, איז מישא אבגעפאהרען קיין פעטערבורג. מיט דאווידֿ'ן האט ער זיך נישט געזעגענט — ער האט זיך געשעמט פאר איהם זיך צו ווייזען און נישט געוואלט איהם קוקען אין די אויגען אריין. דאס געפיהל פון שולד־בעוואוסטזיין האט איהם נישט פערלאזט, האטש ער האט זיך געפרובט צו פערענטפערען פאר זיך זעלבסט מיט אלע מעגליכע תירוצים. פון וועג אויס האט ער געדענקט איהם צו שרייבען א גרויסען בריעף, אין וועלכען ער זאל איהם קלאר ארויסזאגען, פארוואס ער האט אנגענומען אזא בעשלוס. שון זיצענדיג אין וואגאן, נאכדעם ווי ער האט זיך שוין אבגעזעגענט מיט דער מוטער, האט ער געהערט דער מוטער'ס שטים: מישינקא, מישינקא, זעה, ווער איז עס דא! — מישא האט ארויסגעקוקט פון פענסטער און דערזעהן מערי'ן מיט קאוואלסקי'ן. ער האט געהאלטען א גרויס בילד אונטער'ן ארעם און נאך איהם איז נאכגעגאנגען א טרעגער מיט זיינע זאכען, פון וועלכע עס האט ארויסגעשטעקט זיין הויכער שטענדער. זיי זיינען צוגעגאנגען צום וואגאן און מערי האט געזאגט צו איהם פריינדליך.

— „אח, מישינקא, דאראגאי, אוזשע! — האט זי איהם די האנד אויסגעשטרעקט — „אין פעטערבורג, אין פעטערבורג“, — האט זי נאכגעשריען נאך דעם אבגעהענדען צוג און האט נאך קוים צייט געהאט אבצורייסען א פאר בלומען פון בוקעט, וואס זי האט געהאלטען אין האנד, און אריינווארפען איהם אין וואגאן אריין דורך דאס אפענע פענסטער.

די איבעריגע בלומען זיינען געוועזען בעשטימט פאר קאוואלסקי'ן, וועלכער איז מיט א האלב שעה שפעטער אבגעפאהרען אין א געגענגעזעצטער ריכטונג.

— און מיט אייך וועל איך זיך נאך אמאל ווען זעהן, — האט זי געזאגט מעהר צו זיך, ווי צו קאוואלסקי'ן.

---

קאוואלסקי האט אין דער מינוט געקלערט, ווי זאל ער אנרופען זיין נייע בילד, וואס ער פיהרט מיט אהיים אונטער'ן ארעם: „א זומערטאג“, אדער „אין דער אוקראינא“.

ער האט האלב פערשטאנען איהרע ווערטער און האט געשמיי־
כעלט:

— אז איך וועל עס ווערטה זיין, — האט ער געענטפערט.

— ניין, אז מיר וועלען עס ביידע ווערטה זיין, — האט זי געענט־
פערט און געוויזען אויפ׳ן בילד.

ער האט א מינוט געשוויגען.

— איך האב דאך אויך אנ׳אנטייל דערין, — ווייזט זי אויפ׳ן בילד,
קוקענדיג איהם מיט א שמייכעל אין פנים אריין.

קאוואלסקי האט זי די מינוט געדריקט ביי דער האנד.

— מען איז מיט איך אזוי ניט זיכער, גאט מיינער! — האט זי
ווייטער געזאגט מעהר צו זיך, ווי צו קאוואלסקי׳ן — איבעריגענס,
אלץ איינס. — האט זי פלוצים געשמייכעלט קאוואלסקי׳ן אין פנים
אריין.

אין דעם זיינען זיי צוגעגאנגען צום וואגאן.

---

אהיים געקומען, האט מערי געטראפען איהר פאטער אין זיידע־
אלטען הויף, פון זיידען, זכרונו לברכה. ער האט׳ס געבראכט פון
ער האט געשריבען א בריעף. זיין געוועזנהייט איז געווען, יערע
וויכטיגע זאך, וואס האט זיך פערלאפען אין דער משפחה, מיטצו־
טיילען דעם חסיד׳ישען הויף אין גאליציען, וואס איז זיין פאטער גע־
ווען, און זיין ברודער, וואס ער האט אין ירושלים געהאט. — האט ער
זיי איצט מודיע געווען, אז זיין טאכטער מרים שתחיה איז מיט׳ן
רבונו של עולם׳ס הילף דערוואקסען געווארען און שטעהט אין שדוכים,
בענוצענדיג זיך מיט׳ן אויסדרוק פון שיר השירים „ביום שידבר בה“.

ענדע ערשטער טהייל.

# דאס ערשטע קאפיטעל.

צום אנהויב ווינטער האט מערי פערלאזט איהרע עלטערן און איז אוועקגעפאהרען קיין פעטערבורג צו שטודירען אויף די העכערע קורסען.

עס האט נישט געהאלפען דער מוטער'ס וויינען, ניט דעם פאטער'ס שטיל־שווייגענדער ברוגז. מיט טרעהרען אין די אויגען האט די מוטער די וועש אריינגעצעהלט אין קאסטען און איינגעפאקט, און שטיל־שווייגענד ברוגז האט דער פאטער געלד פון דער קאסע ארויסגענומען, איהר אויף דער רייזע געגעבען. זי האט זיך קוים געזעגענט מיט זיי און איז קיין פעטערבורג אבגעפאהרען.

עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז די פעטערבורגער לופט האט איהר נישט געדיענט; די פייכטע נעבלען, וואס האבען זיך אין אנפאנג ווינטער געלעגט אויף די פעטערבורגער קאנאלען, האט אבגעשוואכט איהר הארץ, וועלכעס איז שוין אזוי אויך געווען אנגעריהרט צוליעב איהר פאמיליען פעהלער. די דאקטוירים האבען איהר געהייסען פעטערבורג פערלאזען. אבער צוריק אהיים פאהרען האט זי נישט געוואלט, א ביסעל ווייל זי האט זיך געשעמט פאר די עלטערן און א ביסעל דערפאר — ווייל ס'איז לאנגווייליג געווען צו פערברייגגען אין דעם קליינעם שטעדטיל. האט זי זיך אין פעטערבורג ארומגעדרעהט און זיך דערנעהנטערט צו מישא'ן.

מישא איז געווען אנגעקומען אין אוניווערסיטעט. נאר די לעקציעס האבען זיך נאך נישט געהאט אנגעהויבען. עס האט אויסגעבראכען דער שטרייק. אויף די פעטערבורגער גאסען האט זיך שוין שטארקער דערפיהלט די לופט פון דער רעוואלוציע. געהיימע שטימען האבען זיך געלאזט הערען: „מען גרייט זיך אויף זונטאג צו א גרויסער דעמאנסטראציע פאר'ן ווינטער פאלאץ און א פאפ מיט א הייליגען בילד אין דער האנד זאל די דעמאנסטראציע אנפיהרען". דא און דארט האבען זיך שוין געהערט פעראייגזאמטע רעוואלווער־שאסען, זענען ווי שווארצע פויגעל אין דער לופט אדורכגעפלויגען און האבען א שרעק

אנגעוואַרפען איבער די קינפטיגע טעג. נור מישא האט קיין צייט נישט געהאט זיך צו פערנעהמען דערמיט. וואס איז אין נאס און אין אוניווערסיטעט פארגעקומען. ער איז איינגאנצען געווען בעשעפטיגט מיט מערי'ן. גאנצע טעג איז ער מיט איהר ארומגעגאנגען, געזארגט פאר איהר, מעהר זיך פערנומען מיט איהר הארץ־קראנקהייט, ווי זי אליין. ער איז ביים דאקטאר געווען, מיט איהר קיין פינלאנד געפאה־רען, איהר א דירה געדונגען — פעטערבורג פערלאזען האט זי נישט געוואלט.

דא, אין פעטערבורג, וואו קיינער קען זיי נישט און זיי קענען קיינעם נישט — האבען זיי זיך איינער צום צווייטען דערנעהנטערט. פון איהם, פון קאוואלסקי'ן הערט מען נישט. פון דעמאלט אן איז ער ווי אין וואסער אריינגעפאלען. קיין ווארט נישט געלאזט פון זיך הערען און קיינמאל, קיינמאל ווערט זיין נאמען נישט דערמאהנט.

צי געדענקט זי אן איהם? — עפּיס איז זי ווי איינגעהילט אין א סוד. אלע טויערען פון איהר הארצען האט זי פאר מישא'ן געעפענט, נור איין טויער איז געבליבען פערשלאסען.

אפשר קלערט זי פון קאוואלסקי'ן אט דעמאלט, ווען זי שווייגט אזוי, אז מישא פיהלט זיך איבעריג נעבען איהר און שפּירט, אז ער שטערט אידר, און וויל זיך אויפהויבען און אוועקגעהן? נור אין אזוינע פעלען קוקט זי באלד אויף איהם מיט יענעם שמייכעל, וואס איז אזוי טרויעריג און אזוי שטיל, אז עס פערציטערט איהם און ער פיהלט דערביי, אז ווען נישט דער שמייכעל, ווען נישט די אויגען, וואלט ניט געווען צו וואס צו לעבען אויף דער וועלט.

גאנצע טעג איז ער מיט איהר ארומגעגאנגען איבער די מוזע־אומס. זי האט ליעב געהאט צו פערברענגען אין רעמבראנדט'ס סאלאן אין „ערמיטאזש". טאג־טעגליך פלעגט זי שעה'ן לאנג אבשטעהן פאר די קעפּ פון די אלטע רביים, מיט ליעבע בעטראכטען די ציטערנדיגע הענד זייערע, די קלענסטע גראווירען בעטראכטען, יעדע ליניע און דערביי שווייגען, שווייגען דורך גאנצע שעה'ן. נאר איהרע אויגען האבען דעמאלט אזא גלאנץ און שיין אנגענומען וועלכע מישא האט נישט געקענט.

מישא'ן פלעגט עס לאנגווייליג. אויף קיין קונסט־זאכען איז ער נישט געווען קיין גרויסער מבין. ער האט שוין זיין גאנץ פערמעגען

ענטציקען אויסגעבראכט איבער רעמבראנדט'ן. זי האט איהם בעת מעשה צוגעקוקט און פיעל מאל פלעגט ער אבהאקען און אנט־שווינגען ווערען, פערלעגען אויף ־ און אבטהאן זיך די ברילען, רוים ווערען און איינקוקען זיך אין א ווינקעל, און אבווארטען ביז עס וועט איהר פאסען צו צוגעהן צו איהם, און איהם מיט א טיעפען קרעכץ און מיט א שמייכעל אננעהמען ביי דער האנד און זאגען: קום, מישא!

גאנצע שעה'ן, האלבע טעג, פלעגט זי געהן ביי זיין זייט, ביי דעם ברעג פון דער נעווא שפאצירען און קיין ווארט נישט אויסריידען. — גליך ווי ער וואלט נישט געוועןן נעבען איהר. ער האט איהר נישט געשטערט מיט קיין ווארט, ער האט נור געקוקט אין איהר געזיכט אריין, ווען זי האט צוגעזעהן, ווי די לייכטע וועלען קלאפען אן ברעג. און א שמייכעל האט געלייכט איבער איהר, ווי זי וואלט זיך אן וואס דערמאהנט.

איז אבער אנגעקומען דער טרויעריגער ווינטער אין פעטערבורג— יענע טעג, ווען די זון געדענקט אוועק פון פעטערבורג נישט אויף א נאכט, נור אויף א וואך און א חודש; ווען דער טאג ווערט געבוירען אין פינסטערניס, ווען דאס ביסעל גרויע טאג־ליכט, וואס וואלגערט זיך ווי א שמאטע אין די גאסען ארום, שטערט דעם עלעקטרישען ליכט. די מענשען האלטען א גאנצען טאג די ראלעטען ארבגעלאזט איבער די פענסטער, כדי דער גרויער טאג זאל צו זיי נישט אריינדרינגען; יענע טעג, ווען איבער פעטערבורג ליעגט א נעבעל און דריקט אלץ צו דער ערד און א טונקעלער יאוש נאגט דאס הארץ און פערלעשט יעדעם שטיקעל האפנונג — דעמאלט איז א אונענדליכער יאוש בע־פאלען מערי'ן און איהר הארץ איז שוואך געווארען. די דאקטוירים האבען איהר געהייסען ווי צום געשווינדסטען פערלאזען פעטערבורג און מישא איז נישט אבגעטרעטען ביז זיי האבען די זאכען געפאקט און האלב מיט געוואלד האט ער זי ארויסגעבראכט אין דעם האטעל אריין, וואס ער האט געדונגען פאר איהר אין א פינלענדישען דארף.

דא האבען זיי שוין געטראפען דעם שניי און די זון. די וועלט ארום איז ווייס געווען, צוגעדעקט איננאנצען מיט דיקען שניי. פעלדער און וועלדער האבען זיך ווייס געלויכטען אין דער זון. דער פינלענדרי־שער ים־אויסגוס, וואס האט אריינגעקוקט דורך די פענסטער אין זייער שטיבעל אריין, האט זיך אנגעהויבען צו שטעלען און הילען זיך אין

ווייסען. די זון איז ליכטיג אויפגעגאנגען איבער'ן הימעל און האט געהאט גענוג ארט ברייט און ווייט זיך אויסצוגיסען מיט איהר ליכ־טיגקייט, ווי אויפ'ן הימעל, אזוי אויף דער ערד. עס האבען ארומגע־בלאנדזשעט אין פרייען די ליכטיגע זונען־שטראלען איבער די ווייסע פעלדער, איבער די ווייסע דעכער פון די הייזער, איבער די ווייסע בוימער, איבער דער גאנצער ווייסער וועלט און אלץ האט צו איהר אנטקעגען געלויכטען. א טיעפע יום־טוב'דיגע פרעהליכקייט איז געלע־גען איבער אלץ אויסגעגאסען, ווי די ערד וואלט זיך אויף הויכע געסט געריכט, וואס זאלען אראבשטייגען צו אונז פון הימעל אראב.

דא האט זיך מערי געענדערט. זי איז פיעל אויפגעלעגטער גע־ווארען און פרעהליכער און איז זעהר גוט געווארען צו מישא'ן. אין איהר לעבעלן, אין איהר שטיל פערטרויטען ריידען צו איהם האט מישא געפונען א פערגיטונג פאר אלעס. ער איז אין דער שטיל גליקליך געוועזן איבער איהר און געלאכט און געפרעהט זיך ווי א קינד. און אז זי האט איהם ביי דער האנד אנגענומען: „קום, מישא"! און געלאזט זיך לויפען מיט איהם איבער דעם ווייס־בערעקטען וועג— איז מישא נישט רויט געווארען, נישט דערשראקען, אפילו נישט דאן ווען זי האט איהם מיט קוילען שניי בעשאטען, ווען, שפילענדיג זיך מיט איהם האט זי זיך ארייגגעווארפען אין זיינע ארעמס, ער האט זי אויפגעהויבען און איז גארנישט רויט געווארען.. און גארנישט פערלעגען..

קוים פלעגט די נאכט צופאלען, האט ער זי דערמאהנט, אז זי דארף זיך שלאפען לעגען און ער האט קיין זאך נישט געוואלט אונטערנעהמען, ביז זי וועט זיך נאך אין בעט לעגען און האט זי גע־שראקען, אז ער וועט מארגען ניט שפיעלען מיט איהר. און וועט זי אויף דער גאס ניט ארויסלאזען, אויב זי וועט נישט די צוויי גלעזער מילך אויסטרינקען, וואס די גוי'ע האט פאר איהר אנגעגרייט. זי פלעגט איהם צוליעב טהון און מישא האט זיך פערשעמט ארויס־גערוקט פון שטיבעל, עפּיס געברומט אונטער דער נאז, ווי ער וואלט זיך פערענטפערען געוואלט, פארוואס ער איז א מאנספערשוין און קאן נישט זיין אין שטוב, וואו זי טהוט זיך אויס, און איהר צו־העלפען... דערנאך, אז זי האט זיך שוין אין בעט געהאט געלעגט (אין קאפּטענדעל און צוגעדעקט מיט דער קאלדרע ביז צום האלז), האט

זי אנגעקלאפט אן דער וואנד. נעבען וועלכער איהר בעטעל איז גע־שטאנען — „מאזשנא“, און מישא פלעגט דאן אריינקומען מיט דער־וועלבער שעמעוודיגער רויטליכקייט אין די באקען און זיך אוועק־זעצען ביי איהר בעט, נעהמען א בוך און איהר פארלעזען, מעהרסטען געדיכטע. און געלעזען האט ער זיי עקסטרא אין א גורנעם טאן, כדי זי זאל איינשלאפען. אלע מאל האט ער געווארפען א בליק פון בוך ארויס, אויב זי שלאפט שוין און קוים האט ער געהערט איהר עטע־מען און דאס שוואכע הארץ ארבייטען, — האט ער אויפגעהערט צו לעזען, א מינוט זיך פערגונגען צו געבען נאך א קוק אויף איהר, אויף איהרע רינע ליפען, וועלכע זיינען נישט גאנץ צוגענאנגען און געוויזען איהרע צייהן; אויף איהרע פערמאכטע אויגען, איבער וועלכע די הייטלעך האבען זיך זעהר שוואך איבער'ן אויג־אפעל אראבגעלאזט; איבער איהר שווארצען פעריל־גלאנצענדיגען קאפ האאר, בעטראכט זי נור איין מינוט, איין מינוט, מעהר האט ער זיך נישט ערלויבט, פערלאשען דאס ליכט און אויף די שפיץ נעגיל ארויסגעשלייכט זיך.

ער האט איהר נאך קיין איין מאל אין לעבען קיין קוש נישט גע־געבען, חאטש דערנאך ווען ער איז אין זיין שטיבעל אריינגעקומען, האט ער זיך אוועקגעזעצט אויף א שטוהל נעבען דער וואנד, ביי וועלכער זי שלאפט, און האט שעה'ן, שעה'ן לאנג איינגעהערט זיך צו איהר עטעמען. האט אין דער שטיל צוגערוקט זיין בעטעל צו דער וואנד, ביי וועלכער זי שלאפט, און פלעגט זיך צובוינען צו דער וואנד, קושען די וואנד אין דער שטיל און צום סוף איינשלאפען, אין דער פאנטאזיע, אז ער שלאפט איין אויף איהרע האאר, און פריהמארגענס צוריק אברוקען דאס בעטעל צו דער צווייטער זייט וואנד, אז עס זאל קיינער, קיינער נישט אהנען, ווענען וואס ער קלערט..

---

## דאס צווייטע קאפיטעל.

זיי זיינען געגאנגען ביידע האנד אין האנד אין ווינטערדיגען פאר־נאכט. אין דער לופט האט מלחמה געהאלטען דאס זונען־ליכט, וואס איז גוסס'דיג אויסגעגאנגען אין עק האריזאנט, מיט דעם לבנה־ליכט, וואס האט זיך ווי א שטערען רעגען געגאסען פון הימעל אראב. דאס

ליכט האט זיך צונויפגעמישט און בוים און פעלד האבען זיך געהילט אין א ציטערנדיגען נאכטליכען, לויכטענדען וואלקען־שאטען. דער ליכט־טאן איז אזוי מוזיקאליש געווען, ווי דאס איידעלסטע ציטערנדע ברומען פון א זייטען־הארפע, וואס געהט אויס אין א לאנגער זיסער גסיסה..

אזוי זיינען זיי געגאנגען אין דעם ציטערענדען ליכט האנד אין האנד און זיי האבען ניט געוואוסט דערפון, אז זיי האלטען זיך ביי די הענד. זיי האבען געשוויגען. זי האט נור געקוקט פון צייט צו צייט אין זיינע אויגען אריין און איהר בליק איז גאר אנ׳אנדערער געווען. עס איז איהם געווען, ווי זי וואלט אויפגעעפענט איהר הארץ און וואלט איהר געהיימנים דורך איהר בליק אויסגעזאגט — יענע געהיימנים, וואס זי פערבארגט אין זיך דורך איהר שווייגען אזוי לאנג, אזוי לאנג. פון מינוט צו מינוט האט זי פערבויגען איהרע ליפען אין א שרעקליכער גרימאסע פון צער און זיך אבגערופען:

— קינד, וואס ווילסטו?

און איהם געקוקט אין די אויגען אריין, און די ווערטער האט זי דוקא אויף אידיש געזאגט, און איהר טאן איז אזוי זים געווען, אז מישא האט געמיינט, אז דאס הארץ געהט איהם אויס; איהר גאנצע ווייבערישע שוואכקייט האט זי אריינגעלעגט אין איהר שטים, איהר גאנצע פערבארגענע תאוה. יענער סוד, וואס נראבט אזוי אין איהר דורך די גאנצע טעג שווייגען, איז געווען אין איהר שטים. און מישא האט עפעס געזאגט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין:

— מאכט אייך צו דעם האלז מיט׳ן טיכעל.

און דוקא אויף רוסיש האט ער גערעדט צו איהר, און „איהר" גע־זאגט און זי האט איהם אנגעקוקט און ווידער געזאגט אין יענעם טאן, אז מישא׳ן האט זיך געדאכט, אז ער האט איינגעזאפט אין זיך איהר גאנצע נשמה:

— קינד, קינד, וואס ווילסטו? וואס ווילסטו?

און זיי זיינען ביידע שוין שווייגענדיג געווען דעם גאנצען וועג, און זיי האבען פלוצלים בעמערקט, אז זיי האלטען זיך ביי דער האנד, און זיינען ביידע דערשראקען געווארען און דאס הארץ האט זיי גע־קלאפט. איין האלבע סעקונדע האבען זיי זיך נאך בעוואוסטזיניג גע־האלטען ביי די הענד און אבגעלאזט זיך פלוצלים, ווי זיי וואלטען ביידע

מורא געהאט, אז קיין אומגליק זאל נים געשעהן, און זיינע פלינק אהיים געגאנגען.

אהיים געקומען, האט מישא געוואלט אריין צו זיך אין שטוב. זי האט איהם אהן ווערטער ביי דער האנד אנגענומען און ער איז מיט איהר אריין צו איהר אין צימער. אין שטיבעל איז טונקעל געווען און זיי האבען קיין ליכט נים אנגעצונדען, האבען געלאזט דורך דעם פענסטער אריינשווימען יענע אויסגעמישטע פערשלייערטע טענער פון לבנה־ליכט, נאכט און שניי, וואס זיינען אויסגעגאנגען אין א גסיסה'דיגען קוש...

איבער דער שטוב האבען געבלאנדזשעט זייערע שאטענס, ווי ברואים פון אנ'אנדער וועלט. זי האט זיך אהינגעלעגט אויפ'ן בעט און האט שוואך אבגעעטעמט, ווי זי וואלט געוויינט. מישא האט געוואוסט אז זי האט בעקומען הארץ־קלאפען, האט זיך געוואלט אויפהויבען, צו געהן, דערלאנגען איהר א נאסען קאמפרעס, ער האט זיך אבער נישט געקאנט ריהרען פון ארט און איז געבליבען זיצען און איינגעהארכט און איינגעטרונקען אין זיך יעדע בעוועגונג איהרע, יעדען אטעם איהרען און יעדען טאן, וואס איז אהער געקומען צושווימען אין דער זינגענדי־גער דעמערונג פון איהר בעטעל. וואס ווייטער, האט זי זיך אלץ מעהר בערוהיגט, איז שטילער געווארען. זי האט זיך אויפגעזעצט און ארומ־געקוקט זיך אין שטוב, איז געבליבען זיצען מיט איהרע גרויסע, אפענע אויגען און האט געשוויגען. מישא האט געוואלט עפּיס זאגען. ער האט געוואוסט, אז ער מוז איצט ריידען, פרעגען זי, פאדערען פון איהר, וואס אזעלכעס בעהאלט זי אין זיך, וועגען וואס קלערט זי, ווען זי געהט ביי זיין זייט שעה'ן לאנג און רעדט קיין ווארט נישט אויס, און אפשר איז איצט די פּאסענדע מינוט צו ריידען, אפשר איצט און קיינ־מאל נישט מעהר? זי זיצט דאך און זי ווארט, אז ער זאל ריידען. קיין איינציג ווארט קאן ער נישט פון זיך ארויסברייננגען. ער זיצט און בייסט זיך די נעגעל. דאס הארץ קלאפּט אין איהם, ער האט געווארט, אז עס זאל עפּיס געשעהן.

פלוצים האט זיך געהערט א בעוועגונג אין קארידאר, א מענער־שטים רעדט: „מערי, מערי ראזענצוויינ". מערי'ס אויגען האבען א גלאנץ געגעבען. א שימער האט זיך געווארפען, ווי א שטראהל אין דער דעמערונג פון שטוב. מען קלאפּט אין טהיר, מערי רופט מיט א שטאר־קער שטים: אריין! מישא'ן איז מערי'ס איצטיגע שטים פרעמד געווען.

צום ערשטען מאל הערט ער ביי איהר די פולע מענליכע שטים. און איידער ער האט נאך צייט געהאט זיינע געדאנקען צונויפנעהמען — האט זיך אין דער טהיר געוויזען ווי אנ'ערשיינונג מיכאל קאַוואלסקי.

— אח, איך האב אייך איבערגעשראקען, פערצייהט, — האט קאַוואלסקי געזאגט אין יענעם טאן, ווי ער וואלט ערשט דא פאר א פערטיל שעה געווען און איז נור וואס געהאט ארויסגעגאנגען און, בעמערקט מישא'ן אין דער דעמערונג, זאגט ער מיט יענעם לייכטען זשעסט, ווי עס וואלט גאר קיין וואונדער ניט געווען זיין פלוצליכעס ערשיינען.

— און איהר זייט אויך דא! אח, זדראוואסטוואויטע!

מערי האט איהם אנגעקוקט. אין איהרע אויגען איז ניט געווארען פערלאשען יענער גלאנץ, וואס מישא האט צוערשט בעמערקט, אין איהר געזיכט איז ניט געלעגען קיין אויסדרוק פון פערוואונדערונג פאר זיין פלוצליכעם ערשיינען, נור פרייד, פרייד אהן א גרעניץ.

— איהר וואונדערט זיך, ווי אזוי איך קום דא אהער? צוויי וואכען בין איך שוין אין פעטערבורג, איהר ווייסט עס נישט? וואס, ווי הייסט? גאנץ פעטערבורג רעדט דאך פון מיין אויסשטעלונג, — זאגט ער האלב אין שפאס, — א בעריהמטער מאן היינט, נור אהן א געלעכטער. מען האט מיך אויסגעשריבען, איך האב דארט אייערע בעקאנטע פריילינס עהרליך בעגעגענט. ביי וועמען? ביים פריסיאזשני פאווערעני סעמיאן סעמיאנאוויטש גליצענשטיין. געלויבט צו גאט, — דעם גאנצען נאמען נערענקט, פון זיי בין איך דאס טאקע געוואהר געווארן, אז איהר זייט דא.

— אבער, ווי קומט איהר דארט אהין?

— גאט, ווער קומט נישט דארט אהין, איך בין דאך שוין מיט האלב פעטערבורג בעקאנט, מיט'ן שוישפיעלער ביקאוו, מיט'ן מאלער אנדרעע און מיט מאקסימאוויטש'ן. יא, דער רעזשיסער, ווי הייסט ער? דער, וואס איז איצט אזוי אין מאדע אין פעטערבורג. דער, וואס פיהרט גאנץ פעטערבורג ביי דער נאז ארום. אלע דאמען טהוען זיך אן לויט זיין געשמאק. די סאלאנען ריכטעט מען איין, ווי ער שטעלט אוים די ביהנע — מיט אלערליי ווערים, עקדעשען און הייששעריקען. האט ער זיי דאס א ביסעל דעם קאפ פערדרעהט.

— זיינט איהר שוין מיט לעסער'ן אויך בעקאנט? — וואונדערט זיך מערי.

— יא, טאקע לעסער און איהר וועט די זכיה האבען איהם צו זעהן און אפשר מיט איהם ריידען — איך בין בעפאלמעכטיגט אייך דארט אהין צו ברייננען, — זאגט קאוואלסקי אין א אפיציעלען לעבעלנדען טאן, — פון נאטאליא מיכאילאוונא אליין. זי האט אזוי פיעל געהערט פון אייך פון די פריילינס עהרליך — דאכט זיך, זי איז דאך מיט די פריילינס פון איין שטאדט.

— יא, פון קיעוו, — רופט מערי אויס — אבער ווי קומט איהר דארט אהין? איהר אין דער מיט אריין!

— זעהר אנ'איינפאכע געשיכטע. איהר האט דאך געזעהן די בילדער, וואס איך האב געמאלט ביי אייך אין שטאדט. איך האב זיי געבראכט קיין ווארשוי, געוויזען די קאלעגען און שטעלט זיך פאר, אז דאסמאל זיינען זיי מיינע בילדער דוקא געפעלען, א קאלעגע, וועלכער האט אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין פעטערבורג אין דעם אלגעמיינעם רוסישען סאלאן, האט מיך צונערעדט, מיינע בילדער אויך צו צושיקען קיין פעטערבורג. „וועסט פערקויפען— זאגט ער— פעטערבורג קויפט“ — און ער האט רעכט געהאט. אוועקגעשיקט דאס בילד און נאך א פאר און שטעלט אייך פאר, אז אין פעטערבורג געפעלט עס. אויפזעהן האבען מיינע בילדער געמאכט. די צייטונגען שרייבען דערפון. א צווייטער לעוויטאן, — זאגט מען. ווי געפעלט אייך דער טיטעל, וואס מען גיט מיר? אהא! אבער געלד גיבען זיי! איין טעלעגראמע, נאך איינע געקראגען, קום, מען וויל קויפען! און שטעלט אייך פאר, אז מען יאגט אין די טויזענדער אריין פאר מיינע בילדער. איך בין א מאלער אין דער מאדע, און קיין זאך איז ניט אזוי לייכט ווי אין פעטערבורג אין דער מאדע צו ווערען, דערהויפט נאך אין אזא שטורמישע צייט — — אין דער פראווינץ — — — — — און אין פעטערבורגער טעאטער און אין די סאלאנען הערשט לעסער, וואס קלעפט זיי אויס די הייזער מיט טשערעפאכעס, טהוט אן די וויבער, ווי די משוגע'נע מכשפות, און מען טרינקט קאפע אויס פארצעלאן, וואס איז געמאכט אין דער פארם פון „זשאבעס“ — אין אזא צייט, אין אזא מיליע קאן קאוואלסקי ווערען א בעריהמטער מאהלער. יא, יא! און היינט קאנט איהר זיך דען פארשטעלען צו זיין אין פעטערבורג א בערימהייט און

נישט צו פערקערען אין סאלאן פון נאטאליא מיכאילאוונא? נור עס איז פיקאנט, ווי אזוי איך בין בעקאנט געווארען מיט איהר. אח, א וואוילע אידענע, די מיכאילאוונא, נאר דעם מאן איהרען, דעם פריסיאזשני פאווערעני סעמיאן סעמיאנאוויטש, איהם איז מיר א שאד. מען זאגט — א בענאבטער מענש און מוז נעביך אויך מיטשפיעלען די קאמעדיע.

— אבער ווי קומט איהר אהער? — פונקט ווי מערי'ן וואלט ערשט איצט אויפגעפאלען קאוואלסקי'ס פלוצלונג'דיגע ערשיינונג.

— איך האב קיין וואוינערכט נישט אין פעטערבורג, — האט קאוואלסקי געזאגט מיט א לעכעלן אין דער שטיל — מען האט מיך געוואלט יעדען טאג ארויסשיקען. איין נאכט האב איך גענעכטיגט ביי דעם, א צווייטע — ערגיץ אנדערס־וואו. וואו מען בעמיהט זיך דארט פאר מיר, האבען זיי מיר געתייסען דערוויל ארויספאהרען קיין פינלאנד. די פריילינס עהרליך האבען מיר גענעבען אייער אדרעס. יא, וועט זיך נאך געפינען אין דעם האטעל א נומער פאר מיר? אין אייניגע טעג ארום דארף די ערלויבניש זיין. אבער פארוואס זיצען מיר אייגענטליך אין דער פינסטער? — האט ער אהן זיין ווילען גענעבען א בליק אויף מערי'ן, דערנאך אויף מישא'ן, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען אין א ווינקעל און מיט קיין איינציג ווארט דאס געשפרעך נישט געשטערט. און מערי, גליך ווי זי וואלט זיך ערשט איצט דערמאהנט אז מישא'ן האט זיך אנגערופען.

— געוויס וועט זיין א נומער, נישט וואהר, מישא? מען דארף אנפרעגען ביים ווירטה.

— געוויס, געוויס, — האט מישא אבגעענטפערט אונפערשטענדליכע ווערטער און האט אנגעריבען א צינד־העלצעל און די לאמפ אנגעצונדען.

דאס ליכט האט אלעמען געשטערט.

— אבער א שניי איז דא, א לאנרשאפט, א ליכט — נאט! איהר וועט מיר דא מוזען ווייזען דעם אומגעגענד — ווענדט זיך קאוואלסקי צו מערי'ן, — איך בין אהער געפאהרען פון דער סטאנציע אין לבנה־ליכט. א בענענד! עס זעהט דאך אינגאנצען אויס, ווי אין די „טאטערן", נור א שאד, וואס קיין בערג זיינען נישטא.

— נעווים וועט מען אייך ווייזען נעווים, נישט וואתר, מישא? — האט מערי נעענטפערט — און, ווייסט איהר, וואס? די לבנה שיינט היינט אזוי שעהן, קומט נאר, איך וועל אייך ווייזען ווי איך פארר אויף מיינע סקים. איהר פאהרט אויף סקים? דא וועט איהר זיך אויסלערנען. קומט, מיר וועלען דערווייל אריין צום בעל־הבית.

— אבער, מערי, איך מיין, אז פאר אייך איז איצט קיין צייט נישט ארויסצוגעהן. עס קאן אייך שאדען, — האט מישא געשטאמעלט.

— אבער, קינד, איך פיהל זיך גאנץ גוט, גאנץ גוט. זעה, ווי די לבנה שיינט! קום, מישא, דאראגאי. קום, קום! — און, אנחאפענדיג מישא'ן ביי דער האנד, גיט זי א ווארף צו קאוואלסקי'ן אונטען־ארום דעם קאפ — נו, וועלען מיר זעהן, ווי איהר פאהרט אויף סקים.

מישא האט זיך אבער זעהר קאלט פון איהר האנד ארויסגעמאכט און נעזאגט טרוקען:

— יערענפאלס, ווען איהר דענקט צו פערבלייבען אין דארט, מוז מען מיט'ן ווירטה ריידען.

מערי האט איצט נישט בעמערקט זיין קאלטען טאן, געחאפט פלינק איהר ווייסען ספארט־פעלץ, איהר קאפ האט ווי א קראנקע בלום ארויסגעקוקט פון די ווייסע קאראקולען און זי איז ארויס פון הויז, מישא און קאוואלסקי — נאך איהר.

אין קארידאר האבען זיי זיך מיט'ן ווירטה נעטראפען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז עס איז דא אפצוגעבען דאס צווייטע צימער ביי מערי'ס. מישא איז איצט זעהר בלייך געווארען. קיינער האט עס נים בעמערקט, און עס האט איהם העגד און פיס ווי אבגענומען. ער האט זיך געוואלט ווארפען אויף קאוואלסקי'ן מיט די פויסטען. ער איז געוועזן פעסט איבערצייגט, אז דאס איז עפיס א געהיימער אבמאך. וואס, ווען — האט ער נאך זיך אליין קיין רעכנונג נישט געקאנט אב־געבען.

— אבער דאס קאן דאך נישט זיין! האט ער זיך פלוצלינג אנגע־רופען.

זיי האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואס מיינסטו? — האט מערי געפרעגט.

משיא האט זיך געפונען אין א שרעקליכער פערלעגענהייט:

וואס האט ער געוואלט זאגען, וואס האט ער געוואלט זאגען, וואס האט ער געוואנט צו דענקען? און ער האט אנגעהויבען צו שטאמלען:

— איך מיין עס וועגען דעם, איהר דארפט דאך ניט ארויסגעהן, דער דאקטאר, איך מיין—

— אבער עס איז דאך גאר נישט אזוי שלעכט מיט מיר, אז מען זאל דארפען אזוי ציטערען איבער מיר, — האט מערי נעענטפערט און אין איהר טאן איז געלעגען פערדרוס.

מישא האט שוין געשוויגען.

מערי האט גענומען די סקים, וועלכע זיינען געשטאנען אין קארי־דאר, אנגעטהון זיי אויף די פיס, און ווייט געלאזט זיך מיט זיי אויפ'ן וועג. מישא און קאוואלסקי זיינען א שטיק הינטער איהר געבליבען.

און א נאכט איז געווען — צו בעוואונדערן. א לבנה־נאכט איבער א שניי־וואלד. די וועלט איז רוהיג געווען. א שטילקייט האט גע־הערשט ארום. קיין הויך, קיין בעוועגונג, נור וואס דער שניי סקריפעט הינטער די טריט און גלאנצט ארויף צום שטערן־ליכט. די נאדעל־בוימער, בעלאדען מיט שניי, שטעהען, ווי אלטע, ווייסע זקנים ביי די וועגען און זייערע נאכט־שאטענס ארום זיי, ווי דאס וואלט נישט גע־ווען נאטור און בעשעפעניש, נור א פער'כשופ'טע וועלט, וואס שטעהט אזוי פון קדמונים אן.

פון דערווייטענס האט זיך בעוויזען מערי'ס שאטען מיט די לאנגע סקים. ווי א געהיימע ערשיינונג האט זיך גערוקט דער שאטען איבער דעם ווייסען שניי־וועג, און די אלטע בוימער זיינען געשטאנען און האבען איהר שטום נאכגעקוקט.

קאוואלסקי און מישא זיינען ביידע איהר נאכגעגאנגען. זיי האבען ביידע געשוויגען, ביידע געווען פערקלערט און ערנסט. איינער האט זיך נישט געקימערט אום דעם צווייטען. אזוי זיינען זיי אנגעקומען צו מערי'ן וועלכע איז איצט געזעסען אויף א ווייס־בעשנייטען פעלד אונטער א בוים, קוילען פון שניי זיך געמאכט און געווארט אויף זייער אנקומען. איצט האט זי אנגעהויבען זיי צו בעשיטען מיט די קוילען שניי און נישט צוגעלאזט צו זיך. אבער אנשטאט טרעפען קאוואלסקי'ן אין יענער הייטערער שטימונג, אין וועלכער זי האט איהם איינגענטליך געלאזט — האט זי איהם געפונען ערנסט און שווייגענדיג.

קאוואלסקי האט נור פערלעגען געשמייכעלט און עפעס געזאגט,

נור זי האט נישט געקאנט פערשטעהן, וואס ער זאגט, און מישא האט זיך אבגערופען.

— איך בעט אייך, הויבט אייך אויף פון שנייי, עס וועט אייך שאדען.

ער האט געוואוסט, ווי לעבערליך ער איז איצט אין דער ראליע פון איהר פערזארגער, און עס האט איהם באנג געטהאן די ווערטער, וואס ער האט געהאט געזאגט.

— אה, זייט איהר היינט לאנגווייליג, און אזעלכע ערנסטע געזיכ־טער! קומט, קומט צוריק, מיט אזעלכע לאנגווייליגע לייט לאזט זיך ליעבער אין דער היים זיצען, נישט אין אזא הערליכער לבנה־נאכט און שניי־פעלד, — האט מערי געזאגט.

דערביי האט זי זיך אויפגעהויבען און אנגעהויבען צו געהן טריט ביי טריט און אויך געשווינגען.

— וואס שווייגט איהר אזוי? צו די נאכט ברענגט אייך אריין אין אזא שטימונג? אבער דערצעהלט נור, האט זי אייך בעגעגענט, נאטאליע מיכאילאוונא? אלץ מוז זי בעגעגענען, אבער ווי קומט איהר צו איהר? — האט זי אנגעהויבען ארייינצוציהען קאוואלסקי'ן אין א געשפרעך.

— עס איז געווען זעהר פיקאנט, זעהר פיקאנט, — האט ער גע־זאגט, אבי עפעס צו ענטפערען און האט דאס איבעריגע פערשווינגען מיט א פערלעגנען געלעכטערעל, אויף וועלכען מערי איז אויך שטיל געבלי־בען די גאנצע צייט, ביז זיי זיינען געקומען אהיים.

אין קארידאר האט דער ווירטה שוין אנגעוויזען קאוואלסקי'ן זיין נומער פארטיג. עס איז טאקע געווען דאס צווייטע צימער נאך מערי'ס.

מישא האט זיך פערענטפערט, אז ער האט נאך א נויטיגע ארבייט צו טהאן און איז אריין צו זיך אין שטוב. קאוואלסקי איז זיך אויך געגאנגען געזעגענען.

— וואס, איהר האט אויך א נויטיגע ארבייט? — האט איהם מערי געפרעגט און געקוקט גלייך אין די אויגען אריין.

— ניין, איך מיין אז איהר זייט מיעד. איבעריגענס, אז איהר פערלאנגט, קאן מען נאך א ביסעל צוזאמען פערברענגען.

מערי האט איהם אנגעקוקט, זיין אנטווארט צו דער זאך האט זי זעהר פערוואונדערט און זיין ערנסט האט אויף איהר א שרעק אנגעוואר־

פען. זי האט געעפענט די טהיר. קאוואלסקי איז אריין. די לאמפ האט זיך נאך געלויכטען פון פריהער. מערי האט די לאמפ ארויפגע־דרעהט און, אויך מיט אנ'ערנסטער מינע, געבעטען קאוואלסקי'ן זיצען.

דער ערנסט האט איהר קאוואלסקי'ן פערפערמדט און זי האט זיך איצט געפיהלט זעהר פערלעגען איגאיינעם מיט א פרעמדען מאנס־פערשוין צו זיצען. דאס געשפרעך האט זיך נישט געקלעפט — האבען זיי געשוויגען, נור דאס שווייגען איז איצט געווען שרעקליך. פונ'ם צווייטען צימער האבען זיך געהערט מישא'ס טריט ארויף און אראב־געהן איבער'ן שטוב. פלוצלינג האט זי געגעבען א קוק אויף קאוואל־סקי'ס געזיכט און זי האט עס נישט דערקענט. עס איז בלייך געווען, בלייך און גאנץ אנדערש און פרעמד ,ווי זי האט דאס געקענט. אז ערנסט איז געלעגען דערויף, ווי דעמאלט ביים מאלען, נור דער שמייך־בעל איז געווען פערשוואונדען. די אויגען און די ליפען האבען אויס־געדריקט אנ'אונבעהאלפינע פערלעגענהייט.

איהר האט א ציטער ארומגענומען. זי האט זיך אנגעהויבען צו טרייס־לען ווי א בלאט, די הענד זיינען איהר בלייך געווארען, דאס פנים בלייך און איהר הארץ האט הויך אבגעקלאפט.

נור כדי זיך צו בעפרייען פון דער לאגע, צו צושטערען דאס אונער־טרעגליכע שווייגען, האט זי ווידער איבערגע'חזרט די זינלאזע ווערטער.

— האט זי אייך געפונען, די נאטאליא מיכאילאוונא? אנ'איגטע־רעסאנטע פרוי?

— איך וויל איצט נישט ריידען דערפון, — האט קאוואלסקי אב־געענטפערט קורץ.

די ווערטער האבען איהר נאך מעהר דערציטערט. זי האט זיך אנ־געהויבען איינגאנצען צו טרייסלען. עס איז איהר קאלט געווארען. זי איז געבליבען זיצען אויף איהר ארט, איינגעקארטשעט אין איהר ווינטער טוך און האט געווארט.

פון דער צווייטער שטוב האבען זיך אלץ געהערט מישא'ס פעסטע טריט ארויף און אראב איבער דער שטוב.

— איבעריגענס, בין איך דאס אליין געקומען צו איהר, צו נא־טאליע מיכאילאוונא. ניין, צו די פריילינס עהרליך. איך האב געוואלט געוואהר ווערען פון זיי איי'ער אדרעס, און איך בין נארנישט אהער גע־

קומען צוליעב וואהנרעכט. איך בין געקומען צוליעב אייך, — האט קאָ־וואלסקי געזאגט הויך און ענערגיש, ווי ער וואלט געוואלט מיט זיינע ווערטער פערשרייען מישאָ'ס טריט פון דעם צווייטען צימער.

מערי איז געבליבען זיצען, ווי פריהער, אין דערזעלבער פאזע. איין צאהן האט איהר געקלאפט אן צווייטען און זי האט געשוויגען.

— און געטהאן האב איך דאס, ווייל איך האב אייך ליעב, ווייל איך וויל מיט אייך אינאיינעם זיין, ווייל מיט אייך איז מיר גוט, און איך האב געבענקט נאך אייך, און איך האב געוואלט זיך זעהן מיט אייך.

מערי איז געזעסען ווי פריהער. קאָוואלסקי איז אנטשוויגען גע־ווארען, בלייך. מערי האט געקוקט אויף זיינע ליפען, און זי האט דער־זעהן, אז זיי זיינען בלייך און ציטערען. און א אונבעשרייבליך גע־פיהל פון גליק האט זי ארומגענומען צו קוקען אויף זיינע ציטערנדע ליפען.

זי האט שוין נישט געהערט איצט מישאָ'ס טריט פון דער צווייר־טער שטוב. איהר גאנץ ביסעל בלוט, וואס זי האט געהאט אין זיך, האט זיך אנגעצונדען. זי האט אראבגעווארפען פון זיך דאס טוך, דעם מאנטעל, א ווארף געגעבען מיט איהר שווארצען־פעריל קאפ און געגע־בען א קוק פריי אויף דער וועלט.

— איהר קענט מיך נישט, און ווייסט נישט, ווער איך בין, — האט ער ווייטער געזאגט שארף און קורץ, — איך ווייס נישט, אויב איהר וועט מיך פערשטעהן, ווארום איך אליין פערשטעה זיך אויך נישט. איך טהו, וואס מיין הארץ זאגט מיר און ווי איך פיהל. איך ווייס נישט, וואס וועט זיין מארגען מיט מיר, איך בין נישט פעראנט־ווארטליך פאר קיין מינוט פון מיין לעבען — ווייל איך קאן עס מיר אליין נישט נעהמען, נור עס נעהמט מיך. איך ווייס נישט צו איך האב עס אייך בעדארפט זאגען. איך ווייס נור, אז זינט איך האב אייך אויפגעהערט צו זעהן, זייט איהר אויסגעוואקסען ביי מיר טויזענד מאל שעהנער, ווי איהר זייט אין דער ווירקליכקייט; איך האב מיר מיין פאנטאזיע פריינעלאזט און איך האב מיר אייך אויסגעמאלט, אזוי ווי איך האב געוואלט. איך האב געזעהן יעדע בעוועגונג אייערע, איך האב געהערט יעדעס ווארט, יעדעם ווארט און טאן אייער'ן, און דאס גאנג פון אייערע בעוועגונגען, און דעם גאנג אייער'ן האב איך

געזעהן, און עס האט זיך מיר אזוי אויסגעוועבט אייער געשטאלט, ווי איך האב געוואלט. איך בין געגאנגען מיט אייך שפאצירען, איך האב מיט אייך גערעדט, איך האב געהערט אייער אנטווארט, און וואס איך האב געזעהן שעהנעס — האב איך אייך דערמיט אויסגעציהרט. איך בין איינגענטליך דא אהער געקומען מיין פאנטאזיע צו צושטערען, צו מאכען צורינגען אין מיר דאס בילד מיט דער ווירקליכקייט. אבער, ניין, יעדעס אייער לעבעדיג ווארט איז מיר טויזענד מאל מעהר ווערטה, ווי מיין פאנטאזיע, יעדע אייער בעוועגונג אין דער ווירקליכקייט... ניין, איך האב נישט געקאנט אנדערש... זייט מיר מוחל! — האט ער אבגעהאקט אין מיטען און געבליבען זיצען, געגעבען א מאך מיט די הענד, ווי א מענש, וואס ווייסט נישט, וואס ווייטער צו טהאן.

קאוואלסקי'ס קינדערשע אונבעהאלפענקייט האט מערי'ן מעהר געריהרט, ווי זיינע ווערטער. דאס ציטערען מיט די ליפען און די אומגעלומפערטע בעוועגונג מיט די הענד האט זי געגעבען א ציה בייס הארץ. האט זי זיך אויפגעהויבען אהן א ווארט צו ריידען, איז צוגעגאנגען צו איהם, הארט צו איהם, דעם קאפ אנגעבויגען צו דר'ערד, און איז געבליבען שטעהן, צוטולענדיג זיך אונטער זיין האנד, איך האט געווארט.

פון דער צווייטער שטוב האבען זיך געהערט מישא'ס שווערע טריט, געהענדיג ארויף און אראב איבער זיין צימער.

---

## דאס דריטע קאפיטעל

צו־מארגענס שפעט אין גרויען טאג איז מישא געלעגען אין א שווערען הארטען שלאף. עס האט איהם אויפגעוועקט מערי'ס פרעהליכע שטים, וועלכע האט איהם געוועקט דירך דער וואנד: „שעם זיך, אזוי שפעט שלאפט מען! מישא, מישא, וואס איז מיט דיר?“ ער האט זיך אויפגעכאפט, ארומגעקוקט זיך, וואו ער געפינט זיך און מיט איין מאל איז איהם אלץ ווידער קלאר געווארען און דער שרעקליכער צער פון דער נעכטינער גאנצער נאכט האט ווידער זיין הארץ געדריקט: יא, עס איז וואהר, עס איז וואהר, ער איז געקומען, ער איז דא, און זי נעהט צו איהם, ווי א נאריש קליין מיידעל און אין איין מינוט איז

דורך זיין זין אדורכגעגאַנגען די גאַנצע שרעקליכע נאַכט — זייערע שטילע רייד, זייער שעפּטשען, זייערע בעוועגונגען. און ווידער אַמאָל האָט ער זיך געזאָגט דאָס אייגענע, וואָס ער האָט זיך אַזוי פיעל מאָל געזאָגט און מיט וואָס ער האָט זיך די גאַנצע נאַכט געטרייסט, אַז זי איז נישט אַנדערש ווערטה; אַז ער האָט זיך אין איהר טועה געווען, געמיינט, אַז זי איז טיעפער, צום סוף איז זי איינע פון טויזענד, פון די קלענסטע, וואָס לויפט נאָך יעדע ביסעל נאַרישער בעריהמטהייט און „קינסטלער“, אַ גימנאַזיסטקע. אַבער ווידער האָבען די בעליידיגענדע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זי געזידעלט אין זיך, דורך דער שרעקליכער נאַכט זיין האַרץ נישט געשטילט, נישט זיין וועהטאָג געמינערט. דערווייל האָט ער זיך אַנגעטהאָן, און אָהן צו וויסען האָט ער געזעהן היינט אויסצוזעהן לייטישער, ווי אַנ'אַנדערסמאָל, לענגער בעטראַכט זיך אין שפּיגעל, גוט בעקוקט זיך און געהאַט פערדרוס פון זיין געזיכט, געפונען אין זיך צופיעל עהנליכקייט מיט זיין שוועסטער סאָניע, וואָס דאָס האָט איהם אויסגעוויזען זעהר נאַריש און העסליך. ער האָט אָבגעמאַכט ביי זיך — גאַרנישט צו לאָזען מערקען אויף זיין געזיכט. אדרבה, אַ גלייכגילטיגקייט אַזוי צו קאָוואַלסקי'ן, ווי צו מערי'ן. אַ גלייכגילטיגקייט און אַ רוהיגע טאַקטישקייט — האָט ער זיך געזאָגט — פריינדליך צו זיין, ווי אַלטע בעקאַנטע, אַבער נישט מעהר. און נעהמענדיג זיך אין די הענד, איז ער אַריין צו מערי'ן.

אַריינגעקומען איז ער מיט אַ ביסעל האַרץ־קלאַפּען: דער „גוט־מאָרגען“ איז נישט אויסגעקומען גענוג קלאָר און די אויגען האָבען צו פיעל געפינקעלט. דאָס ליכט האָט איהם פון די ברילען־גלעזער געלויכטען, האָט ער אַראָבגענומען די ברילען, אויסגעווישט די גלעזער, אומגעקוקט זיך בעפרעמדט. דאָס שטיבעל איז אינגאַנצען געווען מיט אַ יום־טוב'דיגער פרעהליכער מאָרגען־זון איינגענומען.

— גוט, וואָס מען זעהט איינעם, — האָט זיך מערי אָנגערופען (ער האָט זי נאָך נישט געהאַט געזעהן, ווארום די זון האָט איהם די אויגען צוגעשלאָסען, נור ער האָט געהערט איהר שטים, און איהר שטים איז היינט קלאָר געווען און אַ גוטסקייט איז געלעגען אין איהר, אַ גוטסקייט אָהן אַ שיעור, אַז דאָס האָט מישאַ'ן דאָס האַרץ צונויפגעפרעסט) — האָב איך צוויי קאַוואַלערען, האָבען זיי מיך געלאָזט אַליין: איינער — אויף דער זייט וואַנד, דער צווייטער — אויף דער זייט

וואנר. און איך זיץ דא פון פריה־מארגענס אן און לאנגווייל זיך, און לאנגווייל זיך, נור די זון, וואס האט אויף מיר רחמנות געהאט, איז אין מיין צימעריל אריינגעקומען.

מישא האט געענטפערט עפעס אונפערשטענדליכעס. וואס האט זיך אויסגעדריקט אין א ווארט, וואס איז אבגעשטארבען אין א שמייר־בעל. ער האט זיך געפונען א טונקעל ווינקעל — א בעהעלטעניש פאר דער זון, אוועקגעזעצט זיך און ווידער עפעס געזאגט.

— דער גאסט שלאפט. אהן איהם וועט זיך גארניט לאזען טהאן.

ער האט געגעבען א קוק אויף מערי'ן און האט זי נישט דערקענט. אנ'אנדער מערי — די, וועלכע ער זעהט אמאל אין זיין פאנטאזיע. פערשוואונדען איז דאס בלייבקייט פון איהרע באקען, און ווי גלענצען איהרע אויגען, און וואס פאר א חן איז אויסגעגאסען אויף איהר געזיכט! זעהר א גרויס גליק ליעגט אויסגעגאסען אין די ווינקעלעך פון איהרע ליפען, וואס מאכט איהר געזיכט איינגאנצען צו א קינד צוריק. א גרויס קינד איז עס מיט אזעלכע דינגע געטאקטע גליעדער. יעדעס גליעד איהרס קושט זיך ארום פון איהר זיידענעם שווארצען קלייד, און אנגעטהאן איז זי היינט אנדערש, ווי אנ'אנדערם מאל. אנגעטהאן אין שווארצען זיידענעם קלייד, אין וועלכען זי פלעגט געהן אין טהע־אטער און געהאט אויף זיך דאס ברוינע זיידענע טוך מיט די גרויסע גאלדענע בלומען—פון דער אלטער טשערטקאווער רבי'צין און אויף איהר האלז די שנור פעריל, דער אלטער טשארטקאווער רבי'צינ'ס פע־ריל, די איינציגע ירושה און מתנה, וואס איהר פאטער, דאס אייניקעל פון טשארטקאווער הויף האט געשענקט איהר מוטער, דעם רייכען גוט־בעזיצער'ס טאכטער פאר כלה־מתנות, און די מוטער האט זיי איהר אין געהיים מיטגעגעבען קיין פעטערבורג — זיצט זי אויסגעציהרט אין די זאכען אויף דער פאטער־שטוהל און א גרויס גליק שיינט ארום פון איהר אינערליכען, ווארפט א גלאנץ אויף איהר און מאכט זי צו דעם, פון וועלכען מישא האט געחלומ'ט פון איהר — פאר'ן אלטען טשארטקאווער רבי'נס אנ'אייניקעל.

מישא האט שטיל־שווייגענדיג געקוקט אויף איהר און זי האט זיך איבערגעגעבען אונטער מישא'ס בליקען. זי האט זיך געלאזט בעטראכטען, אויפעסען פון זיי, און איז דערביי געווען קאלט, מיט דעם גאנצען שטאלץ פון איהר יחוס אויסגעגאסען אויף איהר, מיט

זיבעו שלעסער פערשלאסען פאר מישא'ן, נור אינגאנצען אפען פאר יע־נעם, וועלכען זי האט אויסגעקליבען און זי האט אראבגערערט צו איהם פון איהר הויכקייט און איהר שטים האט געקלונגען דיין און רוהיג:

— זעה, וואס פאר א הערליכער טאג עס איז היינט; זעה, ווי די זון בעגיסט אלץ מיט ליכט! דוכט זיך, אז אזוי ווי זי שיינט היינט, האט זי נאך קיינמאל ניט געשיינט, זי איז היינט פולער און ליכטיגער גלייך ווי זי וואלט איהר גאנצען גלאנץ צוריקגעקראגען.

מישא האט געשמייכעלט.

— עס איז נישט אזוי די זון, ווי די אויגען, וואס זעהען זי.

זי האט איהם אנגעקוקט האלב פערוואונדערט.

— אלץ איז אזוי ווי מיר זעהען עס.

און אויף דעם איז זי שטיל געווארען. איהר געזיכט האט אנ־גענומען אזא רוהיגקייט, אז קיין מוסקעל האט אין איהר נישט געצי־טערט, זי איז געווען אינגאנצען ווי אויסגעהאקט פון טונקעלען מאר־מאר, און איז געבליבען זיצען מיט איהר שטאלץ, מיט א אונענדליכער פרייד און מיט א לייכטענדער רוהיגקייט אויסגעגאסען אויף אלע איהרע אברים.

— און איך האב בעשטימט אהיים צו פאהרען, — האט זיך פלוצלינג מישא אנגערופען און געגעבען א ווארף מיט די הענד, גלייך ווי ער וואלט נישט געוואוסט, וואו זיי אהינצוטהאן.

— פארוואס? — האט מערי געפרעגט קאלט און מיט פער־וואונדערונג.

ער איז איצט גרייט געווען אלץ איהר ארויסזאגען — אז ער האט אלץ געהערט, אז ער ווייס פון אלץ... נאר געזאגט האט ער עפעס אנדערש:

— די לעקציעס אין אוניווערסיטעט הויבען זיך נישט אן און וועלען זיך וואהרשיינליך אזוי גיך נישט אנהויבען. קיין גרויסער מאכער בין איך נישט, איך זאל קאנען דא צו־נוץ קומען ביים שטרייק— פיליכט וועל איך אין דער היים גיכער נוצליך זיין.

— דאס איז א שאד, — האט זי געזאגט קאלט, — פעטערבורג ווערט איצט אזוי אינטערעסאנט,ווירקליך א שאד!

אויף דעם איז אנגעקומען קאוואלסקי. מען האט געזעהן, אז ער האט זיך געאיילט אין אנטהאן. דער קראוואט איז איהם ניט גוט געזעסען, די קאנטען פון זיינע האהר און בארד זיינען נאך נאס געװען.

— א, פערציייהט מיר! גרויסער טאג און איך בין געשלאפען, — מאכט ער צו די אויגען, ווייל די זון האט איהם געברענט, — און מיר האבען זיך דאך געזאלט פריה־מארגענס אויפהויבען און צום וואסער־פאל פאהרען. און איהר זייט שוין לאנג אויף? עפעס ווי א חלום, איך געדענק שוין גארנישט, נור ווייסע טויבען־פעדערען זיינען מיר אין זכרון געבליבען; איך ליעג אין ווייסע טויבען־פעדערען.

מערי האט קיין ווארט נישט אויסגערעדט, דאס נור געקוקט אויף איהם, און איהרע אויגען האבען געשמייכעלט, און איהרע ליפען האבען געשמייכעלט, אבער אזוי שטיל און מיט אזא שעהנע פרייד, וואס קומט פון אינערליכען גליק.

— אבער זייט איהר נאס, זייט איהר נאס, — האט זי איהם צו־געוואָרפען איהר טיכעל, — ווישט אייך אב די בארד. אה, אח, איהר מאכט אייער קראגען נאס.

— א, פערציייהט! — האט קאוואלסקי געזאגט און געכאפט זיך די בארד אבווישען און דעם קראוואט צו רעכט מאכען.

מישא האט זיי נישט אבגעלאזט אויף איין מינוט. ווען מערי האט גערעדט צו קאוואלסקי'ן, האט ער געקוקט אויף איהר. ער האט גע־זעהן דאס לעכעלן, נור נאך מעהר דאס ריידען, דעם טאן. דאס איז יע־נער בעקאנטער טאן, וועלכען ער האט אזוי גוט געקענט... און כדי זיך אליין צו פייניגען, האט ער זיך בעמיהט יעדען בליק איהרען, יעדען שמייכעל, וואס זי האט געגעבען צו איהם, צו פערנעהמען, גלייך ווי ער וואלט א פרייד געהאט אין דער פיין.

— אבער צו דער „אימאטרא" פאהרען מיר, עס איז דאך נישט צו־שפעט? — האט געפרעגט קאוואלסקי — נישט וואהר? — האט ער זיך געווענדעט צו מישא'ן, וועלכען ער וואלט ערשט איצט, ווי צום ערשטען מאל בעמערקט.

— מישא וויל דאך מיט אונז נישט פאהרען, איך ווייס נישט פאר־וואס, — האט מערי געענטפערט.

— יאָ? — פרעגט אידם קאָוואַלסקי, — פאַרוואָס? איך האָב זיך דאָך אַזוי נעפרעהט אויף דער רייזע, — האָט ער זיך אָנגערופען מיט אמת׳ן צער.

מישאַ האָט איהם נור אָנגעקוקט און געשוויגען.

— ער זאָגט, ער וויל אהיים פאָהרען. אָ, מישאַ איז זעהר נישט גוט צו מיר היינט, זעהר נישט גוט, — האָט זי געזאָגט, ווי מיט טרעהרען אין די אויגען.

מישאַ האָט זי אָנגעקוקט, ער איז ווי צומישט געוואָרען. אין דעם איינענבליק האָט ער איהר אַלץ מוחל געווען און איז גרייט געווען פאַר איהר אויף די קניה צו פאַלען. נישט ליעבע, נור אַ גרויס, גרויס רחמנות האָט איהם ארומגענומען אויף איהר.

— אָבער עס איז דאָך נאַרנישט אַזוי, נאַרנישט אַזוי, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געשריי און געוויין,—איך מוז דאָך אהיים פאָהרען, איך מוז דאָך — און איז בלייך געוואָרען און האָט אָבגעהאַקט אין מיטען.

קאָוואַלסקי האָט איצט אָבגעווענדעט דאָס געשפרעך אויף עפּעס אַנדערש. ער האָט בעמערקט מערי׳ס קליידונג.

— אַח, אַט דאָס האָב איך נאָך נאַרנישט געזעהען, — האָט ער געזאָגט מיט בעגייסטערונג, — און דאָס טוך, און די בלימלעך, — דאָס איז גוט, דאָס איז גוט, — און דאָס גאַנצע פּנים האָט אין איהם געלייכטען — נור אין דעם וועט איהר נישט קאָנען פאָהרען צו דער „אימאַטראַ“. — נישט וואָהר? — ווענדעט ער זיך צו מישאַ׳ן.

— איך וועל דאַ פאַר אייך דעם שליטען בעזאָרגען, איהר וועט נישט וויסען וואו, — האָט מישאַ זיך גענומען ארויסצוגעהן.

— אָבער פאָהרט מיט, ווירקליך, קומט מיט, — האָט זיך קאָוואַלסקי אָנגערופען און מען האָט געזעהן, אז ער מיינט עס מיט אַן אמת.

— עס איז מיר אונמעגליך. כ׳האָב נאָך פיעל צו בעזאָרגען, — און איז פון שטוב ארויס.

אז מישאַ איז ארויס האָבען זיי זיך ביידע אָנגעקוקט און אַ ווײַלע געשוויגען. מערי האָט דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען צו דער ערד און איז אַזוי אַ ווײַלע געשטאַנען. קאָוואַלסקי האָט זי בעטראַכט און זיין פּנים האָט געלויכטען פאַר גליק.

— פאר וועמען האסט דו זיך אויסגעציהרט? פאר מיר?

מערי האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין.

— פאר אונזער גליק, פאר אונזער, מיין גליק, מיין כלה, — האט ער אויסגעשריען.

מערי האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין.

— פאר וועמען דען?

מערי האט געוויזען אויף די וואנד פון מישא'ס צימער:

— פאר מישא'ן, — און דערביי האט זי פערלאזט דאס צימער און האט זיך פאמעליך ארויסגעשלייכט צו מישא'ן אין שטוב. זי האט געפיהלט, אז ער איז צו זיך אין צימער אריין. זי האט איהם געפונען ליעגענדיג אויף זיין בעט, פערשטעלט דאס געזיכט מיט ביידע הענד. זי איז פאמעליך צוגעגאנגען צו איהם. ער האט זי ניט געהערט און זי האט ארומגענומען זיין קאפ און האט איהם בערעקט מיט קושען.

מישא האט זי אנגעקוקט מיט בליקען פון א משוגע'נעם. ער האט זיך ארויסגעריסען פון איהרע הענד און איז ארויס פון שטוב.

מערי איז דאן אריין צו זיך אין צימער און האט אנגענומען דעם פערוואונדערטען קאוואלסקי'ן ביי דער האנד און האט איהם פראסט און רוהיג געקוקט אין די אויגען אריין:

— קום, ליעבער, מיר וועלען צו דער „אימאטרא“ פאהרען.

אין איהר געזיכט און אין איהר ווערטער איז געלעגען אזוי פיעל איבערגעבענהייט, אז איהם האט זיך געדוכט אז עס איז אויפגעשטאנען איינע פון יענע אידישע טעכטער פון דעם אלטען ירושלים, ווענען וועלכע עס ווערט דערצעהלט, אז זיי פלעגען קראנק ווערען, ווען זיי האבען געליעבט.

# דאס פיערטע קאפיטעל.

אין א שעה ארום האט זיי שוין א פינלענדישער שליטען געפיהרט צום וואסער־פאל „אימאטרא“. דער טאג איז געווען דער הערליכסטער ווינטער־טאג אין שניי־לאנד פינלאנד. דער וועג האט זיי געפיהרט דורך אנ'אלטען, טיעפען ווייסען שניי־וואלד. ווי זקנים פון אנ'אנדער וועלט און אנדערע בעשעפענישען, זיינען געשטאנען די גרויז־גראה אלטע, דיקע בוימער, „פון קאפ ביז די פיס“ איינגעהילט אין גראבע

שטיקער שניי, און האבען נאכגעקוקט מיט פערוואונדערונג דעם צוויי־שפאניגען שליטען, וועלכער האט זיך, ווי א פרעמדער גייסט, געשלייכט דורך זייער טיעפקייט. די זון האט זיך אריינגעריסען דורך די ברייטע לעבער פון וואלד און האט יעדען שטיקעל שניי בעלויכטען און עס האט אבגעשטראהלט נעגען דער זון מיט די רייכסטע ליכט־פלאמען. די זון מיט'ן שניי האבען זיך ביידע צונויפגעמישט און האבען א שאלענ־דעם ליעד נעזונגען אין דעם ליכטיגען טאג אריין וואס איז ווי א יונגער חתן אויפגעגאנגען איבער דעם יונגפרויליכען וואלד־וויסטע־ניש.

איינגעהילט אין זייערע פוטערס זיינען זיי געזעסען, מערי און קאוואלסקי, האנד אין האנד און האבען זיך איינס דאס צווייטע גע־קוקט אין די אויגען אריין. קיין זאך האט פאר זיי ניט עקזיסטירט, קיין זאך איז זיי איצט ניט אנגעגאנגען, נור זיי און דער הערליכער שניי־וואלד ארום. ער האט איהר דערצעהלט פון זיינע פלענער אין פעטערבורג, פון זיינע קאלעגען, פון די נייע בעקאנטע וואס ער האט ערווארבען אין פעטערבורג. ער האט איהר דערצעהלט פון זייער קינפטיג לעבען, פון זייער צוזאמען־זיין. און זי האט געהערט און האט געטרונקען זיינע ווערטער, זיינע בליקען, זיינע בעוועגונגען. עס איז איהר גאנץ גלייך געווען וועגען וואס ער רעדט. יעדע מינע זיינע האט ארויסגערופען אין איהר נייע קוואלען פון ענטציקען און גליק. און דאך איז זי שטיל געווען, קיין ווארט האט מען ניט געהערט פון איהר: נאר אלץ, וואס האט געלעבט אין איהר, האט זיך ארויסגעריסען און ארויסגעקוקט פון איהרע אויגען, דורך איהרע ליפען, דורך דאס ליכט פון איהר געזיכט, דורך די בעוועגונג און קאכען פון איהר בלוט. און קאוואלסקי האט דאס אלץ געהערט, און געפיהלט און גע־זעהן האט ער, ווי דאס אלץ שלאגט צו איהם, צו איהם.

און זי האט צו איהם געזאגט:

— איך וויים דאך צומאל נישט, ווער דו ביזט, איך קען דיר גאר נישט, און טיילמאל דאכט זיך מיר אויס, אז דו ביזט א פרעמדער, און קומסט פון ערגעץ, וואו דו ביזט אויסגעוואקסען און איינגעקניפט און באלד וועסט דו צוריקגעהן דארט אהין, פון וואנען דו קומסט און וואוהין דו געהערסט. נור עס איז מיר נישט קיין אונטערשיעד. א, לאנג האסט דו מיך אויסגעהונגערט און געלאזט ווארטען אויף

דיר און דו האסט מיר קיין ווארט, קיין ווארט נישט געשריבען און נישט געזאגט. און דו האסט מיר גארנישט איבערגעלאזט, אפילו קיין ווארט האסט דו מיר נישט איבערגעלאזט, מיט וועלכען איך זאל זיך קאָ־נען טרייסטען, ווארטען. און איך בין ארומגעגאנגען און דיין עראי־נערונג איז געשלאפען אין מיר, און איך בין געשלאפען, און דיך האב איך געהאט אין מיר, און גערעדט צו דיר. א, מען טאר נישט אויפ־וועקען אין א מיידעל איהר הייליגסטען געפיהל און שטעהן לאזען און אוועקגעהן. דאס געפיהל קאכט, קלערט און מאכט רייף. יא, דאס גע־פיהל, וואס דו האסט אין מיר ערוועקט, האט מיך רייף געמאכט. און פיעל האב איך געקלערט, פיעל, פיעל. ביז עס איז אלץ אין מיר רייף געווארען און דאן ביזט דו געקומען. א, עס איז מיר אלץ איינס, אלץ איינס, טהו, טהו, וואס דו ווילסט, וואס דו קאנסט, — איך בין אינגאנצען דיין, דיין, — און זי האט אראבגעלאזט דעם קאפ אויף איהר ברוסט און איז ענטשווינגען געווארען.

און ער האט צו איהר געזאגט:

— דו פרעגסט מיר ווער איך בין? ווייס איך דען? טיילמאל דאכט זיך מיר, אז איך בין א פיעדעל און איהר שפיעלט אויף מיר אויס יעדע דעם נגון, וואס זי איז אימשטאנד ארויסצושפיעלען. איך קאן זיין זעהר שעהן, אדער זעהר מאוס, — דאס ווענדט זיך אן אייך, איהר זייט דאס אימשטאנד פון מיר ארויסצוזינגען. טיילמאל האב איך דאס געפיהל, אז איך געה אויף א וועג, אויף א לאנגען וועג. דאס ציעל פון מיין וועג איז די בת־מלכה, זי זיצט דארט אין א גאלדענעם פאלאץ, זי זיצט דארט איינע אליין און ווארט אלעם אויף מיר. זי איז דאס ענד פון מיין ציעל, דארט איז מיין רוה. נור אויף דעם וועג, אויף וועלכען איך געה, שטעהען הייזלעך, שטעהען רעסטאראנען, האטעלען. און איך שטעל זיך אב אונטער יעדען הייזעל מיין הונ־גער צו שטילען, אין יעדען האטעל מיין נאכט־לעגער צו זוכען. אין דעם נאכט־לעגער האב איך זיך לעננער אבגעשטעלט, אין דעם — קירצער, נור איך געה, איך געה אויף דעם וועג צו מיין ציעל, וואו עס הערשט מיין גורל און מיין אייבינע רוה.

מערי האט איהם אנגעקוקט. אין איהרע אויגען איז געלעגען א ווילדער גלאנץ און איהר געזיכט איז מאדנע פערענדערט געווא־רען. זי האט איהם אין די אויגען אריינגעקוקט און געפרעגט:

— און דאס בין איך דיר?

קאוואלסקי האט זי אנגעכאפט ביי דער האנר:

— א, זיי מיין ציעל, זיי מיר, זיי מיר, איך בין מיעד פון וואנ־דערן און פון אויפהאלטען זיך אין נאכט־לעגערס. זיי דאס גרויסע ציעל, נאך וועלכען מיין נשמה בענקט אזוי, וואו עס רוהט מיין אייבינע רוה, מיין גורל און מיין גליק. זיי דאס, וואס מיינע אוי־גען האבען מיט בענקעניש געזוכט. זיי דאס, זיי דאס!

— א, פארוואס ביזטו נישט אנגעקומען צו די טהירען פון דיין ציעל א מיעדער און א הונגעריגער פון דיין לאנגען וועג? — האט זיך מערי אנגערופען ווי אין זיך. — אה, האב איך דערויף געווארט.

— איך האב שטענדיג מיין נשמה איבערגעלאזט פאר דער טהיר אויף דעם וועג צו דיר, ווען איך האב מיין קערפער צו דעם נאכט־לעגער אריינגעשלעפט...

אויף דעם זיינען זיי ביידע שטיל געווארען דעם רעשט וועג, ביז זיי זיינען אנגעקומען פאר דער „אימאטרא“.

באלד האבען זיי געהערט פון דערווייטענס דאס קלאפען פון וואסער, זיי זיינען אראב פון שליטען, אריבערגעכאפט זיך איבער א פעלד און פאר זייערע אויגען האט זיך אויפגעעפענט .א בילד, וועלכעס האט זיי דערשראקען און קליין געמאכט.

איבער אנ'אונענדליך ברייט, ווייס־בעשנייט פעלד איז אנגע־קומען צולויפען א ברייטער שטראמעדיגער טייך. דאס וואסער האט זיך ווענינ־וואס געענדערט פון דעם בלישטשענדען ווייסען שניי־פעלד, עס איז געלאפען מיט א אונגעהויער שטראמינקייט און פלוצ־לינג, ווי אין מיטען, האט זיך דער גאנצער ברייטער טייך איבער־געריסען און איז — אזוי ברייט און לאנג, ווי ער איז געווען — אראב אין א הונדערט־פוסיגען טיעפען טהאל, איבער וועלכען עס זיינען געלעגען קאלאסאלע גרויסע פעלזען און שטיינער, נור מיט אזא אימפעט און מיט אזא געשריי, אז פאלענדיג אויף די שטיינער, איז עס צוריקגעשפרונגען און צושפריצט געווארען אין א בלישט־שענדען רעגען־וואלקען, וועלכער האט זיך געטראגען איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון פעלד. די זון איז אריין אין דעם וואסער און געלאזט זיך אינאיינעם מיט'ן שטראם אראב איבער די פעלזען,

איבער די שטיינער און צושפריצט געווארען איניינעם מיט'ן וואַסער און זון אין איין בלישטשענדען זיבעבן־קאלירטען רעגענבויגען. וועלכער האט זיך געטראגען איבער'ן גאנצען ברייטען ווייס־בעשנייטען פעלד.

זיי זיינען בידע געשטאנען, ווי צומישט, ווי קליין, ווי אונענדליך קליין האבען זיי ביידע אויסגעזעהן דא, ביי דער גרויסער נאטור־ערשיינונג, געגען דעם גרויסען, ברייטען טייך, וואס קומט אן יעדע רגע מיט נייע וועלען און ווארפט זיך מיט'ן קאפ אריין אין דעם קאכענדיגען, ברייטען ים, וועלכער צושפּריגנט און געהט אויף אין א בלישטשענדען וואלקען! און עס האט זיך געדאכט, אז די גאנצע וועלט, אלץ קומט אהער אן צושווימען אין דעם טייך אריין און ווארפט זיך מיט דער גאנצער פרייד און גאנצען ווילען אין דעם תהום אריין. זיי האבען זיך ביידע אויסגעזעהן ווי צוויי שפּענדעלעך, און ווי לייכט איז זיי געווען די מינוט אלץ איבערצולאזען הינטער זיך און אריינווארפען זיך אין דער גרויסער וועלט־חתונה, — דארט אונטען, וואו אלץ קאכט זיך צונויף אין איין גרויס געשריי און שלאגט זיך צוריק אויף אין א טוי, אין א וואלקען, וואס גלאנצט און פינקעלט מיט זיין טויזענד־קאלירטען ליכט.

זיי האבען זיך אנגענומען ביי די הענד און געהאלטען זיך איניינעם, ווי זיי וואלטען מורא געהאט, אז דער כשוף, אז דאס גרויסע וועלט־צונויפמישעניש זאל זיי נישט מיטשלעפען, ווארום עס האט זיי אהין געצויגען, דארט אהין, צו דער וועלט־חתונה מיט כשוף.

זיי האבען נים געפיהלט די קעלט, דעם פראסט, וואס האט זיי ארומגענומען און דורכגענומען זייערע ביינער. זיי זיינען געשטאנען, ווי צוגעקלעפּט צום אָרט, צוגעצויגען צו דעם בילד און האבען זיך איינס צום אנדער'ן געטולעט, ווי עס וואלט קיינער נישט אויף דער וועלט געווען, קיינער נישט אויסער זיי ביידע.

די זון האט זיך געזעצט. דאס ליכטיגע וואלקען־וואסער האט זיך אנגעהויבען צו הילען אין טונקעלהייט. דארט הינטער דעם וואסערקעסעל איז עס פערוואנדעלט געווארען אין א שרעקליך געהיימניס, אין וועלכען עס האט זיך געהערט זיין מורא'דיג ברומען; זיי האבען זיך ביידע ביי די הענד אנגענומען און זיינען צוריק צו דעם שליטען אוועק, וואו דער גוי האט געווארט אויף זיי פאר דער קרעטשמע.

זיי האָבען אבגעגעסען און עס איז נאָכט געוואָרען, און זייטען צוריק־געפאָהרען דורך דעם ווייסען שניי, וואלד און לבנה־ליכט.

און אז זיי זיינען געווען אין טיפען וואלד, און עס האָט זיי קיי־נער נישט געהערט, נור די ווייסע, געהיימניספול־שטעהענדע בוימער, האָבען זיי זיך ביידע איינגעטולעט, ווי צוויי פערלאָזטע יתומים.

ווען זיי זיינען אהיים געקומען, האָט דער ווירטה מערי'ן אבגע־געבען א בריעף פון מישא'ן. מישא איז שוין נישט געווען. אין דעם בריעף איז געווען א רעכנונג און איהר געלד, וואָס ער האָט געהאַט געהאַלטען, נור ווער האָט איצט געקוקט דערויף, ווער האָט אין זינען געהאַט מישא'ן? זיי זיינען געווען דאָ מיט זיך, דער שניי ארום, מעהר קיינער נישט — קיינער נישט, אויסער זיי ביידע.

די לאָמפּ האָט געברענט. זיי זיינען געזעסען אין צווייען אין איהר קליין, קליין צימער'ל, איינגעהילט אין דעמזעלבען ברוינעם זיידענעם טוך מיט די גרויסע גאָלדענע בלומען. פון דרויסען האָט דער שניי און די לבנה אריינגעשיינט.

אין צימער האָט געשמעקט מיט א לייכטען נארציסען־דופט, מיט וועלכען זי האָט דאָס גאנצען צימער אויסגעגאָסען. דער געשמאַק האָט זיך צונויפגעמישט מיט'ן געזונטען געשמאַק פונ'ם האָלץ, וואָס האָט געברענט אין אייווען, ביי וועלכען זיי זיינען ביידע געזעסען און זיך די הענד געוואָרימט.

אזוי זיינען זיי ביידע געווען איינגעשלאָסען אין דעם קליינעם צימער'ל דריי טעג און דריי נעכט. זיי האָבען קיין מענשען נישט גע־זעהען, אויף דער גאַס נישט ארויס, נור וואָס דער ווירטה האָט זיי עסען דערלאַנגט, האלב נאָקעט געלעגען אויף זייערע פעלצען, פער־שפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע ביים אייווען, און האָבען זיך ביים ברע־נענדיגען פייער געוואָרימט...

---

# דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

אין א פּאָר טעג ארום האָבען זיי שוין געוואָהנט אין פּעטערבורג. קאָוואלסקי האָט ערפאָלג געהאַט.

די קריטיק האָט זיינע בילדער גלענצענד בעשפּראָכען און ער האָט זיי גוט פערקויפט. ער איז געוואָרען אין דער מאָדע אזוי שנעל, ווי נור

פעטערבורג קאן איינעם הויבען אדער איינעם ווארפען. ער האט זיך באלד בעקענט מיט דער גאנצער פעטערבורגער קינסטלערישער וועלט און זיי האבען פאר איהם אויסגעזארגט וואהנרעכט אויף א גע־וויסע צייט.

ער האט פאר זיך מיט מערי׳ן געדונגען א קליינע, נור גלענ־צענדע וואהנונג אין אנ׳אלט רוסיש הויז אויף איינעם פון די „אסט־ראווא“ און האט זיך דארט איינגעריכטעט א קינסטלעריש אטעליע; דארט האט ער אויך עמפפאנגען די פעטערבורגער קינסטלערישע וועלט פון מאקסימאוויטש׳עס קרייז, מיט וועלכען זיי האבען זיך זעהר נאהנט בעקענט.

אסיפ גרינגאריעוויטש מאקסימאוויטש איז געווען איינער פון די בעדייטענדסטע רוסישע עסטעטיקער און דענקער, א פארלויפער פון די רוסישע מיסטיקער און אינדיווידואליסטען. דיקע ביכער האט ער געשריבען און האט פאר דער רעוואלוציע געשפיעלט אין דער רוסי־שער וועלט א בעדייטענדע ראליע. ער איז בעריהמט געווען מיט זיין מלחמה נעגען די פארשטעהער פון די ליבעראלען, איז אבער אין דער צייט פון דער רעוואלוציע — ווען א בעדייטענדער טהייל פון רוס־לאנד איז געווען סאציאל־דעמאקראטיש געשטימט, ווען די ברויזענדע כוואליעס פון דער רוסישער רעוואלוציע האבען הונדערטער נייע מענ־שען געהויבען און הונדערטער אלטע מענשען געווארפען — מיט זיין אינדיווידואליזם און מיסטיציזם האלב פערגעסען געווארען. צור־אייטעל און שטאלץ, כדי מיטצושווימען מיט׳ן שטראם, האט ער זיך געפרובט אוועקצושטעלען נעגען איהם, אויסצולאכען די נעטער, וואס דאס רעוואלוציאנערע רוסלאנד האט זיך געשאפען. דאס האט איהם אינפאפילער געמאכט און אונבעליעבט, וואס האט געקרענקט זיין איינע־ליעבע. האט ער געפרובט צו שפיעלען א צוויי־דייטיג שפיעל. בעהאלטען, דיפלאמאטיש, האט ער מעהר געהערט ווי געערדט, נור מיט א פעראכטענדען צוויי־דייטענדען שמייכעל אויף זיינע ליפען — און דאס איז אזוי פרעמד און צו־ווידער געווען דעם רוסישען אפענ־הערציגען כאראקטער. אליין האט ער געשטאמט פון אידישען תחום, האט ברעה נעהאט זיך צו שמד׳ן און אנצונעהמען דעם פראוואסלאור־נעם גלויבען, האט אבער פערלאנגט א קלייניגקייט, אז די ארטאדאק־סישע קירך זאל זיך אבזאגען פון א דאגמע איהרער, וועלכע ער, מאק־

סימאָוויטש, קאָן נישט אננעהמען. ער האָט וועגען דעם פּער־עפּענטליכט אַ בריעף אין די צייטונגען צום מיטראָפּאָליט. נור אַזוי ווי די הונדערט פּופציג מיליאָן אָרטאָדאָקסען האָבען זיך נישט גע־וואָלט אָבזאָגען פון דער דאָגמע פון זייער קירך צוליעב מאַקסימאָ־וויטש'ן, איז ער איבערגעבליבען אַ איד. אָרום איהם האָט זיך גע־זאַמעלט די יוגענד, די, וואָס האַלטען אין ווערען אָדער האַלב שוין געוואָרענע בערימהייטען, וועלכע האָבען נישט געקאָנט, אָדער האָבען נישט געוואָלט אַריינדרינגען אין דער אָפּיציעלער, רוסישער קינסטלער־וועלט, וועלכע איז דאָן, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, געווען איינגאַנצען פערכאַפּט מיט דעם מאַרקסיזם.

וואָרום דער גרויסער מאַקסימאָוויטש, דער מיסטיקער און דענקער, דער קאָפּ פון דער רוסישער פריידענקענדער אָפּאָזיציע, האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו אַכטצעהן־יעהריגע מיידלער. געהאַלטען זיך פאַר אַ יונגען בחור; ער האָט אין די סאַלאָנען רעדעם געהאַלטען, כדי צו געפעלען די מיידלעך, — האָט זיך געקליידט מיט אַ געוויסער קאָקע־טערי — געשלאָסענע, שוואַרצע סאַמעט־וועסט, קורצען סמאָקינג. צו דער יוגענד האָט ער געהאַט אַ סימפּאַטישע נויגונג. אין דער געזעלשאַפט פון די מיידלעך האָט ער געשפּיעלט די ראָליע פון דעם עלעגאַנטען קאַוואַלער פון פערגאַנגענעם דור, אַ געוויסע סענטימענ־טאַליטעט איז געלעגען אין זיין בעציהונג צו זיי, ווי אַ'ערפאַהרענער קלוגער פעטער פערהאַלט זיך צו זיין ניכטע...

אין זיין קרייז האָט עס דורכדעם גערוישט פון זיידענס, פון שוואַר־צע פּעריל־קעפּ, פון קלינגענדען ריינעם מיידעל־לאַכען.

די נויגונג צו דער יוגענד האָט איהם אויך געבראַכט צו נאָהנט־שאַפט מיט קאַוואַלסקי'ן. מערי מיט איהר אָריענטאַליש געזיכט, מיט איהר ריטמישער בעוועגונג האָט אויף איהם געמאַכט אַנ'איינדרוק און ער האָט זיך דערנעהנטערט צו זיי, געקומען צו זיי אָפט און זיי אַריינגעפיהרט אין זיין קרייז אַריין.

די נשמה פון דעם קרייז איז געווען נאַטאַליא מיכאַילאָוונאַ, דעם יוריסט גליצענשטיינ'ס פרוי. ביי איהר אין סאַלאָן, וועלכער איז געווען איינגעריכטעט נאָך דעם רעזשיסער לעסער'ס געשמאַק, איז זיך צוזאַמענגעקומען דער קריז און צו איהר „ושור פיקס“, ביי וועלכען

מערי האט זיך געזאלט געפינען צום ערשטען מאל, האט זיך איצט קאוואלסקי מיט מערי'ן געקליבען צו געהן.

אין צימער איז געווען אנגעווארפען פערשיעדענע זיידענע טיכער, מיט בוכארישע שאלען, אלט־פראנצויזישע ברוקאט. מערי איז געווען אנגעטהאן אין א גריכיש קלייד און געקעמט די האהר גריכיש, וואס עס איז איצט זעהר מאדיש געווען אין פעטערבורג, דערהויפט צווישען דעם פובליקום פון דעם מאדערנעם טהעאטער „נעראסלאווסקאיא", וואו לעסער איז געווען רעזשיסער. קאוואלסקי האט זי אונבעדינגט אבגעראטהען פון דעם, ווארום דער טונקעלער קאליר פון איהר הויט האט זיך נישט געאייגענט צו די העלע פארבען. ער האט איהר אי־בערהויפט געראטהען זיך האלטען אן טונקעלען אין רעמבראנדטישען סטייל, עטוואס גענויגט צום אריענטאלישען, וועלכעס איז צו איהר טיפיש־אידיש געזיכט גוט גענאנגען. ער איז דוקא בעשטאנען דערויף, אז זי זאל זיין אין דעם טונקעל־ברוינעם טוך מיט די גאלדענע גרויסע בלומען, חאטש מערי האט געפונען, אז דאס מאכט זי אלט — די האהר פערקעמט שיטעל־גלאט, הינטען פערלעגט, אהן יעדע בעפוצונג, ווי אונזערע אלטע מומעס האבען געטראגען; אויפ'ן האלז די פעריל און די גרויסע אלטע גאלדענע בראש, וואס קאוואלסקי האט איהר געקויפט ביי א פעטערבורגער אנטיקווארייער. „דו ווילסט אז איך זאל דוקא אויסזעהן, ווי אנ'אלטע דאמע, וואס האט א אינטערעסאנטע פער־גאנגענהייט הינטער זיך", — האט מערי געלאכט, און דאך געטהאן, וואס קאוואלסקי האט איהר געראטהען. זי האט געוואוסט, אז זי קאן זיך אויף איהם פערלאזען, און ער טהוט זי אן אין דעם, וואס איז איהר גוט און שעהן. זיי האבען אנגעווארפען אויף זיך די מאנטלען, דער שווייצאר האט צוגערופען דעם איזוואשטשיק, און זיי האבען זיך געלאזט אין שליטען איבער דער טראאיצקער בריק צו נעווסקי־צו.

אין פעטערבורג האט זיך שוין געהאט דאס וועטער געשטעלט. איינגעהילט אין שניי, האט „פיטער" ארויסגעקוקט צו דער נעווא מיט איהרע טויזענדער עלעקטרישע לאמטערנס און ליכטער און האט אויסגעזעהען, ווי א לעגענדארישער סלאווישער „גראד" מיט בעשנייטע קופאלען. די נעווא איז שוין געשטאנען בעשנייט, אין ווייסען בעדעקט און ביי איהרע ברעגעס צוויי רייהען ליכט. די שליטענס זיינען געפלויגען איבער די פעטערבורגער גאסען, די גלעקלעך אויף די העל־

זער פון די פערד האבען געקלונגען, די איזואשטשיקעס האבען אריבערגעשאלטען איינער דעם צווייטען און געיאגט זיך איינער נאכ'ן אנדער'ן, ווי די ווינדען אין דער וויסטע. דאס עלעקטרישע ליכט האט געשפריצט אין דער ווייסער נאכט אריין מיט פייער, און איבער דעם עולם איז געהאנגען א דורכזיכטיגער וואלקען, וואס האט זיך געדאכט, אז עס איז נאך א חלום פון דעם פערגאנגענעם טאג־שיין. דער וואלקען האט אריינגענומען אין זיך די ווייסע קופאלען און דעכער און בעשי־מערט זיי מיט א ציטערנדען שטערן־ליכט.

אין דעם רעש איז זייער שליטען געלאפען און דורכגעלעגט זיך א וועג און מערי און קאוואלסקי האבען גערעדט:

— און סאווארין וועט זיין?

— יא, מאקסימאוויטש האט געזאגט, אז סאווארין האט זיך פלוצלינג געפונען.

— סאווארין, דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער?

— יא, ער קומט אהין מיט ביקאוו'ן.

— וואס? קענסט דו זיך שוין מיט דעם שוישפיעלער ביקאוו'ן אויך?

— יא, — האט קאוואלסקי געזאגט, — ער האט מיך שטארק גע־בעטען צו זיך; ער האט געזאגט, אז אלץ אין פעטערבורג קומט צו איהם. א פרעהליכער יונג דער ביקאוו. ער בעדארף נישט מעהר נור ויין ביטארע און זינגט תמיד איין ליעד: „מאלטשיק פאגיבאל" און איז גאנץ גליקליך איבער אלץ, וואס איז דא. מיט אלע איז ער פריינד, אלע ליעבען איהם און ער ליעבט אלעמען. א קוריאז, ווי ער האט זיך מיט מיר בעקענט. נאך צוויי־דריי ווערטער, קומט ער צו מיר און שטרעקט מיר אויס די האנד: — „יא ביקאוו", — זאגט ער. איך האב געזעהען דיין בילד און עס געפעלט מיר, איך האב דיך גע־זערט ריידען און דו געפעלסט מיר זעהר, גיב די האנד און מיר וועלען זיין פריינד" — און דערביי נעהמט ער מיך ארום און צוקושט זיך מיט מיר, און מיר זיינען שוין אויף „דו". אבער גאנץ אויפריכטיג, זיין האאר נישט פאלש.

— א, ביי ביקאוו איז דאס נאכט־אזיל, דארט קומען זיך צונויף אלע שריפטשטעלער, שוישפיעלער, מאלער און טרינקען גאנצע נעכט; דארט זאל זיך עפעס שרעקליכעס אבטהאן — דערצעהלט וויימער

קאוואלסקי — ער זאָל האָבען אַ גרויסע וואָהנונג, און ביי איהם וואָהנט אויך מאַקסימאָוויטש, ביי איהם זאָל זיך אויך אויפהאַלטען דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער סאַוואַרין. ער ווערט פער־פאַלען אויף עטליכע טעג, האַלט זיך אויף אין שענקען, צווישען איז־וואַשטשיקעס, דאַן קומט ער צו ביקאָוו׳ן און לעגט זיך אַוועק און שלאָפט איינינע טעג דורכאַנאַנד. אַה, איז דאָס אַ וואַנדערונג ביקאָוו׳ס. טהוען זיך דאָרט זאַכען אַבי!

מערי האָט דערביי געוואָרפען אַ בליק איבער נעוואַסקי, איבער וועלכער זיי זיינען איצט געפאָהרען. דאָס ענדע פון דער גאַס איז גע־ווען פערהוילען אין אַ לייכטענדען נעבעל, פון וועלכען עס האָבען זיך טויזענדער און איבער טויזענדער ליכטער געמוקט. און עס האָט זיך פערנומען פון דאָרט אַנ׳עטעמען, ווי עס וואָלט אָבגעקרעכצט די נשמה פון גרויסען פעטערבורג. אין די גאַסען האָבען זיך נעלאָזט די שליטענס אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, און די ברייטע טראָ־טואַרען זיינען פול געווען מיט מענשען — דאָס האָט זיך פעטערבורג געלאָזט אין די טהעאַטערען אריין. פון די אָפענע געוועלבער האָט זיך ארויסגעגאָסען דאָס ליכט און בעגאָסען אַלץ מיט אַ גאָלדענעם ברוינעם שיין און די נאַכט איז געקומען און האָט עס פערהוילען אין איהר טונקעלהייט און אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט: דאָס ליכט, די פערד, די מענשען, פערהוילען אַלץ אין דעם וואָלקען און מערי׳ן האָט זיך געדאַכט, אַז „פיטער“ איז דער גרויסער, גרויסער קעסעל, וואָס האָט אַלץ צונויפגעקאָכט און זי האָט זיך געפונען אויך אין מיטען אין דעם קעסעל און זי איז אויך איין טראָפּען פון דעם גרויסען, גרויסען לעבען, וואָס הייסט „פיטער“; און ווי גליקליך איז זי געווען דעריבער.

באַלד האָט זיך זייער שליטען אָבגעשטעלט אויף דער סאַדאָוואַ; זיי זיינען געשטאַנען פאַר׳ן פּריסיאַזשני פּאָווערעני סעמיאָן סעמיאָ־נאָוויטש׳עס הויז.

דער שווייצאַר מיט די צוויי גרויסע באַקענבערד האָט זיי גע־האָלפען פון שליטען אויסשטייגען. זיי זיינען אריין אין דעם גרויסען ליכטינען פעטערבורגער קאָרידאָר. אין אַ מינוט אַרום וועט זי די אַלע זעהן, סאַוואַרינ׳ען אַליין. גאָט, ווי גליקליך זי איז געווען!

# דאס זעקסטע קאפיטעל.

די טהיר האט זיך געעפענט. זיי זיינען אריין אין א רויט־טונקעל בעלויכטענעם קארידאר. די ווענד זיינען געווען בעהאנגען מיט כינעזישע געמעלדען. א מיידעל האט זיי געהאלפען די פוטערס אויסטהאן. דער קארידאר איז פול געווען מיט פעלצען. פון די אפענע טהירען פון דעם סאלאן שלאגט אנטקעגען א בעלעבטעם בעוועגען. די מאדאם אליין, נאטאליא מיכאילאוונא, ווייזט זיך אין דער טהיר.

— אך, דאס איז שעהן פון אייך, — דריקט זי די האנד קאוואלסקי'ן.

— און דאס איז געווים פריילין ראזענצווייג, — האט די מאדאם פון הויז דורכגעלעכערט מערי'ן מיט א טיעפען בליק, — איך דאנק אייך זעהר. אז פיעל האב איך פון אייך געהערט פון די פריילינס עהרליך און פון מיכאאיל אבראמאוויטש, — ווייזט זי אויף קאוואלסקי'ן.

קאוואלסקי האט פערלעגען געשמייכעלט. מערי האט זיך באלד געפונען און האט צוגעניקט דער מאדאם. פאר איהר איז געשטאנען א טונקעלע, שארפע ברונעטקע, גענוג יונג, גענוג שעהן, מיט שווארצע שטארק געצייכענטע ברעמען און גרויסע בעלעבטע אויגען, אנגעטהאן אזוי, אז מערי האט די ערשטע מינוט נישט געקאנט רעכט כאפען, וואס דאס איז אייגענטליך: אין א דורכזיכטיגען, אפען גריכישען קלייד, וואס האט נישט בלויז ארויסגעוויזען די איידעלע ליניען פון איהר קערפער, נור אויך אפען געלאזט און געצייגט איהר פראכטפאלען ברוין־הויטיגען טיעפען דעקאלטע. דערביי זיינען איהרע געדיכטע שווארצע האהר געווען אראבגעלאזט אין לאקען איבער איהר האלבנאקעטען קערפער און א שטארקער ארכעדייען־דופט האט זיך געטראגען פון איהר.

זי האט מערי'ן אריינגעפיהרט אין א וואונדערליך בעלויכטענעם סאלאן: פון די פיעל ווענד־ווינקלען האבען ארויסגעקוקט פיער שלאנגען קעפ און פון זייערע גרויסע גרויע אויגען האט זיך ארויסגעגאסען א געלבעס ליכט, וועלכעס האט גלייך געמאכט די געזיכטער פון אלע

געסט — אזוי אז עס האָט זיך געדאכט, ווי טויטע וואָלטען ארום געזע־סען. דאָס ליכט האָט געשטערט מערי'ן, און דעם ערשטען אויגענבליק האָט זי קיינעם נישט געקאָנט דערקענען, חאָטש זי האָט געזעהן מענ־שען אין סאַלאָן זיצען און געהערט, אז מען פיהרט א געשפּרעך. דאָס מין ליכט האָט צום ערשטען מאָל לעסער איינגעפיהרט אין נעראָס־לאַווסקאַ'ס טהעאַטער צו א סימבאָליש שטיק און פון דעמאָלט אן איז עס אין געוויסע פּעטערבורגער קרייזען זעהר מאָדיש געוואָרען.

קאָוואַלסקי און מערי האָבען זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל, זיינען צוגעוואָהנט געוואָרען צום ליכט און האָבען זיך אָנגעהויבען ארומקוקען, וואו זיי געפינען זיך דאָ.

דער סאַלאָן איז געווען א געמיש פון סטילען: דאָס מעבעל איז געווען אלט פּעטערבורגער אמפּיר, דערביי האָט אָבער נישט געפעהלט א ראַקאָקאָ־גאַרניטור, טיש און ביינקלעך מיט פיינעם זיידען־ברוקאַט אין א ווינקעל אויפגעשטעלט; איבער דער פּאָדלאָגע א גרויסער פראַנ־צויזישער טעפּיך, די ווענד בעהאַנגען מיט יאַפּאַנישע געהאַפטענע שטאָפען און אין די ווינקלען אַלטע אָריענטאַלישע אָרנאַמענטען, עגיפּטישע אייל־לאַמפּען. איבער די קליינע אמפּיר־פּאָלעצעס זיינען געווען אָנגעשטעלט כינעזישע בודיסטען, אלט־זאַקסישער פּאָרצעלאַן, ווענעציאַנישע קלערען און דערביי האָט אויך נישט געפעהלט קיין פּאָמפּיאישע מאַלערייען אינאיינעם מיט סלאַווישע קירכען־בילדער, קליין־רוסישע שטיקעריי מיט אידישע סאַמעט־פּרוכת'ן. מען האָט גע־זעהען, אז דאָ האָט געארבייט ניט נור געשמאַק־לאַזיגקייט, נור דאָ איז אַלץ אויך נור צופעליג געווען. עס האָט אויסגעזעהען, ווי דער סאַ־לאָן וואָלט געווען א סקלאַד פון פערשיעדענע אַנטיקען און אַלטע זאַ־כען. עס האָט זיך געפיהלט שטויב און עס האָט געפעהלט רופט...

מערי האָט געזוכט מיט די אויגען מאַקסימאָוויטש'ן. ער איז גע־זעסען אין א ווינקעל שטוב, איין פוס פערלענגט אויפ'ן צווייטען און אויף זיינע גלאַט־ראַזירטע ליפּען האָט געשוועבט א קלוג, קלוג שמייכעלע. ער האָט ווי געוואָלט זיך גוט איינהערען צום געשפּרעך, וואָס ווערט אין סאַלאָן געפיהרט. ער האָט די גאַנצע צייט זיין הויכען פּריסטער־שטערן געקנייטשט, נאָר זיינע קליינע פינקעלענדע אויגע־לעך האָבען אריבערגעבליקט צו מערי'ן און קאָוואַלסקי'ן. ער האָט ליכט צו זיי מיט'ן קאָפּ גענויגט, איינגעהערט זיך צום געשפּרעך

און זיין טראנישער שמיכעל איז איהם ניט אראב פון די ליפען, ווי עס וואלט געהייסען — ווי איך בין, נעביך, דא אריינגעפאלען אין א חברה אריין.

— און איך ווייס נור איינס — האט זיך געהערט ווי א פויערשע שטים ביי זייער אריינקומען, עס איז געווען דער שריפטשטעלער אקימאוו. ער האט זיך געווענדעט צו מאקסימאוויטש'ן אין זיין גע־וועהנליכע, פויערישע רוסישע שפראך, מיט זיינע פויערישע מא־נערען; אליין איז ער ארויסגעקומען פון פויערים און מיט זיי האט ער תמיד געקאקעטירט אין דער געזעלשאפט — איך בין נישט אזוי געבילדעט, ווי דו, איך בין נישט אזוי קלוג ווי דו, איך בין נור א געוועהנליכער רוסישער פויער, און ווי א געוועהנליכער רוסישער פויער לאז מיר דיר זאגען, אז די מיליע־שילדערונגען זיינען נישט אבגעשטאר־בען און וועלען נישט אבשטארבען, און וואס עס איז דא שערגעס אין דער ליטעראטור, דאס האט אלץ זיין ווארצעל אין דער ערד, פון וואנען עס קומט ארויס. איז דען האמער נישט מיליע? יא, אדיסעי איז גרי־כישע מיליע! איז דען שעקספיר און זיינע קעניג־דראמען נישט מיליע? אויך מיליע! און אונזער גרויסער פושקין? און אונזערע דריי: גאגאל, דאסטאיעווסקי און טאלסטאי — וואס עס איז דא גרויסעס, איז אלץ מיליע.

— און עדגאר פא, און מעטערלינק, און אנדריי ביעלי און איך — האט זיך אבגערופען דער שריפטשטעלער באמאוו, וועלכער האט גע־שפיעלט דעם לץ אין דער געזעלשאפט און וועמענס אויפגאבע איז געווען אויסצולאכען יעדעם ערנסטע געשפרעך, און זיין הויפט־ציעל איז שטענדיג געווען אקימאוו מיט זיינע פויערישע מאנערען.

— אמת, אמת, — האט געזאגט מאקסימאוויטש, און האט דערביי פערהאלטען זיין געלעכטער מיט זיין דארער ביינערדינער האנד און מען האט נישט געוואוסט, צי מיינט ער דאס ערנסט, צי אויף געלעכ־טער, און צו וועמען ער זאגט „אמת", צי אקימאוו'ן, צי באמאוו'ן. דערביי האט ער זיך אויפגעהויבען און געזאגט עפעס אנגענעהמעס דער מאדאם פון הויז, דעם פריסיאזשני פאווערעני, וועלכער איז געווען פערנומען ביי זיך אין קאבינעט מיט זעהר וויכטיגע זאכען, און איז נור אלע מאל אריינגעקומען צו דער געזעלשאפט מיט דעם צושויבערטען קאפ האהר און די פעדער הינטער דעם אויער, און אונטערגעהאלטען

זיך מיט דעם א װאָרט, מיט יענעם א װאָרט, אבי יוצא זײַן פאַר זײַן װײַב, פאַר די ליטעראַטען און פאַר דעם סאַלאָן, און צוריק װידער אין זײַן קאַביענט אַרײַן, װאו ער איז װירקליך געװען פערנומען מיט זעהר װיכטיגע עסקים — ער איז געװען אײנער פון די בעקאַנטעסטע אדװאָקאַטען אין רוסלאַנד.

נור אין דעם מאָמענט איז אין קאָרידאָר אַ גערודער געװאָרען, װי עס װאָלט זיך אַ שטורם־װינד אַרײַנגעריסען. אין אַ מינוט אַרום איז אין סאַלאָן אַרײַן אַ קלײן ריהרעװדיג אידעל מיט געקרײַזטע ערהרלעך, װי אַ שעפּס, און מיט אַ קװיטשענדיג קול׳כעל, װאָס מאַכט אָן אַ גערודער, און געהאַלטען אין אײן קושען נאַטאַליא מיכאַילאָװנאַ די האַנד. ער האָט אָבגעקרעכצט, פערגלאַנצט די אויגען און, לעד־נענדיג זיך די האַנד אויפ׳ן האַרץ, האָט ער געזאָגט צו דער געזעלשאַפט:

— ער איז דער צװײטער משה רבינו!

— װער דאָס, פעאָדיוס? — האָבען געפרעגט שטימען, װעלכע האָבען געװאוסט, אז פעאָדיוס קומט נאָר־װאָס פון דעראַקציע און האָט געבראַכט נײַעס.

— אונזער לעװ ניקאָלאַיעװיטש! — אַח, די הערען האָבען נאָך נישט געלײענט דעם בריעף, װאָס אונזער הײליגער טאָלסטאָי האָט אָבגעדרוקט אין די ענגלישע צײַטונגען געגען דער רעגיערונג! נײן, ער איז אַ צװײטער משה, אַ אידישער רבי! נור מיט משה׳ן, װאָס האָט געפיהרט דאָס אידישע פאָלק אין דער מדבר פערציג יאָהר, קאָן מען איהם פערגלײַכען, און מעהר מיט קײנעם נישט. — זאָגט פעאָדיוס, פערגלאַנצענדיג די אויגען.

— אָבער, הײליגער פעאָדיוס, װאָס איז געשעהען? — זאָגט צו איהם כאַמאָװ, נאָכמאַכענדיג פעאָדיוס׳ס טאָן און זײַן קװיטשענדיג קול׳כעל און אויך פערגלאַנצענדיג די אויגען.

— אַח, דאָס ביזט דו, כאַמאָװ, מײַן ליעבער, מײַן טײַערער — און פאַלט אַרויף אויף איהם און קושט איהם — איך האָב אַ גאַנצען טאָג געקלערט װעגען דיר, אַזױ זאָל משיח קומען — לענט ער צו אויף אידיש — געקלערט װעגען דיר, איך װײס נישט פאַרװאָס, דאָס האַרץ האָט מיר נישט גוטס געזאָגט אויף דיר; איז דיר גאָרנישט געשעהען? זײ פאָרזיכטיג, װאָרום איך גלויב שטענדיג מײַן האַרץ, װען עס זאָגט מיר עפּעס אָן.

— אח, אסיפ גריגאריעוויטש, — גנעהט ער איבער צו מאקסימאַוויטש'ן, — ווי פרעהט זיך מיין הארץ דיר צו זעהן! ווי זעהסט דו אויס? ווארט, לאז מיר דיך צוערשט קושען, איך האב דאס בעדערפניש דיך צו קושען. דער מענש איז אזוי עלענד, אז מען איז איבערגליקליך ווען מען זעהט א מאל א פריינד. אח, זעהסט, און אקימאוו איז דא,—געהט ער צו אקימאוו'ן און קושט זיך אויך מיט איהם—טייערע, איך קאן דיר אבגעבען א הערצליכען גרוס פון דיין פראכטפאלער ווייב. זי איז נישט דא?—קוקט ער זיך ארום—ניין, די טייערע איז נישט דא, איך האב זי נעכטען שפיעלען געזעהען. וואס פאר א פראכט, וואס פאר א ענטציקונג! — האט ער געזאגט צו אקימאוו'ן, וואס ער האט געוואוסט, אז ער וועט איהם גרויס פערגניגען אנטהאן מיט דעם, וואס ער וועט ריהמען זיין ווייב אלס שוישפיעלערין. אין א מינוט ארום איז ער שוין געוועזען ביי דער מאדאם פון הויז, געקושט איהר די האנד און גערעדט עפעס מיט איהר.

קאוואלסקי האט גאנץ גוט געוואוסט, ווער דאס איז, כאטש ער האט איהם געזעהן צום ערשטען מאל אין דער געזעלשאפט. ער האט איהם געקענט פון די פיעל אנעקדאטען, וואס מען האט דערצעהלט פון פעאדיוס'ן און פון זיין קאמיש ריידען און שמייכלערייען, וועלכע דער שריפטשטעלער כאמאוו האט איהם רייצענד נאכגעמאכט און געוויילט דערמיט די געזעלשאפט. ער האט געוואוסט, אז אט דער גע'שמד'טער אידעל, וועלכער האט זיך גע'שמד'ט, כדי ער זאל קאנען בלייבען וואהנען אין פעטערבורג, בענקט אין הארצען נאך דער אידישקייט און דערצעהלט יעדען דערפון, אז ער וועט פאהרען קיין ירושלים און צוריק זיך מגייר זיין, און יעדען יום־כפור, דערצעהלט ער, פאהרט ער קיין ווילנא אין א אידישע שוהל אריין דאווענען, נור קיינער גלויבט איהם דאס נישט.

אין דעם האט קאוואלסקי געזעהן, ווי נאטאליא מיכאילאוונא פיהרט פעאדיוס'ן צו זיי און איידער ער האט צייט געהאט זיך צו וואונדערן דערפון, האט ער שוין געהערט פעאדיוס'ס שטים און געפיהלט זיין האנד:

— איך האב געבעטען נאטאליא מיכאילאוונא אז זי זאל מיך מיט אייך בעקענען; איך האב באלד געוואוסט, אז איהר זייט דאס. איך האב אייך באלד דערקענט, דאס זייט איהר דאך, קאוואלסקי. א,

איך האָב געזעהן אייערע בילדער, איהר זייט אונזער לויב. די שונאים אונזערע זאָגען, אז אידען זיינען נישט אימשטאַנד צו פיהלען די שעהנע נאַטור, — לאָזען זיי זעהן, די גוים! דאָך האָבען מיר געהאַט א לעוויטאַן און איצט אייך (קאַוואַלסקי האָט זיך געקרימט איבער די אויערן). יאָ, יאָ, מיין ליעבער, ווערט נישט פערשעמט, דאָס איז אַזוי, עס איז שוין קיין סוד נישט, גאַנץ פעטערבורג זאָגט עס, נישט וואהר, נאַטאַליא מיכאַילאָוונאַ? — מען האָט מיר געזאָגט, אז מען לאָזט אייך דאָ נישט וואָהנען, דאָס, זעהט איהר, איז רוסלאַנד. א וואויל פאָלק, די רוסען, איך האָב זיי ליעב, זיי זיינען מיינע ברי־דער, חאָטש זיי שלאָגען אונז. א וואויל פאָלק, נור א שטן שטעקט אין זיי. אָבער איהר קאָנט וואָהנען ביי מיר, אויב איהר ווילט. איך האָב א בעקוועמע וואָהנונג, ביטע זעהר, דער גרעסטער כבוד וועט עס פאַר מיר זיין, אייך צו האָבען ביי מיר.

— און ווער איז דאָס? — ווענדעט ער זיך פּלוצים צו מערי'ן, וועלכע איז ביז איצט געזעסען און געשוויגען — איך וואָלט געשוואָ־רען — א כלה, ווען נים א פרוי, — און אפשר בין איך זיך טועה.

קאַוואַלסקי איז געקומען אין א אונאַנגענעהמע פערלעגענהייט. וואָס זאָל ער זאָגען? מערי האָט זיך נים געענדערט, זי האָט נור לייכט געשמייכעלט. נאַטאַליא מיכאַילאָוונאַ, וועלכע איז אין זיך גע־ווען זעהר צופריעדען פון דעם אויספאַל, האָט לאַכענדיג געזאָגט:

— פעאָדיוס אָסיפּאָוויטש, ווי קאָן מען זיין אַזוי אינדיסקרעט?! דאָס איז דאָך פריילין —

נור אין סאַלאָן איז פּלוצים שטיל געוואָרען און אין דער מהיר האָט זיך געוויזען לעסער.

מאַקסימאָוויטש האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט, איז בלייך געוואָרען און דער שמייכעל איז איהם נישט אראָב פון די ליפּען. מען האָט געוואוסט אז די צוויי — לעסער און מאַקסימאָוויטש — זיינען זיך די גרעסטע שונאים.

# דאס זיעבעטע קאפיטעל.

עס איז געווען א הויכער מאנספערשוין, א דארער מיט א שפּר־ציגנען קאפּ, פול געקרייזעלטע האהר אויף א דינעם האלז ארויפ־געשטעקט: אן איינגעפאלענע ברוסט, אן איינגעפאלענעם בויך און די פיס הינטער זיך; א שלאנגען־קאפּ האט ארויסגעשטארט פון זיין גרויסען ברייטען קראוואט און ארומגעקוקט זיך, גלייך ווי ער וואלט מיט זיינע גרינע אויגען געשוועבט איבער'ן צימער... ער האט זיך מאדנע געגריסט, זיך אוועקגעזעצט אויף דעם ערשטער־בעסטען שטוהל, דעם קאפּ ארונטערגעווארפען, די פיס הינטער זיך און האט זיך נער־ווען די שפּיץ נעגעל געביסען. די פינגער זיינען געווען בעדעקט מיט פיעל עקזאטישע רינגען אין געשטאלטען פון שלאנגען, עקדעשען און פערשיעדענע ווערים; ער האט זיך געקליידט אין זייער קאליר, האט די שטיקער, וועלכע ער האט ארויסגעפיהרט אין זיין טהעאטער, אויס־געשטאטעט מיט גאנצע מענאזשעריען פון ווערים און עקדעשען, און דעם סטיל האבען פעטערבורגער רייכע אידישע פרויען באלד איינ־געפיהרט ביי זיך אין דער היים — אויסגעקלעפּט די וואנד מיט טאַ־פעטען פון טשערעפּאכען־קאליר און ליכט זיך געמאכט פון שלאנגען־אויגען. און אזוי זיצט ער איצט אין סאלאן ביי נאטאליא מיכאילאוונא, אויף אין געשטאלט פון א שלאנג, אויסשטרעקענדיג זיין צושויבערטען קאפּ פאראויס, זיין דינער האלז בויגט זיך הינטער איהם און ער מיט'ן שלאנגען קעפּעל פון קראוואט ארויסקוקט זיך ארום אויף די אנוועזענדע. אין סאלאן איז געווען שטיל. א מינוט האבען אלע פערוואונדערט אנגעקוקט דעם מאדישעסטען מענשען אין פעטערבורג, וועלכער האט דעם גרעסטען איינפלוס אויף די דאמען און אין די סאלאנען.

באלד האט מען טהיי דערלאנגט אין מאדישע פארצעלאן־טאסען, די טאסען געמאכט אין דער פארם פון פערשיעדענע חיה'לעך, זשאבעס און טשערעפּאכעס. לעסער'ס געשמאק איז שוין אזוי פיעל געווען פערשפּרייט אין פעטערבורג, אז פארצעלאן־פאבריקען האבען אנגע־הויבען צו פאבריצירען געפעס אין זיין סטיל און עס האבען זיך געפונען בעלנים דערויף.

נאָכ'ן טהיי האָט מען אָנגעהויבען לעזען א דראַמע. דער מחבר פון דער דראַמע איז געווען א צוועלף־יעהריגע קינד. לעסער האָט גע־שטרעבט אויפצופיהרען א שטיק פון א קינד, וואָס זאָל זיין געשריבען מיט דער גאַנצער קינדישער נאַאיוויטעט, אזוי ווי עס חלומ'ט אליין, אָהן יעדען אויסערליכען איינפלוס. „דעם ריכטיגען ראָמאַנטיזם קאָן מען נאָך געפינען נור ביי קינדער" — האָט ער געזאָגט — „היינטיגע ראָמאַנטיקער קאָנען זיין נור קינדער". און דאָס האָט איהם נאַטאַליא מיכאַילאָוונא אויסגעפונען א צוועלף־יעהריג מיידעל, וואָס האָט אָנ־געשריבען — לויט איהר מיינונג — א געניאַלע דראַמע. און דאָ האָט מען עס דעם עולם צוזאַמענגעבעטען אויסצוהערען די דראַמע. דער מחבר פון דער דראַמע איז דערביי נישט געווען. די מוטער האָט עס נישט ערלויבט — ווייל עס איז געווען די צייט, ווען דאָס קינד מוז שלאָפען געהן. האָט זי נאַטאַליא מיכאַילאָוונא אליין פאָרגעלע־זען.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען אז דאָס קינד איז שוין געווען אָנגעלייענט מיט איבסען, געוואוסט פון מעטערלינק'ן, און די דראַמע איז געווען א פילאָזאָפיש שטיק אין אַנדרייעוו'ס סטיל. מען האָט זי געמוזט אויפהערען צו לייענען אין מיטען.

אין דעם האָט זיך די טהיר פון קאָרידאָר אויפגעעפענט און עס איז אריין דער שוישפּיעלער ביקאָוו. שלעפּענדיג נאָך זיך ווערטע און האָט גערופען צו דער געזעלשאַפט:

— „איך האָב איהם אַרויסגעשלעפּט". און נאָך איהם האָט זיך האַלב אַריינגעקוילערט א דיקליכער מאַנספּערשוין, מיט א גראָב אָנ־געשוואָלענע געזיכט און פער'שכור'טע אויגען — עס איז געווען דער בעריהמטער שוישפּיעלער סאַוואַרין.

— וואו פיהרסט דו מיך, אין א טייוועלשער הייל אַריין? איך זעה נישט קיינעם! — האָט געשריען סאַוואַרין טרעטענדיג אין סאַלאָן אַריין, און פערשטעלט זיך מיט די הענד די אויגען פאַר דעם ליכט, וואָס האָט איהם די אויגען געשטאָכען.

אין די ווינקעלעך אַרום האָט זיך געהערט א פערשטיקט לאַכען.

— ערלויבט מיר, געזעלשאַפט, ליכט אָנצוצינדען, איך וויל זעהן, ווער ס'איז דאָ, — האָט אויסגערופען סאַוואַרין, אָנגעצונדען א צינד־העלצעל און איז דערמיט אומגעגאַנגען אַרום דער געזעלשאַפט און

יעדען געקוקט אין די אויגען אריין און אויסגערופען: „דעם קען איך. — דעם קען איך ניט!". ער האט זיך אבגעשטעלט ביי קאַוואלסקי'ן — „וואס ביזטו? א קינסטלער, צי א גנב? ווארום נור מיט דיר בין איך גוטע פריינד — קיין אנדערע וויל איך ניט האבען פאר קיין בעקאנטע".

— ער איז ביידע, — האט זיך אנגערופען דער שוישפּיעלער ביקאוו.

— זעהר אנגענעהם, — האט זיך סאוואריו פערבויגען.

— אהא, מיין נידריגסטע אונטערטעניגקייט דער קעניגין סאלאָמעא, — האט ער זיך טיעף פערבויגען פאר מערי'ן, האלב קניהענדיג,— דיינע אויגען זיינען שווארץ ווי רובינען און דיין ליעבע איז בעסער פון וויין, — האט ער געענדיגט מיט'ן פסוק פון שיר השירים.

מערי האט זיך ניט געפיהלט בעליידיגט. פערקעהרט, זי איז געווען צופריעדען צו זעהן געבען זיך סאווארינ'ען, און זיין אויפריכטיגקייט האט זי אריינגעבראכט אין א פרעהליכע שטימונג, און זי האט זיך אבגערופען אויך אין זיין טאן, ארויפלעגענדיג איהרע הענד אויף זיין קאפּ, וועלכער האט דערגרייכט צו איהר שויס:

— אויב איך בין די קעניגין סאלאמעא, בענש איך דיר און קוש דיין קלוגען ליכטיגען קאפּ, — האט זי געזאגט און בעריהרט מיט איהרע ליפּען זיינע האָהר.

סאווארין איז בעריהרט געווארען פון איהרע ווערטער ביז צום רויט ווערען, האט אנגענומען איהר האנד און זי געקושט:

— „אזוי האָבּעלט די פּרינצעסין פון יהודה", — און זי פערלאזט מיט א טיעפער פערנויגונג.

קאוואלסקי האט געשמייכעלט צו איהר און געדריקט אין געהיים איהר האנד, אויסדריקענדיג דערמיט זיין צופרידענהייט מיט איהר טהאט.

דער סאלאן איז געווען בעלעבט. זיי ביידע, די ניי געקומענע געסט, האבען אריינגעבראכט לעבען. ביקאוו איז שוין אריין אין א גרויסען דיספּוט מיט אקימאוו'ן וועגען די נייע ווענען פון דער קונסט; באמאוו געהט נאך פעאדיוס'ן און מאכט נאך זיינע בעוועגונגען; לעסער, א אנגעבלאזענער, זיצט מיט דער מאדאם, נור דער איינער

מאַקסימאַוויטש, וועלכער זיצט אַלץ אין אַ ווינקעל פון שטוב בעוועגט זיך ניט, בעקוקט דורכבויערנדיג מיט זיינע בליקען אַלעמען, און דאָס קלוגע שמייכעלע גערט ניט אראָב פון זיין גענאָלטען פּנים.

סאַוואַרין איז צו צו דער מאַדאַם פון הויז, פערבויגען זיך אויף רוסישער אַרט און געזאָגט:

— בעל־הבית'טע פון הויז! ערלויב אונז אריינצוגעהן אין אַ צווייטען צימער, דאָס ליכט ברענט מיר אוים די אויגען, און איך וויל נישט זעהן קיין טויטע מאַסקעס ארום מיר. אין נעראַסלאַווסקאַ'ס טהעאַטער בין איך איצט נישט און אויף אַהין געה איך נור מיט פערבונדענע אויגען, כדי ניט צו זעהן די נאַרישקייט, וואָס טהוט זיך אויף דער ביהנע, נור אום צו הערען די געטליכע זיסע שטים פון נעראַסלאַווסקאַ'ן, וועלכע איז איצט, צום אונגליק פון רוסלאַנד, בעזעסען מיט אַ שלעכטען גייסט אין געשטאַלט פון לעסער'ן. נאָט זאָל געבען, אז איהרע אויגען זאָלען זיך עפענען! — האָט ער געזאָגט און דריי מאָל זיך איבערגע'צלם'ט.

לעסער האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. ער האָט נור פערלעגען געשמייכעלט, עס האָט געהייסען: סאַוואַרינ'ען איז אַלץ ערלויבט צו ריידען און קיינער פיהלט זיך נישט פון איהם בעליידיגט.

דער גרויסער וכוח האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אין עס־צימער ביים טיש. דער שוישפּיעלער ביקאָוו האָט זיך געריסען צום וכוח, האָט גערעדט הויך מיט זיין דראַמאַטישען טענאָר, דעקלאַמירענדיג:

— וואָס זאָגט איהר, גאָספּאַדאַ, צו די נייע וועגען, וואָס מיר זוכען אין דער קונסט? די נייע וועגען זיינען נישט די וועגען, אין וועלכע עס זיינען געגאַנגען אונזערע גרויסע, די שטערען פון דער רוסישער ליטעראַטור, אַ דאָסטאָיעווסקי, אַ גאָגאָל, — און אויסנעלאָזט האָט ער זיין רעדע, ווי תמיד, אויף דער גיטאַרע, מיט'ן ליעד: „מאַלטשיק פּאַגיבאַל", מיט טרעהרען אין די אויגען און מיט אַ מעלאַנכאָליש זיסער שטים, וואָס איז אַלעמען בעסער געפעלען, ווי זיין רעדע.

נור די נייע וועגען אין דער קונסט ,וואָס ביקאָוו האָט אריינגעוואָרפען אין דער געזעלשאַפט האָט צופּלאַטט דעם עולם. עס רעדט שוין אַקימאָוו אין דעם טאָן פון אַ רוסישען פּויער, מיט די מיינונגען פון רוסישען פּויער; עס מאַכט איהם שוין נאָך כּאַמאָוו. און מאַקסי־

מאַוויטש זיצט און קיין איינציג וואָרט הערט מען נישט פון זיין מויל, ער קוקט נור אַלעמען אָן, נעהמט נור אַלעמען אַרויף, און דאָס קקונג, קלוגע לעבעלן שוועבט אויף זיינע דאַרע געגאַלטע ליפּעלער.

דער רעזשיסער לעסער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, געקוקט אין די אויגען אַריין מאַקסימאַוויטש'ן — ווי ער וואָלט אַ ביסעל מורא געהאַט פאַר איהם, נעהמט זיך צום סוף צונויף צו ענטפער רען אויף אַלע שטעכווערטלער, וואָס מען האָט געלאָזט פאַלען אויף זיין אַדרעס.

— איהר לאַכט, גאַספּאַדאַ, איבער דעם, וואָס די רוסישע נשמה איז נישט רוהיג, און וויל זיך נישט בענוגענען מיט דעם, וואָס זי האָט שוין און ווייסט שוין, און האַלט אין איין זוכען. יאַ, דאָס זוכען האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט אין דער רוסישער נשמה. צי ביים רוסי־שען פּויער, צי ביים רוסישען אינטעליגענט, צי דאָס האָט זיך אויסגע־דריקט אין גאָט־זוכעניש, צי אין די ווענען פון דער קונסט — אָבער שטענדיג האָט אָט די נשמה געזוכט. ווער ווייס, צי דעם אייביגען זוכעניש, דעם אייביגען אונרוה האָבען מיר נים צו פערדאַנקען יענע גייסטער פון דער רוסישער קולטור, וואָס האָבען נייע פאָרמען אַריינ־געבראַכט אין דעם אינטעלעקטועלען שאַפען. די ליידען פון אַ דאָס־טאָיעווסקי, די לעצטע טעג פון אַ גאָגאָל און „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ" — דאָס איז די רוסישע אונרוהיגקייט. דאָס זוכעניש טרייבט אַרויס יאָהר־יעהרליך טויזענדער און טויזענדער פּויערים פון רוסישען דאָרף איבער די ברייטע ווילדע סטעפּעס אַ גאָט צו זוכען. אמת, גאַספּאַדאַ, די נייע ווענען פון דער נייער רוסישער קונסט זיינען אויף אַזוי פיעל נאָך נישט קלאָר, אַז זיי זאָלען געזעהען ווערען פאַר די, וואָס ווילען זיי נישט זעהן, — האָט ער זיך געווענדעט אין מאַקסימאַוויטש'עס זייט, — נור מיר ווען זיך נישט אָבשטעלען פאַר אייער געלעכטער, איהר וועט אונז נישט אָבשרעקען, ס'וועט קיין נייעס נישט זיין, גאָגאָל'ן האָט איהר אויך נישט פערטריבען...

מאַקסימאַוויטש, וואָס צו איהם זיינען לעסער'ס ווערטער אייגענטליך געווען געווענדעט, איז דערווייל געשטאַנען אין אַ ווינקעל און גערעדט מיט אַקימאָוו'ן און געמאַכט זיך, גלייך ווי ער הערט זיך נישט איין דערצו, וואָס מען רעדט ביים טיש, און אין דער שטיל

צוגעוואונקען צו כּאַמאַוו'ן און איהם איבערגעגעבען אין אַ פּאָר ווער־
טער, וואָס ער זאָל אָבגענטפּערן לעסער'ן.

— דאָס זוכעניש — האָט ער געזאָגט צו כּאַמאַוו'ן — פון אַ
דאָסטאָיעווסקי, אַ גאָגאָל, אַ טאָלסטאָי איז געקומען פון אינערליכער
אונרוהיגקייט, פון אינערליכען דראַנג, און דאָס זוכעניש פון אַ לעסער
איז פאַזע, קאָקעטעריע. ער פערגלייכט זיך מיט דאָסטאָיעווסקי,
גאָגאָל, טאָלסטאָי! וואָס פאַר אַ נאָכאָלסטווא! יענע האָבען געפונען
אַ נייעם גאָט, אַ אידעאַל, דעם רוסישען גענ׳י, און זיי וואָס? — האָט
מאַקסימאָוויטש געזאָגט, ווי ער וואָלט עס פון ארבעל ארויסגעשיקט,
ווי עס וואָלט איהם גאָרנישט געווען פעראינטערעסירט אין דעם,
וואָס מען רעדט ביים טיש.

— יאָ, דאָס איז וואהר, — האָט דער יונגער שריפטשטעלער אי־
בערגעגעבען מאַקסימאָוויטש'עס ווערטער אין זיין אייגענעם ארט —
נישט אין דעם זוכעניש געהט עס, נור אין דעם געפינען. דאָס געפּו־
נענע פון זיי, פון אַ גאָגאָל, טאָלסטאָי, פון דעם גענ׳י האָט געבראַכט
צו עסטעטישען פערגניגען, צו די ערהאָבענסטע געפיהלען, און אייער
געפינעניש צו וואָס? אז די אויגען זאָלען קאַליע ווערען און די בידנע
נאַטאַליאַ מיכאַילאָוונאַ זאָל זיך פערקיהלען — ווייזט ער אויף דער
מאַדאַם, — זעהט זי הוסט דאָך שוין.

דער עולם האָט געלאַכט. מאַקסימאָוויטש האָט זיך ביי כּאַמאַוו'ס
ווערטער רוהיג אוועקגעזעצט ביים טיש און איינגעהערט זיך, און ארומ־
גענומען די גאַנצע געזעלשאַפט מיט זיין בליק, געקנייטשט דעם הויכען
שטערן און געשמייכעלט מיט די דאַרע ליפּעלעך.

ער האָט געוואוסט, אז דער עולם וועט איהם בעטען, אז ער זאָל
ריידען, און האָט געוואַרט דערויף. און באַלד האָט מען איהם טאַקע
אָנגעהויבען צו בעטען. מאַקסימאָוויטש האָט אויפגעצויגען די אַקסעל
און געמאַכט אַ פערוואונדערטע מינע, גע'חדושט זיך דערויף און אָב־
געשאָקעלט זיך דערפון, און האָט ווייטער גענומען דעם עולם מוסטערן
מיט זיין ביטרע געלעכטערעל.

סאַווארין, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסען אין אַ ווינקעל
און אלע האָבען געמיינט, אז ער איז פערטהאָן אין טרינקען — האָט
זיך אָבער צוגעהערט צו אלעם און גוט בעאָבאַכטעט מאַקסימאָוויטש'עס
קלוג שמייכעלע אין זיינע ביטרע אייגעלעך. סאַווארינ'ס געזיכט האָט

איצט אנגענומען אזא אומגליקליכע מינע, אזא טראגיזם האט זיך אויפ־געהאלטען אין די קנייטשען פון זיין מויל, גלייך ווי ער וואלט געוויינט. זיינע אויגען זיינען וואס אמאל קלענער געווארען און גלענצענדער און גוט בעטראכט מאקסימאוויטש'ן, גוט בעטראכט אלע זיינע בעוועגונגען, זיין קנייטשען מיט'ן שטערן, זיין שמייכעל, זיין לאזען זיך בעטען און זיין אבשאקלען זיך פון ריידען.

און סאווארין האט זיך פלוצלינג אבגערופען צו מאקסימאוויטש'ן הויך פאר אלעמען ביים טיש:

— אסיפ גריגאריעוויטש — הויבט ער אן אין זיין ערנסטען רו־סישען טאן — וואס בלאזט דו זיך? ווארף אראב פון דיר דיינע פעדערן, טהו אויס דיין מאסקע, דו ביזט דאך אזא אומגליקליכער מענש, ווי מיר אלע זיינען און איך קען דאך דיר, און ווייס דאך, אז ביי דיר אין הארץ איז אויך נישט אינגאנצען מיט אלעמען. דו ביזט דאך אויך אונטערגעווארפען צו שוואכקייטען, ווי מיר אלע, און האסט ליעב כבוד, ווי מיר, און דו האסט נישט קיין געלד, ווי מיר, און עס זיינען דא פראגען, וואס דו קאנסט אויך נישט פערענטפערן, און דו בענקסט אזוי ווי מיר אלע, און דו ביזט זיך טהיילמאל אויך טועה, ווי מיר אלע. וואס האסט דו זיך אנגעטהאן אין פעדערן, אסיפ גריגאריעוויטש, טהו אויס דאס שמייכעלע פון דיינע ליפען און זיי, ווי מיר אלע, דו ביזט דאך אזוי אומגליקליך ווי מיר אלע.

מאקסימאוויטש האט געשוויגען, האט געפרובט מיט אלע מעג־ליכקייטען צו דערהאלטען דאס שמייכעלע אויף די ליפען, וואס האט זיך איהם אויך איינגעגעבען, נור ער איז בלייך געווארען. דער עולם ביים טיש איז שטיל געבליבען, אין דער שטיל הנאה געהאט פון סאַ־ווארינ'ס ווערטער, נור קיינער האט נישט געוואגט צו שמייכלען — האבען זיך איבערגעבליקט איינער צום צווייטען און אנגעהויבען צו ריידען פון גלייכגילטיגע זאכען. דער עולם האט געבעטען ביקאוו'ן, ער זאל זינגען — וואס ער האט אויך מיט פערגניגען געטהאן. אין זאל האט געקלונגען ביקאוו'ס מעלאנכאלישע סענטימענטאלע שטים. דער עולם האט זיך אויפגעהויבען פון טיש.

מאקסימאוויטש איז צו צו קאוואלסקי'ן און מערי'ן, וועלכע זיי־נען די גאנצע צייט געזעסען צוריקגעהאלטען און צוגעזעהן אלץ. אין א שמייכלענדען טאן האט מאקסימאוויטש זיי געפרעגט ווי עס גע־

פעלט זיי דער סאַלאָן, און זיי האָבען נישט געוואוסט: צי מיינט ער עס ערנסט, צי אין אַ געלעכטער? ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען פון מאַרגענדיגען צוזאַמענטרעפען זיך. פּלוצים איז ער ערנסט געוואָרען, אויף איין סעקונדע איז דער שמייכעל פערשוואונדען פון זיינע ליפּען און ער האָט געזאָגט מיט צער:

— דאָס איז נישט קיין סאַלאָן, דאָס איז אַ קאַבאַק, שכור'ע מענשען. פערשטאַנען? — האָט ער געוויזען אויף דער געזעלשאַפט, אין וועלכע ער אַליין האָט זיי אַריינגעפיהרט.

---

# דאָס אכטע קאַפּיטעל.

ווען די איינוואָהנער פון ביקאָוו'ס וואָהנונג — ביקאָוו, סאַוואַרין און מאַקסימאָוויטש — זיינען אַהיים געקומען פון דעם אָבענד ביי נאַטאַליא מיכאַילאָוונא, האָבען זיי געטראָפען אַ גאַנצע חברה שויספּיעלער, זשורנאַליסטען, צירק־קאָמעדיאַנטען און גלאַט פרעמדע מענשען, וועלכע האָבען פול געמאַכט די צימערן מיט שכור'ע געשרייען. די טישען זיינען אָנגעשטעלט מיט פלאַשען שנאַפּס. איינער האָט געשפּיעלט אויף דער פּיאַנאָ, און סאַשאַ, דער קליינער, דאַרער רעפּאָרטער סאַשאַ, האָט אין זאָקען געטאַנצט אַ וואַלס אויף דער פּיאַנאָ; אַן אַקראָבאַט פון אַ צירק האָט געוויזען קונצען; ווער עס האָט געפּייפט, ווער עס האָט אין דעם רעש דיספּוטירט איבער גאָט און שטן, ווער עס האָט געשריען און דיסקוטירט וועגען דער רעוואָלוציע און פּאַרטייען, אַ דער געשפּיעלט אויף אַ גיטאַרע און געזונגען אַ ליעד. און דאָס לעבען האָט זיך צוגאָסען איבער דער גאַנצער וואָהנונג — אין סאַלאָן, אין דער גרויסער ביבליאָטעק, וואָס ביקאָוו האָט געהאַט, ביז אין שלאָף־צימער אַריין.

זיי זיינען ניט פערוואונדערט געווען צו טרעפען דאָ די חברה. עס איז קיין נייעס נישט געווען, אַז חברה, טרינקענדיג אין אַ רעסטאָראַן, האָט זיך דערנאָך אַוועקגעלאָזט צו ביקאָוו'ן און דאָרט פאָרטגעזעצט זייער נאַכט־לעבען. עס איז קיין חלוק נישט געווען, צי ביקאָוו איז יאָ דאָ אין דער היים, צי ניט. פּיאָטער, דער דיענער, האָט זיי אַריינגעלאָזט, ער האָט געוואוסט, אַז דער בעל־הבית ליעבט

עס, און דערלאנגט אויפ'ן טיש אלץ, וואס עס האט זיך געפונען אין שטוב.

ביקאוו און סאוואריין זיינען אויפגענומען געווארען פון דעם פרעהליכען עולם מיט א דונערדיגען „הורא“. זיי האבען זיך באלד אריינגעלאזט אין דעם טומעל. שוין האט ביקאוו געכאפט די גיטארע און איבער דעם סאלאן דאט זיך צוגאסען זיין וויינענדיג ליעד „מאלטשיק פאגיבאל“. סאווארין נעהמט זיך ראנגלען מיט דעם בעריהמטען אטלעט ,דעם טשעמפיאן פון צירק און דער עולם, מיט א רוישענדען „הורא“ ארום זיי, פאטשט בראווא. מאקסימאוויטש האט זיך ארויסגעמאכט פון דער חברה, איז אנטרונען געווארען אין זיין קליין צימערל, וואס האט זיך געפונען אין א ווינקעל פון דער גרויסער וואהנונג.

אז ער איז געוועזן ביי זיך, האט ער אויסגעטהאן זיין מאסקע פון פנים. עס איז אראב פון זיינע ליפען דאס גלאטע פעראכטענדע שמייכעלע; זיינע אויגען האבען אויפגעהערט צו פינקלען און זיין גאנץ געזיכט איז פול געווארען מיט קנייטשען; ארום זיינע ליפען האבען זיך צוזאמענגעקליבען גרימאסען פון צער, זיין רוקען האט זיך געהויקערט אונטער דעם לאסט פון צרות און וואס העכער עס האט זיך געהערט דאס גערודער פון די שכורים אין יענעם צימער, אלץ פינסטערער איז געווארען זיין פנים, אלץ איינגעפאלענער די אויגען.

ער האט זיך אין דער שטוב ארויף און אראב געדרעהט און האט געקרעכצט מיט אמת'ע אידישע ביטערע קרעכצען.

ער האט זיך אומגעקוקט אין זיין קליין צימעריל. זיין קליין צימעריל איז געוועזן דאס בעהעלטעניש פאר איהם אין דעם גיהנום. ער האט זיך איינגעקוקט אין דעם קאפ פון אפאלא, ער האט דערזעהן דעם קאפ פון עראס, וואס איז געהאנגען פאר זיין בעט. און ער האט זיך דערמאהנט אן דעם מאהלצייט ביי אגאטאן, פון וועלכען פלאטאן דערצעהלט: „זיי האבען געטרונקען נישט שכור צו זיין, נור אום פרעהליך צו זיין“, און די יונגלינגען אין זייערע ארעמס, און האבען גערעדט וועגען עראס — דעם גאט פון דער ליעבע, וואס איז געשטאנען פאר זיי.

פון דער צווייטער שטוב האט זיך געהערט דאס אונערטרעגליכע

נעשריי פון די שכורים. דער איד מאקסימאווימש האט זיך אבגעשאַ־
קעלט און ביטער אבגעקרעכצט.

ער האט זיך ארומגעקוקט אויף די פאליצעס מיט די ביכער פון
זיין קלאסיקער ביבליאטעק, וואס איז איהם איבערגעבליבען פון זיין
גרויסער קלאסישער ביכער־זאמלונג פון די גוטע צייטען און האט זיי
מיטגעשלעפט אהער אין דעם גיהנום אריין; אויף די שטיקלעך אנטיקען
מארמאר, וואס ער האט מיט זיך מיטגעבראכט פון זיינע רייזעס אין
גריכענלאנד און איטאליען, האט ער דערזעהן דאס בילד פון א אונ־
בעקאנטען פראנצויזישען מאלער, וואס ער האט אמאל געקויפט ביי
אנ׳אנטיקוואר — דאס בילד שטעלט פאר א שעפער־סצענע פון מאריא
אנטואנעטע׳ס צייטען. דאס בילד איז נישט געווען קיין בעדייטענדעס,
נור ער האט זיך איינגערעדט, אז הינטער דעם בילד געפינט זיך
אנ׳עכטער טיציאן. ער האט געקוקט אויף זיינע זאכען, וואס ער האט
מיטגעשלעפט אהער אין דעם נאכט־אזיל, אין דעם נעץ פון שכורים,
בעהאלטען ביי זיך, און זיי געפינען זיך מיט איהם אינאיינעם אין
גלות „דא, ביי די גוים, און האט ביטער, ביטער אבגעקרעכצט.

שלאפען האט ער נישט געקאנט, האט ער זיך אוועקגעזעצט
ביים טיש, דערזעהן די אפענע גריכישע ביבעל, וואס איז שטענדיג
געלעגען אפען אויף זיין טיש. ער האט עס איצט אבגערוקט, געכאפט
א בוך און געוואלט פערשדייען די שכור׳ע קולות פון דער צווייטער
שטוב מיט פלאטאן׳ס פראזע. ער האט אבער נישט געקאנט. די גע־
וואלדען זיינען געווארען דערין אלץ העפטיגער און רעש׳דיגער. —
האט ער זיך אוועקגעלעגט אויף זיין בעט און גענומען איינקוקען זיך
צו די לעדער־בילדער, וואס זיינען געהאנגען אויף דער וואנד פאר זיין
בעט, און געטראכט וועגען מערי׳ן...

אבער לאנג ליעגען אין זיינע אנגענעהמע געדאנקען האט מען איהם
נישט געלאזט. מען האט אנגעהויבען קלאפען אין זיין טהיר. ער
האט זיך צוערשט געמאכט נישט הערענדיג, אבער דאס קלאפען איז גע־
ווארען וואס אמאל העפטיגער, און סאווארין׳ס שטים האט זיך דער־
הערט פון הינטער דער טהיר:

— אסיפ גריגאריעוויטש, עפען אויף, איך בעט דיר! איך וועל דיר
עפעס זאגען. איך האב געזינדיגט נעגען דיר, איך וויל דיר איבער־
בעטען. אסיפ גריגאריעוויטש! איך בעט דיר! —

און נאָך איהם האָט זיך געהערט ביקאָוו'ס שטים:

— אַסיפ גרינגאַריעוויטש, נור אויף איין מינוט, יעי באָגו, מיר ווילען דיר נור זעהן, מיר ווילען דיר נור כבוד אָבגעבען, אַסיפ גרי־גאַריעוויטש!

ער האָט זיי געעפענט און האָט צוריק אַנגעטהאָן אויפ'ן פּנים די מאַסקע מיט'ן שמייכעלע. סאַוואַרין איז אריין מיט אַ גלאָז ווײַן אין דער האַנד און איז צו צו איהם און האָט זיך פערבויגען טיעף פאַר איהם אויפ'ן רוסישען אַרט:

— אַסיפ גרינגאַריעוויטש, איך האָב דיר היינט פערשעמט אין גע־גענוואַרט פון מענשען — האָט ער געזאָגט אין אַ טיעף־ריהרענדער שטים און מען האָט אַנגעזעהן, אַז ער מיינט עס ערנסט, — איך האָב דיך בעליידיגט. איך בעט דיך, זיי מיר מוחל. איך פערשטעה דיך, איך פיהל דיך גאַנץ גוט. דו ביזט אויך אַזוי אונוויסענד ווי מיר און פול מיט ספקות, נור דו ווילסט עס נישט ארויסווייזען פאַר מענשען. מענשען זיינען געמיין. יאָ, דו האָסט רעכט. פאַר מענשען מוז מען אַ מאַסקע טראָגען, מוז מען אין אַ ראָק געהן אַנגעטאָן, אַז זיי זאָלען דיך נישט זעהן. יאָ, דו האָסט רעכט. אָבער דאָ ביי דיר, אין דעם שטיבעל, ביי דיר אין האַרץ ביזט דו אַזוי, ווי מיר. יאָ, אַסיפ גרינגאַריעוויטש, איך אַנערקען מיין שולד, איך קום צו דיר און בויג זיך טיעף פאַר דיר: זיי מיר מוחל, ברודער...

מאַקסימאָוויטש האָט ווידער געשמייכעלט און איהם בערוהיגט, נור פּלוצלינג האָט ער אַנגענומען אַ'אַנדער מינע, דער שטערן האָט זיך איהם געקנייטשט און די ליפּען פערקרימט, און ער האָט אַנגע־הויבען צו ריידען, וואָרפענדיג מיט ווערטער, ווי זיין שטיינער איז געווען:

— און די גריכען האָבען געלעבט, און די אַלטע רוימער האָבען געלעבט, גענאַסען פון די פערגניגענס פון דער וועלט מעהר פאַר אייך, טויזענד מאָהל מעהר פאַר אייך. אָבער לעזט, לעזט, ווי האָבען זיי גע־לעבט, אַ פּלאַטאָן, אַ סאָקראַטעס, אַ אַריסטאָפאַנעס! צרמאַרגענס, ווען אַריסטיד האָט בעגעגענט סאָקראַטעס'ן, געהענדיג צו מאָהלצייט צו אַגאַטאָן, האָט ער אָנגעהויבען איבערצוזאָגען פּלאַטאָן'ס דיאַלאָג „די ליעבע“ — זיי האָבען געטרונקען נאָר אַזוי פיעל, אַז זיי זאָלען פרעהליך ווערען, אָבער נישט שכור געוואָרען. בעפּוצט די קעפּ מיט

בלומען־קרענץ, זיינען זיי געלעגען האלב אויף זייערע בעטען אין די ארעמס זייערע געליעבטע יונגלינגען... און זיי האבען גערערט וועגען עראָס, וועגען דעם גאָט פון דער ליעבע. סאָקראַטעס האָט זיי דער־צעהלט, ווי דיאָטימע פערשטעהט עראָס'ן — אָבער ביי אייך וואָס איז? אייערע הענד און פיס זיינען נישט געוואשען; אָנגעזויפען, מיט געשוואָלענע פּנים'ער, וואלגערט איהר זיך ארום אין שמוץ מיט אונבע־קאַנטע מענשען, קיין פרוי איז דאָך ס'מאָל נישטאָ מיט אייך, נור שכורים, ווי די פוהרמאַנעס. ווי לעבט איהר? אומגליקליכע!

סאַווארין האָט איהם אַ מינוט אָנגעקוקט, געבראָכען זיך אונטער די פיס פון שכרות, די אויגען זיינען איהם קליין געוואָרען, איינגע־טונקען אין זיין געשוואָלענעם געזיכט און די ליפּען האָבען זיך איהם נעקרימט און ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. נאָך אַ מינוט שוויי־גען האָט ער געזאָגט:

— און איך זאָג דיר, אַז דיינע גריכען מיט דיינע רוימער זיינען געווען געמיינע מענשען, פּאָרלעצעס, זיי האָבען געטרונקען, ווייל זיי האָבען געזוכט וואָוילטאָג... דער, וואָס טרינקט פאר פערגניגען, דער, וואָס זוכט וואָוילטאָג, דער איז געמיין, קליין און לעער. מיר טרינקען, ווייל עס איז שלעכט, פאר לאַנגווייליגקייט, פאר ביטערקייט, און ווייל עס בענקט זיך אונז, פערטרינקען מיר אונזער ווארים, אַנטלויי־פען מיר צום גלעזעל, — ווייל דאָס איז אונזער רעטונג. נישט פאר וואָוילטאָג טרינקען מיר. ווייל דאָ (ווייזט ער אויף זיין הארץ) איז אונז שלעכט, ביטער. — קום, — ווענדעט ער זיך צו ביקאָוו'ן, — דו זעהסט דאָך, ער ליידט!

און זיי האָבען פערלאָזט זיין צימער.

— חברה! צו „מערוועד'ן", — האָט ער אויסגערופען, אז ער איז אריין צו די שכורים, — מען דאַרף די צימערן רוימען. דאָרט — ווייזט ער אויף מאַקסימאָוויטש'עס טהיר — טהוען מיר לייד אָן. מיט מיר! —

די חברה האָט אָנגעהויבען אויסצורוימען די צימערן. דער רע־פּאָרטער סאשא וואָס האָט געטאַנצט אויף דער פּיאַנאָ האָט זיך אונטערגענומען צו ברענגען שלאַנגען, וואָס איינעם פון די אַנטהייל־נעהמער אין דער „חתונה" האָט זיך פּלוצלינג פערגלוסט, און געוועט זיך מיט סאשא'ן, אז ער זאָל איהם איצט, דריי ביינאַכט, ברענגען עכטע

גיפטיגע שלאַנגען. סאַשאַ האָט געכאַפּט אַ איזוואָשטשיק און איז גע־פאָהרען און געבראַכט די צירק־דאַמע. וואָס טרעט אין צירק מיט איהרע שלאַנגען ארויס, און זי, אַ האַלב נאַקעטע, אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש, פאַר וועלכען ער האָט געקראָגען אַ וואַרימען „הוראַ“ פון דער חברה.

— סאַשאַ, נעהם מיט דיינע שלאַנגען און קום, — רופט סאַוואַרין צום דעפּאַרטער, — און דו, ביקאָוו — דיינע קאָסטומען, דו וועסט פאַר די איזוואָשטשיקעס טהעאַטער שפּיעלען, — רופט ער צום שוישפּיעלער.

— וואָס: „האַמלעט“, צי „דאָן־קאַרלאָס“? — פרעגט ביקאָוו.

— ניין, „האַמלעט“, זיי וועלען „האַמלעט“ גיכער פערשטעהן איידער „דאָן־קאַרלאָס“.

פּיאָטר, ביקאָוו'ס משרת, האָט מיטגענומען די קאָסטומען, סאַשאַ— די דאַמע מיט די שלאַנגען און זיי האָבען זיך אַראָבגעלאָזט איבער די טרעפּען, אויפוועקענדיג אַלע איינוואָהנער. פאַר דער טהיר האָבען געוואַרט איזוואָשטשיקעס. און מיט אַ געזאַנג און פייפעריי האָבען זיי זיך געלאָזט איבער די פּעטערבורגער גאַסען. אין דער גאַס האָט זיך קיינער אויף זיי נישט אומגעקוקט, ווארום עס איז שוין געווען שפּעט, און די, וואָס זיינען געגאַנגען אין די גאַסען, זיינען אַלע שכור געווען, נישט אויסגענומען די סטראַזשניקעס און די סטרוזשעס פאַר די טהירען.

דער רעסטאָראַן „מעדוועד“ איז געלעגען אין אַ פערוואָרפענער גאַס. עס איז געווען אַ טראַקטיר פון דריטען סאָרט אין וועלכען עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען מעהרסטען איזוואָשטשיקעס, וואָס האָבען דאָרט אין הויף זייערע פערד עסען געגעבען און אין דעם רעסטאָראַן זיינען סאַוואַרין'ס חברה געווען בעשטענדיגע געסט. דאָ האָט סאַוואַ־רין ס'רוב אויסגעגעבען זיינע גרויסע האָנאָראַרען, וואָס ער האָט בע־קומען פון די פערלעגער פאַר זיינע ווערק. ווארום ווער עס האָט זיך געפונען אין רעסטאָראַן, האָט געטרונקען אויף זיין חשבון: ער האָט פאַר אַלעמען געצאָהלט.

אַז זיי זיינען אריינגעקומען, האָט זיך דער ווירטה מיט אַלע קעל־נערס אויסגעצויגען אויף דער ערד פאַר סאַוואַרינ'ען און געשלאָגען מיט'ן שטערען אין דער פּאַדלאָגע און געשריען „אַללאַ!“ (אַ פאַנטאַזיע

האט סאווארין געהאט, אז ער זאל שפּיעלען אין דעם רעסטאראן די ראָליע פון א טאטערישען פּרינץ). דאן האָבען זיי זיך אויסגעמישט מיט די איזוואשטשיקעס, פון וועלכע עס האט זיך געטראגען דער פערד־געשטאנק מיט בראנפען און קאָלבאס. דער עולם איז געווען איינס. מען האט זיך צוזאמען אוועקגעזעצט ארום די טישען, סאווארין אויבען־אן. אויף אן אויסגעשפּרייטען דיוואן איז ער געזעסען, די פיס אונטער זיך, ווי א מאכמעדאנישער פּאשא, און ארום איהם זיין סוויטע. דער ווירטה מיט די קעלנער האָבען דערלאנגט אויף די טישען. דאן איז ביקאוו אריין אין א בעזונדער צימער און זיך גרימירט ווי „האמלעט". פאר סאווארינ'ען איז געווארען אויסגעשטעלט די ביהנע און דער שוישפּיעלער האט אָבגעשפּיעלט פאר די איזוואשטשיקעס „האמלעט" אין אזא טראגיש־אידעלען טאן און מיט אזא בעגייסטע־רונג, וואס איז איהם נור זעלטען געלונגען אין טהעאטער פאר'ן פּובליקום.. סאווארין האט איהם נאך מעהר מוטה צוגעגעבען:

— דו שפּיעל מיט געפיהל, נור מיט געפיהל, ווארום דו האסט פאר דיר דאס איידעלסטע פּובליקום, זיי וועסט דו נור מיט הארץ נעהמען, נישט מיט קאפּ.

דערנאך, אז ביקאוו האט געהאט אָבגעשפּיעלט „האמלעט", האט סאווארין פארגעלעזען פאר די איזוואשטשיקעס זיין ערצעהלונג אין מאנוסקריפּט, און האט זיך צוגעקוקט צו זיי, וואס פאר אנ'איינדרוק עס מאכט אויף זיי, און איז זעהר גליקליך געווען, ווען די איזוואשטשיקעס האָבען געלאכט ביי זיין ערצעהלונג. ווארום ער האט זיי געהאלטען פאר די בעסטע מבינים פון ליטעראטור און קונסט: אלץ, וואס ער האט געשריבען, האט ער צוערשט פארגעלעזען אין רעסטאראן „מעדוועד". איז עס געפעלען געווארען אין „מעדוועד", האט ער געדרוקט, אז נישט — האט ער צוריסען. — „ווארום איך שרייב נור פאר זיי, — האט ער געזאגט, — פון יענע, דארט — ער האט געמיינט דאס גרויסע פּובליקום — נעהם איך געלד".

אויף דעם צווייטען טאג אין דער פריה זיינען זיי אוועק אין א באָד, וואו זיי האָבען זיך געלאזט גוט אויספּארען אין דער העכסטער טעמפּעראטור, אָבגעשלאָפען א גאנצען טאג און ערשט אויף דער נאכט איז יעדער א ניכטערער אוועק צו זיך אהיים.

# דאס נײנטע קאפּיטעל.

דערװײל איז די בעװעגונג ארוים פון די בעהאלטענע קעלערס, פון די פערבארגענע לעכער, אויף די ברײטע גאסען ארוים. — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

מישא איז נישט אהײם געפאהרען װי ער האט געשריבען אין זײן בריעף צו מעריץ. אנ'אײנזאמער ארומגעדרעהט זיך איבער די פּעטער־בורגער גאסען אין דעם רעש — — — — — — — —
— — — נעװארען מיטגעשלעפּט מיט דעם שטראם און טײלמאל זיך געפיהלט, װי אויף א פרעמדער חתונה. פיעל מאל האט ער זיך געװאלט אין דעם רעש ארײנװארפען אינגאנצען, זיך פערגעסען, גע־לאפען זוכען ארבײט, מיטגעהן אין יעדער דעמאנסטראציע, אבער אין מיטען האט ער זיך אבגעשטעלט, שטעהן געבליבען, ארום זיך געהערט די בעגײסטערטע ליעדער זינגען — און האט זיך געפיהלט, װי א ניכטערער צװישען שכורים. א בעקאנטער סטודענט האט איהם מיט־געשלעפּט אין א קיך ארײן װאס די ארבײטער האבען געהאט אײנ־געארדענט פאר זיך אין די טעג פון שטרײק. דאס האט איהם פער־אינטערעסירט. די ארבײטער האבען זיך אלײן ברויט געבאקען, געקאכט אלײן, און דעמאלט, װען אין די רײכע הײזער פון פּעטער־בורג איז קײן ברויט נישט געװען, האבען זײ אויסגעטהײלט מיטאגען פאר די זײעריגע. ער איז מיטגעגאנגען מיט א גרופּע ארבײטער אין א רײכע שטוב ארײן און האט געפאדערט, אין נאמען פון דער פּארטײ, אז מען זאל איהם דאס געפעס ארויסגעבען, װאס געפינט זיך אין שטוב, פאר דער ארבײטער קיך. קײן הײצונג איז אין שטאדט נישט געװען, — האט ער געהאלפען, צוזאמען מיט אנדערע, פּלויטען אײנ־לעגען, ברעטער אראברײסען פון די הײזער, אדער פון א רײכער שטוב, װאו מען איז געװאהר געװארען, אז עס איז דארט דא אין קעלער קויהלען, מיט געװאלד פאר דער „קיך" זײ אװעקגעהמען. ער איז אין שירץ ארומגעגאנגען, מיטאגען צוטהײלט די הונגעריגע אר־בײטער, װעלכע זײנען געשטאנען אין רײהען, אײנער נאכ'ן אנדערן,—

און פלוצים איז ער אפט שטעהן געבליבען און געזאגט: „וואס טהו איך דא? ווי קום איך אהער?" ער איז אין די גאסען גענאנגען, געווען אין דער מעננע פון דעמאנסטראנטען. — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — און מיט דער מעננע אנטלאפען. און עס האט אויסגעזעהן ביי איהם, ווי ער וואלט אין א שווערען שלאף אריינגעפאלען און גע'חלומ'ט, גע'חלומ'ט.

טיילמאל האט ער זיך גאר אויף א גאנצען טאג אין זיין שטיבעל איינגעשלאסען און אויף דער גאס ניט ארויס — — — — —
און ער איז געזעסען אויף זיין בעט און וועגען מערי'ן בעקלערט, זיך דערמאהנט אלע איהרע בעוועגונגען, אלע איהרע מינעס, איהר לאכען, ריידען און געהן און געפייניגט זיך דערמיט און פרייד געפונען אין דער פיין...— — — — — — — — — — —
מענשען זיינען איבער דער גאס געלאפען, עס האט פון גאס א געלאף ווי א ווינד זיך געטראגען — ער האט עס נישט געהערט, נישט געזעהן. ער האט וועגען מערי'ן געקלערט. און געדאכט האט זיך איהם טייל־מאל, אז זי איז געשטארבען און טיילמאל — אז זי האט גאר קיינמאל נישט עקזיסטירט, אז זי איז נור א שעפפונג פון זיין פאנטאזיע. און טיילמאל האט ער זיך איינגערעדט, אז זי איז גאר נישט דא, אז זי איז ערגיץ ווייט, ווייט, אוועקגעפאהרען נאך אמעריקא און לעבט דארט אין א גאנץ אנדער אומגעבונג, מיט גאנץ אנדערע מענשען, וואס ער וועט זיי קיינמאל, קיינמאל נישט זעהן...

נאך א פאר טעג איז ער אויף דער גאס ארויס. אין א טונקעל ווינקעל אין גאס איז א געשטעל געווען, ער איז צוגעגאנגען. אנ'אגי־טאטאר איז געשטאנען און האט א רעדע געהאלטען, ער האט זיך איינ־געהערט: — — — — — — — — „גאראנטיעס",
„מיט דער קאנסטיטוציע אליין איז מען נאך נישט געהאלפען". „מען דארף גאראנטיעס" — און פלוצים — — — — — — קאזאקען
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — מען איז אנטלאפען, מען האט זיך אין א הויז אריינגעכאפט. ער איז אויך מיט און האט דורך דער שפארע פון דער טהיר אויף דער גאס ארויסגעקוקט. די גאס איז לעער געווען און

טונקעל, איבער די שטיינער האָט זיך געהערט טריט — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — טונקעלע שאָטענס אין דער נאַכט. קיינער איז צו זיי נישט צוגעגאַנגען, אַלע זיינען אַנטלאָפען. אַ וויינענדע פרוי איז איבער דעם טראָטואַר געגאַנגען, האָט אויף איהר זוהן געפרעגט.
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
און געזוכט איהר זוהן — — — — — פון דער־ווייטענס האָט זיך ווידער אַנ׳עולם געוויזען, מען האָט אין דער טונקעלער נאַכט אַ ליעד געזונגען, שטולקאַצען האָבען געברענט. מישאַ איז אין די מענגע אַריין.

נון, האָט זיך פּעטערבורג אין אַ פריה־מאָרגען אויפגעכאַפּט אין יום־טוב׳דיגע קליידער. יום־טוב איז געווען אין גאַס, די זון האָט געשיינט, אַלע געוועלבער זיינען געווען פערמאַכט און מענשען האָבען פריי און פראַנק איבער די ברייטע גאַסען שפּאַצירט, אַלע אין יום־טוב׳דיגע קליידער אָנגעטהאָן. די דאַמען האָבען רויטע בענדער אויף זייערע ברוסטען געטראָגען און אַ נצחון־ליעד געזונגען. די מענער האָבען פעסט געדריקט די הענד פון די גאָראָדאָוויע. — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — און דאַמען און מיידלעך, אין רויטען אויסגעציהרט, געהען פּאַראַדים און פּאַטשען „בראַוואָ“. פון אַלע באַלאָקאָנען פלאַטערן פאָהנען אַראָב, שטראַהלען מענשען־געזיכטער, מען קושט זיך אײנער מיט׳ן צווייטען און פון יעדענס אויגען קוקט אַרויס גליק און האָפנונג. אוועק די טויטע אימה פון די פּנים׳ער, פריי איז די ברוסט געוואָרען און דאָס געזאַנג רייסט זיך אַליין פון די העלזער אַרויס — דער גרויסער מאַניפעסט איז אַרויס!

נאָך שאַלט דאָס ליעד, נאָך פלאַטערט די פאָהן, נאָך איז ליכטיג דער טאָג און אין דער ליכטיגער מענגע שלייכען זיך שאָטענס אַריין, ווי עס וואָלט זיך פּלוצלים צווישען זיי דער מלאך המות בעוויזען אין דעם הערליכסטען טאָג. מענשען סוד׳ען זיך אין די ווינקעלעך, בעהאַלטען עפּעס איינס פאַר דעם צווייטען און אַ מורא׳דיגער ברום געהט אַרורך. די מענגע וויים עס נאָך נישט, די גאַסען זיינען נאָך פול מיט אויסגעציהרטע מענשען. מען זינגט, מען פרעהט זיך, מען קושט

זיך, און אין דער חתונה איז ווער עס איז געשטאָרבען, און מען שאָרט דעם טויטען אוועק אין א ווינקעל, אז ער זאָל די חתונה נישט שטערן...

אין דעם הערליכסטען טאָג צווישען די פרייע שאָלענדע ליעדער האָט אָפגעקלונגען אין אן אנדער גערויש — — — — — — —

מישא איז אויפגעוואכט געוואָרען ווי נאָך א שווערען, שווערען שלאָף, ביי די ערשטע ידיעות פון די פּאָגראָמען האָט ער זיך אויפ־געהויבען און איז אַהיים געפאָהרען.

## דאָס צעהנטע קאַפּיטעל.

אהיים געקומען, נאָך א פּאָר חדשים, האָט ער דאָס שטעדטיל כמעט נישט דערקענט. א טרויעריגער וואָלקען איז דעריבער געהאנגען און די מענשען זיינען ארומגעגאנגען מיט טויט־שרעק אין די הארצען.

ווי ער האָט נור אריבערגעטראָטען דעם שוועל פון זיין עלטערנ'ס שטוב, איז די מוטער מיט'ן פאָטער און די שוועסטער סאָניע ארויפ־געפאַלען אויף איהם מיט טרעהרען אין די אויגען און מיט קושען: „געלויבט צו גאָט, וואָס מען זעהט זיך!" און אזוי מאָדנע זיך געהאַל־טען, גלייך ווי מען וואָלט געוואָרט אויף עפּיס... אן אונבעוואוסטע שרעק האָט ארויסגעקוקט פון זייערע אויגען. די מוטער האָט גערעדט וועגען אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד, סאָניע האָט דערצעהלט, אז א האַלבע שטאָדט איז שוין ארויסגעפאָהרען, און דער פעטער פאָהרט אויך באַלד, נור זיי וואַרטען אויף מערי'ן. „יאָ, און וואו איז מערי?" — האָבען איהם אלע געפרעגט.

מישא איז בלייך געוואָרען און דערציטערט. ער האָט זיך דער־מאָהנט אַן די אלע טעלעגראַמעס, וואָס ער האָט די לעצטע צייט ערהאַלטען פון מערי'ס עלטערען פאַר מערי'ן און ער האָט זיי איהר ניט אבגעשיקט. ער האָט אין דעם ערשטען אויגענבליק געמיינט, אז אין דער־היים ווייסט מען שוין אלץ וועגען מערי'ס צוזאמען־זיין מיט קאָוואַלסקי'ן.

— אָבער וואָס איז געשעהן, וואָס?

— האָסטו עס דען נישט געהערט? עס האָט זיך דאָך שוין אָנ־געהויבען.

— און דא ריידען שוין די פויערים דערפון.

— אין דער גאנצער פראווינץ ארום זיינען אלע אנטלאפען. מיר האבען נור געווארט אויף דיר.

מישא'ן איז ערשט איצט קלאר געווארען, וואס עס איז געשעהן — דאס האבען די פאגראמען אזא שרעק ארויפגעווארפען אויף דער פראווינץ. אין פעטערבורג הייסט עס די „קאנטר־רעוואלוציע", וועלכע וועט זיך נישט איינגעבען, און אלע מאכען זיך גארנישט דערויס.

אבער דאך נישט דא! די גאנצע שטאדט איז אין איין פלאם.

באלד זיינען געקומען דער פעטער מיט דער מוהמע, מעריי'ס עלטערן. דער פעטער איז געווען א זעלטענער גאסט, אז מישא'ס מוטער האט פערגעסען אן די שרעק פאר די פאגראמען און איהם אויפגענומען מיט פאראד. זיי זיינען געקומען זיך נאכפרעגען ביי מישא'ן אויף מעריי'ן.

מישא איז געקומען אין א פערלעגענהייט און נישט געוואוסט וואס צו זאגען. ליגען זאגען האט ער נישט געוואלט און עפיס לאזען פאלען א ווארט וועגען קאוואלסקי'ן וואלט עס געהייסען, אז ער רעדט אויף איהר רכילות.

— איך האב זי געלאזט אין פינלאנד, — האט ער געפונען אן אויסוועג.

— אבער אליין וואס מאכט זי? פארוואס קומט זי נישט צו־פאהרען? אין אזא צייט! — האט זיך די מוטער די הענד געבראכען.

— איך האב זי געלאזט אין פינלאנד, — האט מישא ווייטער איבערגע'חזר'ט.

— פארוואס ענטפערסטו אונז נישט? געוואלד, מישא, מיר געהען דאך אויס! וואס איז מיט איהר? ווי לאזט מען זי אליין? זי איז דאך א שוואך, ארים קינד. פארוואס איז זי נישט מיטגעקומען? —וויינט אלץ די מוטער.

— איך האב זי אין פינלאנד געלאזט, — ענטפערט מישא אלץ דאס איינגענע און ווערט בלייך און רויט, און דאס הארץ קלאפט איהם, און עס איז פון איהם מעהר קיין ווארט נישט ארויסצוקריגען.

ר' חיים האט זיך דערווייל איבער דעם סאלאן ארויף און אראב געדרעהט, געצויגען דעם שטערן, אויסגעצויגען זיך די בארד און נישט

צוגעהערט וואס דאס ווייב זאגט. ער האט נור א ווארט אריינ־געווארפען:

— און וואס איז מיט איהר הארץ?

— אין פינלאנד איז איהר בעסער געווארען.

כדי ארויסצוקריגען זיך פון דער אונאנגענעהמער פערלעגענהייט, האט ער זיך דורך אנ׳אויסרייד ארויסגעמאכט פון שטוב ארויף צו זיך, איבערגעטהאן זיך און אין גאס ארויס.

צי האט זיך נאר מישא׳ן אזוי געדאכט, צי איז עס אין אמת׳ן אזוי געווען, — נור די שרעק פאר׳ן טויט איז איבער דער נאכט גע־האנגען. שטיל איז אין גאס געווען, די געוועלבלעך האלב געשלאסען. דא און דארט איז אין דער טהיר פון א געוועלבעל א אידענע געזעסען, אדער אנ׳אלטער איד האט תהילים געזאגט און די וויינענדיגע שטים האט זיך אין גאס ארויסגעריסען. איז א איד געגאנגען אין גאס — איז ער געגאנגען דעם קאפ אראבגעלאזען, נידערגעשלאגען און האט ער א גוי בעגעגענט, האט ער איהם דעם וועג צעהן טריט פון דער־ווייטענס אבגעטרעטען, אראב פון טראטואר פון זיינעטוועגען. צוויי ווייבער, אין שווארצע שלייערס געהילט, זיינען מיט אראבגעהאנגענע קעפ געגאנגען געוועלב־איין, געוועלב־אויס. דאס האבען זיי געמוזט אומגעהן א נדבה צונויפנעהמען. פון אנ׳עק גאס האט זיך געהערט דאס שרייען פון א שכור׳ן גוי. צוויי אינגלעך זיינען געלאפען — האט מען שוין דא און דארט א טהירעל איבער׳ן געוועלבעל פערהאקט, און צושראקענע, בלייכע פנים׳ער, אין טיכלעך געהילט, האבען זיך אין די פענסטער און אין די טהירען געוויזען און האבען געפרעגט די פארבייגעהענדע מיט הארץ־קלאפעניש: „וואס איז?“..

מישא איז ווייטער געגאנגען, בעגעגענט אין גאס א פאר יונגע לייטלעך, זיינע בעקאנטע, ארקאדיען מיט דעם לעהרער מענדעלע־וויטש. זיי האבען געהאלטען גראבע שטעקענס אין האנד. בעגעגענט איהם, נישט קיין צייט געהאט „שלום־עליכם“ אבצוגעבען, — האבען זיי איהם געפרעגט:

— צו וועלכען ראיאן געהערט איהר?

— צו א ראיאן? ! איך וויים נאך פון גארנישט. איך בין ערשט נאר־וואס געקומען. וואס איז?

— — — — — — — — — — — — —

— ביי אבראהם מענערעלעוויטש אין דער „צענטראל". געהט אהין און שרייבט אייך איין אין וועלכען ראיאן. א „שפייער" האט איהר?

— איך האב נישט — — — — — — — — — —

— וועט איהר בעקומען. שא, זעה נור, וואס עס טהוט זיך דארט? — האט איינער געוויזען אויף דעם שכור'ן גוי אין נאס.

זיי זיינען בלייך געווארען און געקוקט.

— ווער האלט דארט וואך? — האט מענרעלעוויטש געפרעגט.

— עס איז דער זעקסטער „ראיאן", — האט יענער געענטפערט.

— זיי שטעהען דארט?

— יא.

— אבער וואס האט זיך דא געמאכט? וואס? — האט מישא געפרעגט.

— איהר זעהט אז די שטאדט איז אין געפאהר און איהר פרעגט קשיות! געהט אין „צענטראל", — האט איהם מענדרעלעוויטש אבגעענטפערט און איז אריבער צו דעם געלאף, וואס איז געווארען איבער דעם שכור'ן גוי.

מישא איז געבליבען שטעהן, ווי א פערשטיינערטער. גאט, וואס טהוט זיך דא! די שטאדט איז אין געפאהר, יונגע לייט האבען זיך ארגאניזירט — — — — די שטאדט איינגעטהיילט אין ראיאנען, אלע האבען זיך אין קאמפף געשטעלט, קינדער אפילו, און ער? וואו איז ער? מיט וואס האט ער זיך ארומגעטראגען? געוועזן א משרת ביי א מיידעל, אויסגעשטאנען איהרע קאפריזען און וואס זי האט געוואלט פון איהם מאכען, האט זי געמאכט, ביז זי האט איהם שטעהן געלאזט. ניין, ווי קליין האט ער איצט ביי זיך אויסגעזעהן, און די גאנצע מערי מיט איהר קאוואלסקי'ן, און פעטערבורג! ער האט מיט שנעלע טריט געשפאנט אין „צענטראל" צו דעם לעהרער מענדרעלעוויטש.

ביי מענדרעלעוויטש'ן אין שול האט ער געטראפען א פאר יונגע לייט מיט מיידלעך. זיי זיינען געזעסען אויף האלב צובראכענע ביינקלעך, אויף די פענסטער, און אלע האבען גערעדט, געשריען, און אלע זיינען הייזעריג געווען פון די געשרייען. יעדעס מאל איז אריינגעקו־

מען צולויפען אנ׳אנדער יונגער־מאן אדער א מיידעל, אוועקגעשלעפט איינעם פון די „גענעראלען" אין א ווינקעל אריין, עפּיס איהם איינגערוימט און צוריק ארויס. א פּאר ארבייטער האבען זיך ארומגעדרעהט מיט גרויסע גראבע שטעקענס אין די הענד און האבען געקוקט אויף מישא׳ן מיט חשד. איין מיידעל האט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו איהם, געקוקט איהם אין די אויגען אריין און דער עולם האט אויפגעהערט צו ריידען און אויך איהם אנגעקוקט. ער האט ניט געוואוסט, צו וועמען זיך צו ווענדען, ווער עס איז דא דער עלטסטער. עפּיס אלץ אונבעקאנטע געזיכטער. מישא האט נישט געקאנט איבערטראגען די חשד־בליקען, וואס זיינען אנגעשטעלט געווארען אויף איהם. האט ער זיך אנגערופען הויך, צו אלע:

— דא איז דער צענטראל — — — — — — — — — — ?

— וואס ווילט איהר?

דער עולם האט נאך אלץ געקוקט אויף איהם מיט חשד און פערוואונדערונג.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי אן? איך בין א איד און וויל אויך געהערען צו די, וואס ווילען פערטיידיגען אונזערע פון פּאגראמען.

דער עולם האט נאך אלץ געהאלטען אין איין אנקוקען איהם און געשוויגען. מישא האט בעמערקט צווישען די לייט דעם יונגען מאן, וואס ער האט בעגעגענט ביי לייזעראוויטש׳ן, וועלכער האט געמאכט די פערזאמלונג אין וואלד.

— איהר קענט דאך מיך, מיר האבען זיך דאך געטראפען ביי דאקטאר לייזעראוויטש, — האט ער זיך געווענדעט צו דעם יונגען־מאן.

דער יונגער־מאן, וועלכער איז איצט געווען אהן וואנסען און אנדערש געשווירען, און הייזעריג, קיין ווארט פון מויל ניט ארויסצוברייגגען, האט איהם די האנד געגעבען שטיל.

— ווער איז׳ס? — האבען די בליקען פון דעם עולם געפרעגט דעם יונגען־מאן אויף מישא׳ן.

— דוכט זיך א ציוניסט! — האט ער אבגעענטפערט, קוים צו פערנעהמען זיין שטים פון הייזעריגקייט.

— דאס איז דער קאריעריסט, וואס פאהרט קיין פּעטערבורג אין אוניווערזיטעט אריין אין דער צייט פון דער רעוואלוציע, — האט

זונדעל'ס זוהן, וואס איז מיט איהם אינאיינעם אין גימנאזיום אין איין קלאס געווען, ארויסגעשריען פון א ווינקעל.

— וועט איהר געהן, וואו איהר זייט געווען ביז איצט.

— צו הערצלען געהט, צו הערצלען, — — — — — — — — — — — — — — — — האט ווער ארויסגערופען פון א צווייטען ווינקעל.

מישא איז געשטאנען א פערוואונדערטער, אין דער ערשטער מינוט ניט געוואוסט, וואס דאס בעדייט.

— ווי הייסט, מען האט צו מיר קיין צוטרוי ניט? איך בין דאך מישא ראזענצווייג, די גאנצע שטאדט קען דאך מיך! — האט ער כמעט ווי אויסגעשריען.

דער יונגער־מאן, וואס האט זיך מיט איהם בעקענט ביי לייזעראָ־וויטש'ן, איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געוואלט געבען צו פערשטעהן אז דער פראלעטאריער קאן נישט אנפערטרויען — — — — — — דער בורזשואזיע. זיי וועלען אליין פערהיטען זייערע אינטערעסען און כאשט ער קען איהם, אבער זייער קאמיטעט האט בעשטימט, אז די „סאמאאבאראנע“ זאל זיין פארטייאיש.

מישא האט איצט ניט געהערט זיינע ווערטער. ער איז געשטאנען ווי א צומישטער. וואס טהוט זיך דא? ער האט געהאט דאס געפיהל ווי ער וואלט פלוצלונג אין אנ'אנדער וועלט אראבגעפאלען, און די אנדער וועלט איז דאס בעשאפען געווארען דורך די פאר חדשים, וואס ער איז נישט געווען אין דער־היים ,האט ער ניט געוואלט אויסהערען יענעמס טעאריע.

— און דאוויד איז ביי אייך? — האט ער געפרעגט.

— יא, דאוויד איז א פארטיי־מענש, — האט יענער איהם אבגעענטפערט, וועלענדיג זיין העפליך.

— אויב אזוי, וועל איך געהן צו דאווידן. דאוויד וועט מיך צונעהמען אין זיין ראיאן, כאטש איך בין א ציוניסט.

— דאוויד איז ארעסטירט.

— וואס? און דאקטאר לייזעראוויטש?

— אויך ארעסטירט.

— און וואס איז מיט ראחעל?

— דאס ווייסען מיר נישט.

— וואס איז מיט דער מיידעל? ווי האט איהר זי געלאזט אליין?
— מיר אינטערעסירען זיך ניט מיט פאמילען־אנגעלעגענהייטען.
מישא האט ניט געהערט דעם לעצטען זאץ. ער איז ווי א פייל אראב פון די טרעפ.

---

# דאס עלפטע קאפיטעל.

„— ראחעל איז אליין, דאוויד ארעסטירט, דער דאקטאר ארעס־טירט, א פאגראם אויף אידען, יונגע לייט ארגאניזירען זיך — —
— — — — — — — — — — — — —
און איך זיץ אין פינלאנד און בין פערליעבט, פערליעבט, אח, אח, פערליעבט.

ער האט געהאט דאס געפיהל, ווי א טייוועלש געלעכטער לויפט איהם נאך, די מענשען, וואס ער טרעפט אן אויף'ן וועג ווייסען פון אלץ און פון זיין אומגעלומפערטער, שלים־מזל'דיגער ליעבע און לאכען איהם אויס. און ער איז געלאפען, ווי ער וואלט געוואלט אנטלויפען פון זיך אליין. ער איז אריינגעקומען אין „ראוו" אריין. דער „ראוו" איז געווען פערשלאסען, פערהאקט טהיר און טויער, און עס האט זיך געדאכט ווי אויסגעשטארבען. ער איז נעגאנגען בישט וויסענדיג וואוהין און געקומען צו דאקטאר לייזעראוויטש'עס הייזעל.

די טהיר איז פערמאכט, די לאדען פון די פאדערשטע פענסטער זיינען צוגעמאכט. ער זוכט ווייטער און געפינט, אז די לאדען פון דער צווייטער שטוב זיינען אפען. ער קוקט אריין דורכ'ן פענסטער — עס זיצט ווער דרינען. ער קלאפט לייכט אן. ראחעל'ס ליכטיגע אויגען האבען זיך בעוויזען און א פערוואונדערט שמייכעלע איז אויף איהרע ליפען געלעגען. זי האט געוואונקען צו איהם מיט'ן פינגער. ער איז אריין אין שטוב.

ער האט זי געטראפען זיצענדיג ביי אן אפענעם אייווען, איהרע האאר זיינען געווען צולאזען און נאס און זי האט זיי געטריקענט ביים פייער. ארום איהר אין שטוב זיינען געשטאנען קאסטענס, פול מיט יונגע פלאנצונגען, וועלכע דאקטאר לייזעראוויטש האט געהאט אין שטוב דעם גאנצען ווינטער. זי איז אזוי געזעסען ארום די קאסטענס

בליהעכץ מיט איהרע נאסע לאקען, געפלאכטענע צעפ און זיך געפרעהט מיט מישא'ן:

— אוי, ווי גוט וואס איהר זייט געקומען! איך האב אזוי געווארט אויף אייך! עס קומט קיינער נישט צו אונז.

— שוין לאנג זיינען דאוויד מיט'ן פאטער ארעסטירט?

— שוין דעם דריטען חודש. מען האט זיי ביידע ביינאכט צו־גענומען. איך האב געוואלט מיטגעהן מיט זיי, נור זיי האבען מיך נישט געוואלט מיטנעהמען. איך האב אזוי געוויינט.

— און איהר זייט די גאנצע צייט אליין?

— ביי וועמען זאל איך דען זיין? איך קאך זיי יעדען טאג אב עסען און טראג זיי אהין אין וואך אריין. די אידענע דא, געגענאיבער וואס דער פאפא פלעגט איהר קינד היילען העלפט מיר צו.

— אבער געדענקט אן גאט. אליין! ווי זייט איהר געוועזן די גאנצע צייט אליין? פארוואס האט איהר קיינעם נישט צו וויסען געגעבען? מיין שוועסטער, אנדערע חבר'טעס. איהר האט דאך פריינד!

— וועמען האב איך געזאלט זאגען? איך האב מיר געקאנט אליין אנ'עצה געבען. נאר איך ווייס נישט וואס דאס איז. שוין די צווייטע וואך, ווי פאפא שיקט מיר ארויס די כלים פון טורמע און אין די כלים געפינט זיך א האלב עסען צוריק. אבער פונקט די העלפט. א האלבער בוינעל, א האלבע פארציע. יענע וואך האב איך זיי אריינגעשיקט די ערשטע בלעטלעך פון אונזערע פלאנצונגען — האט מען מיר א העלפט צוריק ארויסגעשיקט.

— האט איהר זיך מיט פאפא נישט געזעהן?

— מיט פאפא יא, אבער מיט דאוויד'ן האט מען מיך נישט גע־לאזען זיך זעהן. די גאנצע צייט נישט. פאפא האב איך פאר צוויי־וואכען געזעהן.

— עס מוז ווער פעהלען פון זיי, אדער פאפא, אדער דאוויד, מען האט זיי וואהרשיינליך צושיידט.

— איך האב אויך אזוי גערעכענט, איך בין מיר געגאנגען נאכ־פרעגען אין דער „אכראנקע". האב איך פון דער צווייטער שטוב געהערט אזא געוואלד, אזא אונמענשליכען שרייען, מען האט וועמען דעריגען געשלאגען, איך בין צוגעלאפען צו דער טהיר און אנגעהויבען רייסען די טהיר און קלאפען: „עפענט־אויף, עפענט־אויף!" די טהיר

האט זיך מיט רעש אויפגעריסען און עס איז ארויס א יונגער אפיצער מיט אזא כעס, מיט אזא געבייזער. נור אז ער האט מיך דערזעהן, האט ער אנגעהויבען די שווארצע וואנסלעך זיינע צו דרעהען, און האט מיך מיט א פריינדליכען שמייכעל געפרעגט וואס איך וויל. איך האב איהם נארנישט געענטפערט, איך האב איהם אנגעקוקט און ער האט געשמייכעלט, און איך בין פלינק ארויסגעלאפען. איך וויל נישט מעהר אהין געהן.

מישא האט געקוקט אויף איהר די גאנצע צייט וואס זי האט גערעדט. דער קינדערשער שמייכעל איז נישט אראב פון איהר פריש־געבליבענעם געזיכט. איהר אונשולדיג געזיכט האט קיין אהנונג נישט געהאט פון די גרויליכקייטען, וועגען וועלכע זי האט דערצעהלט, און א אונבעשרייבליך רחמנות־געפיהל צו איהר האט מישא'ן ארומגענומען,— א רחמנות־געפיהל נישט בלויז ווי צו א בעליידיגטער געבוירענער שוועסטער, נור ווי צו א שוועסטער פון גאנצען פאלק. ער האט איצט געפיהלט די פערבארגענע פעדים, וואס קניפען איהם מיט איהר צוזאמען נישט בלויז ווי א מענש מיט א מענשען, נור ווי א איד מיט א אידען.

ער האט אין איהר געזעהען די בעליידיגטע אידישע שוועסטער, וואס מוז שוין אזוי יונג און אונשולדיג בעליידיגונגען ליידען. עס איז איהם געקומען אויפ'ן זין יהודה ליב גארדאנ'ס געדיכט, וואס ער האט אמאל אין דער יוגענד אויסווענדיג געקענט — „אחותי רוחמה":

„מה תתיפחי, אחותי רוחמה"?!

ער האט לאנג געקוקט אויף איהר. זיין הארץ האט אין איהם געקרעמפפט, די ליפען האט ער פון אהנמאכט געביסען און זיינע אויגען האבען מיט ליעבע געשלונגען איהר פנים, איהרע האאר, איהרע בעוועגונגען, איהר גאנצע נשמה. לאנג האט ער קיין ווארט פון מויל נישט געקענט ארויסברייגנגען. אין שטיבעל האט אנגעהויבען צו טונקלען און ער איז אלץ געזעסען און בעטראכט דאס ליכט פון איהר פנים וואס איז איצט בעלויכטען געווען פון דעם פלאם פון פייער, און ער האט געשוויגען.

— נור איצט וועט גוט זיין. איהר זייט צוריקגעקומען, — האט זי זיך פלוצלינג אנגערופען.

מישא איז נישט רוים געווארען, ווי עס וואלט אַ׳אַנדערס מאָל געשעהן. ער האָט זיך נישט דערשראָקען, ער האט פּלוצלינג זיין לשון געפונען און אָנגעהויבען צו ריידען, ווי אוים שכרות:

— אודאי, וועט גוט זיין. איך וועל אייך נישט לאָזען קיין שלעכטעס טהאָן, נישט לאָזען, דאָס לעבען איינשטעלען, אַלץ איינשטעלען, אלץ, — און ער איז פּלוצלינג שטיל געבליבען.

— און איהר האָט געבענקט נאָך מיר? — האָט זי געפרעגט נאאיוו, קוקענדיג איהם אין די אויגען אריין.

— אודאי האָב איך געבענקט נאָך אייך. אודאי האָב איך געבענקט נאָך דיר, נור נאָך דיר, נור נאָך דיר; איך האָב קיינעם נישט, אחוץ דיר, קיינעם נישט!

ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָהנט וואס ער רעדט. ער איז געבליבען שטעהן ווי אויף קויהלען געבראָטען, איז בלוט־רויט געווארען. די צונג האָט זיך איהם געדרעהט, מיט די הענד האָט ער געוואָרפען און ניט געוואוסט ווי אזוי ער קומט פון שטוב ארויס.

אָבער ראחעל האָט זיך דערווייל אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צו איהם און איהם אָנגעהויבען צו גלעטען מיט איהרע גלאַטע קליינע הענטעלעך. איהרע שעהנע שווארצע׳אויגען זיינען שטעהן געבליבען אויף איין אָרט און געקוקט איהם אין פּנים אריין מיט איהר גאַנצער קינדישקייט.

— אַ, ווי גוט איהר זייט מישא! — האָט זי זיך געפרעהט, — אַ, ווי גוט דו ביזט, און דאָ איז אזוי שלעכט, אזוי איינזאַם, אזוי טרויעריג.

— אָבער, וואָס וועט איצט זיין? איהר קאָנט דאָך דאָ ניט לענגער בלייבען, איהר מוזט געהן צו אונז אהיים,—האָט זיך מישא דערמאָהנט.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט פערוואונדערט.

— די שטאָדט איז אין אַ סכנה, מען ריכט זיך אויף פּאָגראָמען!

— אויף פּאָגראָמען? וואָס איז עס? — האָט זי געפרעגט קינדיש.

— זיי ווילען אונז שלאָגען, אונז אַלע — אייך, מיך, אייער פאָטער — אונז אַלעמען!

— ווער וויל אונז שלאָגען? — האָט דאָס מיידעל געפרעגט פערוואונדערט.

— קריסטעז, רוסען, פויערים, — אלעו — האט מישא אויסגע־שריען, ווי ער וואלט ערשטוינט געווארען פון איהרע פראגען.

— אבער פארוואס? — האט דאס מידעל אויסגעשטעלט א פאר אויגען, וואונדערנדיג זיך אין איהר גאנצער נאאיוויטעט.

— פארוואס? פארוואס? פארוואס? — האט זיך מישא היסטע־ריש צולאכט — ווייל מיר זיינען אידען!

— ע, עס איז נישט וואהר, מיר זיינען גאנץ גוט מיט קריסטען. היילט דאך דער פאטער די פויערים, און זיי ברענגען אונז אייער, פוטער דערפאר. און ד״ר שימאנאווסקי קומט יעדען טאג אריין, נאכ־פרעגען זיך אויף דעם טאטען, און זיין זוהן געהט מיט מיר יעדען טאג דאס עסען טראגען אין דער וואך, און ער גיט מיר אב דאס געלד, וואס דער טאטע האט ביי איהם אוועקגעלעגט. ניין, עס איז נישט וואהר, זיי ווילען אונז נישט שלאגען.

— אבער דא קאנט איהר דאך נישט זיין אליין, איהר מוזט צו אונז מיטנעהמען.

— איך האב נישט קיין מורא פאר גוים, זאלען זיי קומען. מיך וועלען זיי נישט שלאגען. איך האב זיי קיינמאל קיין שלעכטס נישט געטהאן, קיינמאל!

אויף דעם איז פינסטער געווארען און ראחעל האט אנגעצונדען דעם לאמפ. זיי זיינען ביידע געזעסען און האבען זיך איינס דאס אנ־דערע אנגעקוקט.

— און ווי האט איהר געלעבט אין פעטערבורג? וואס, אין פע־טערבורג איז פרעהליך?

מישא האט געשוויגען.

— יא, און מערי, דאכט זיך, זי איז מיט אייך אינאיינעם מיטגע־פאהרען? — זי האט אין מיטען אבגעהאקט און האט אנגעקוקט מי־שא׳ן און האט זעהר טרויעריג געזאגט:

— איך ווייס, איהר האט מערי׳ן ליעב, איך ווייס, — האט זי געזאגט, און דאס ערשטע מאל, זינט מישא האט זי געקענט, האט זי זיין בליק אויסגעמידען און איהר געזיכט איז פערענדערט געווארען.

דאן האבען זיי ביידע לאנג געשוויגען.

# דאס צוועלפטע קאפיטעל

אז מישא איז דערנאך אהיים געגאנגען, איז שוין פינסטער גע־וועזן אין „ראוו". ער איז געגאנגען פאמעליך, דעם קאפ אראבגעלאָ־זען און געקלערט וועגען ראחעל, וועגען דער לאגע פון די אידען, וועגען דעם אומגליק, וואס שטעהט פאר אלעמען, וועגען דער אלטער, אלטער אידישער טראגעדיע. נור אין די אלע געדאנקען איז איהם אדורכגעגאנגען ווי א בליץ מערי. און ווי ער האט זיך אויך געוואלט בעפרייען פון איהר, און וויפיעל ער האט זיך אויך פארווירפע געמאכט, האט ער דאך געמוט קלעהרען וועגען איהר. וואו איז זי איצט? מיט קאוואלסקי'ן, מיט קאוואלסקי'ן אליין. ער האט פיעל, פיעל זאכען געזעהן... פלוצים האט ער דערהערט שטימען, וואס דאוונען. ער האט זיך אומגעקוקט: פון א קליינעם שוהל־פענסטערל האבען ארויס־געשיינט שטראהלען פון אנגעצונדענע ליכטלעך און עס האט זיך ארויסגעריסען דער געהילך פון תפלות. ער איז אריין אין שוהל. דאס שוהל'כעל איז געווען טיעף ווי אין א קעלער איינגעפאלען, עס איז געווען אנ'ארים, קליין שוהל'כעל. אויף טרעפלעך איז מען אהין אראבגעגאנגען, האלב אין א קעלער איז עס געלעגען — דאס בית־המקדש פאר די ארימע אידישע בעלי־מלאכות, פאר די איינוואהנער פון „ראוו". נאקעטע זיינען געשטאנען די ווענדטלעך, און אנ'ארון, מיט א שטיק ארימען לייוועגד פערשטעלט. פאר דעם צובראכענעם עמוד איז געשטאנען אן ארימאן, א איד אין א צוריסענעם טלית איינ־געהילט, און האט פאר די קליינע גראשענדיגע ליכטלעך זיין תפלה געזאגט. און פול איז דאס שוהל'כעל אנגעשטאפט געווען מיט די ארימע־לייט פון „ראוו". און דאס דאוונען איז דא געווען א וואריטס און פול מיט קרעכצען און געשרייען, וואס זיינען געקומען פון די צובראכענע הערצער—פון צער און צרות, וואס האבען דאס שוהל'כעל פול געמאכט... עס האט זיך געדאכט, אז אלע אונערפילטע וואונשען, אז אלע ליידען פון די דאוונער גיסען זיך אויס אין זייערע תפילות און לעגען זיך ווי א וואלקען אונטער דעם באלקען פון דעם ארימען שוהל'כעל.

מישא האט אנגעקוקט די דאוונער. ער איז אריין ווי א פרעמדער צווישען זיי. נישט זיין ארט איז דא, נישט ער האט דאס רעכט צו דאוונען אין דעם בית התפילה און צווישען זיי דא. ער קאן נישט אזוי דאוונען ווי זיי און איז ניט אזוי זאט מיט צרות ווי זיי. נאר ער האט געקוקט אויף די דאוונער מיט אויגען פול קנאה. זיי האבען פאר װעמען צו בעטען. זיי גלויבען און האפען. ער האט געהאט דאס געפיהל, ווי ער געפינט זיך אויף א חתונה און ער זעהט טאנצען און פרעהען זיך, און קאן זיך ניט מיטפרעהען. ער האט דא בעגריפען דעם סוד פון זיין נאציאן, דעם סוד פון גלות, דעם סוד, וואס אידען קאנען אלץ איבערטראגען. ער האט געזעהן זיין פאלק ארורכשלעפענדיג זיינע ביינער דורך דעם לאנגען ברענענדיגען קאלך־אייוועז פון דער װעלט־געשיכטע ביז׳ן היינטיגען טאג. ער האט דאס געזעהן אין די ארימע נאקעטע װענד פון שוהל, פון דעם בעלעמער, פון דעם אבגעריסענעם ארימען עולם, פון דעם טרויעריגען נגון פון דער תפלה, וואס איז מעהר עהנליך צו א ווילד שרייען, ווי צו דאוונען, און אינ׳ם ווילדען שאקלען זיך פון דעם עולם. ער האט דארט אלץ ג ע ז ע ה ן. עס איז אבער נישט געווען אין איהם. ער האט געוואלט אינווייניג זיין, צוגעדעקט מיט׳ן שלייער פונ׳ם סוד, נור ער האט נישט געקאנט. זיין רעכענונג מיט גאט האט ער שוין לאנג געהאט אבגעשלאסען. ער איז ניט געווען רעליגיעז: ער האט שוין נישט געדאווענט און נישט געגלויבט זינט ער איז געווען אין פיערטען קלאס. איצט מיט־דאוונען מיט זיי האט עס אויסגעזעהן ווי א צבוע׳יאטשעסטווע, ווי ער וואלט גענארט זיך אליין. נור די מינוט האט ער פון גארניט געוואלט קלערען, וויסען. ער האט זיך אריינגעבויגען אין א סדור אריין ביי אנ׳ארימען אבגעריסענעם אידען און האט אנגעהויבען מיטצר־דאוונען, הויך, הויך, אויפ׳ן קול, אין זייער טאן אריין, אין זייערע שטימען — ווי ער וואלט זיך געוואלט אריינוואַרפען אין זייער געבעט, אין זייער סוד און זיין מיט זיי אינאיינעם, הינטער איין װאלקען, הינטער איין צודעק...

אז ער איז אהיים געגאנגען, זיינען איהם פיעל זאכען קלעהרער געווארען. די קינפטיגע טעג האבען איהם שוין נישט אזוי שרעקליך אויסגעזעהן. נישט דער בטחון אויף גאט האט איהם בערוהיגט (ער האט זיך געשעמט פאר דעם געדאנק), נור ער האט געהאט דאס געפיהל

ווי ער פאהרט אויף א גרויסען שיף, דאס גאנצע אידישע פאלק פאהרט אויף דעם שיף, און דאס שיף איז ארויסגעפאהרען אין דעם ערשטען טאג יואס די וועלט איז בעשאפען געווארען, און פאהרט ביז צום היינטיגען טאג, און יעדעס מאל בלייבט עס שטעהן ביי אנ'אנדער פארט — מצרים, ארץ ישראל, בבל, אראביען, שפאניען, טערקיי, האלאנד, רוסלאנד — די גאנצע אידישע געשיכטע איז איהם פאר די אויגען פערביייגעגאנגען. און היינט איז איין טאג פון דער אידישער געשיכטע: נעכטען איז די זאך געשעהן אין אלעקסאנדריא, אין קסריה, אין רום, אין מאדריד, אין פראנקפורט, אין קראקוי, — היינט געשעהט עס אין קישינעוו, אין קיעוו — און עס האט איהם שוין נישט גע־שראקען. עס וועט אדורכגעהן, אדורכגעהן — אלץ וועט אדורכגעהן, און דאס שיף וועט ווייטער שווימען, ווייטער שווימען, ווייטער שווי־מען, ביי אנדערע פארטען זיך אבשטעלען, ביז צום לעצטען טאג פון דער וועלט.

מיט די געדאנקען איז ער געקומען אהיים. אין דער שטוב ביי זיי האט ער געטראפען א גרויסע אונארדנונג: אלע שרענק און קא־מארען זיינען געווען אפען געשטאנען, אין סאלאן — גרויסע קערב, און די מוטער, סאניע און אלע דיענסטען שטעהען און פאקען די זאכען.

די מוטער האט איהם בעגריסט מיט א געבייזער:

— מישא, וואו ביזטו א גאנצען טאג? דא פאקט מען די זאכען, איך האב געוואלט איינפאקען דיינע זאכען אויך. דיין שראנק איז צו און דו ביזט ניטא, גיב דעם שליסעל.

— אבער וואוהין פאהרט איהר? וואס איז דען?

— מיר פאהרען דאך מארגען אב נאך בערלין. א האלבע שטאדט איז שוין דאך ארויסגעפאהרען!

— אבער צו וואס? וואס טהוט זיך דא? — האט ער געפרעגט פערוואונדערט.

— וואס רעדסטו?! ווער עס קאן נור, אנטלויפט. אין אזא סכנה!

מישא'ן איז מיט אמאל אלץ קלאהר געווארען. אין ערשטען אוי־גענבליק האט זיך איהם פארגעשטעלט א בילד פון מיטעל־אלטער, ווי אידען ציהען אב פון א שטאדט, פון וועלכער מען טרייבט זיי ארויס. זייערע קאסטענס אויף די רעדלעך שטעהען שטענדיג גרייט יעדע

מינוט אבצוציהען. ער האט זיך דערמאהנט אן קאסטען מיט די רערלעך, וואס שטעהט ביים פעטער, א ירושה פון עלטער־עלטער־זיידען. ער האט זיך געפיהלט, ווי ער איז נאך אין מיטעל־אלטער, אין שפאניען, א נאכט פאר'ן גירוש, אלע אידען פאקען די זאכען איין און ציהען אב... אבער באלד האט ער זיך דערמאהנט אן „ראוו". אהן די שוהל, אן יענע אידען, אן גאנצען אידישען פאלק, וואס בלייבט איבער און מיט אמאל דערפיהלט די גאנצע געמיינהייט, פחדנות און בעל־הבת'ישען עגאאיזם, וואס ליעגט אין דעם אנטלויפען, און עס האט איהם אנגענומען א שרעק און אנ'עקעל פאר זיינע עלטערן און ער האט אויסגעשריען מיט אן אונמענשליכען קול:

— אבער וואס טהוט איהר? וואוהין אנטלויפט איהר? אומגליקליכע! וואוהין אנטלויפט איהר?

— אבער קינד, וואס טהוט זיך מיט דיר? — איז די מוטער צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און געפרואווט צו בעריהרען זיין קאפ. מישא האט זיך ארויסגעריסען פון איהר.

— און וואס זאלען טהאן די, וואס האבען נישט קיין געלד צו אנטלויפען? וואס לאזט איהר זיי איבער? איהר פערשטעהט, וואס איהר טהוט. איהר פערשטעהט, ווי איהר האנדעלט? איהר פערשטעהט? —האט ער געשריען,ווי א טיער, וואס איז פערוואונדעט געווארען.

— אבער, קינד, וואס זאלען מיר טהאן? מיר מוזען זיך ראטעווען. ווער עס קאן, דער ראטעוועט זיך — אבער בערוהיג דיך, בערוהיג דיך, גיב דאך דעם שליסעל, מיר ווילען דיינע זאכען איינפאקען.

— וואס! און מיך ווילט איהר אויך מיטנעהמען מיט זיך? ניין, ניין! פאהרט, אנטלויפט, — איך געה נישט מיט אייך. זאלען זיי קומען, איך בין גרייט צו די פאגראמען, איך בין גרייט.

דער פאטער איז אריינגעקומען צולויפען פון דער צווייטער שטוב אין קאפעל, האלטענדיג אין דער האנד א פאק פאפיערען, געלד און צירונג, וואס ער האט געהאלטען אין איינפאקען, און געפרעגט מיט פערוואונדערונג:

— וואס איז געשעהן?

— אבער, קינד, וואו וועסטו בלייבען? בערוהיג דיך, בעדענק דיך, יעדער ראטעוועט זיך, ווער עס קאן נור. בעדענק דיך, וואו

וועסטו בלייבען, וואו וועלען מיר דיך לאזען? בערענק דיך, וואס רערסטו? — האט זיך די מוטער געבעטען אין טרעהרען.

מישא האט געקוקט מיט פערראכטונג אויפ'ן פאטער מיט די צירונג אין דער האנד, און האט געשריען צו איהם:

— אח, ווי פעראכט איך אייך! גאנץ גוט אזוי, גאנץ גוט אין אלץ וואס עס קומט אויף אייך, און וואלט איך ניט געגלויבט אין דעם נייעם דור, וואס וועט קומען נאך אייך, אין דעם נייעם דור, וואס וועט בעסער זיין פון אייך, וואלט איך מיט ליעבע אן ענדע געמאכט צו מיין טרויעריג לעבען, — און ער איז האסטיג ארויס פון שטוב.

די מוטער האט זיך אויפגעכאפט, גענומען א טוף:

— דאס קינד איז קראנק. מישא, מישא! — איז זי איהם נאכ־געלאפען אין קארידאר ביז פון הויז ארויס, — מישא, מישא, וואוהין געהסטו! מישא, מישא!

מישא איז געלאפען, ווי עס וואלט איהם ווער נאכגעיאגט, אב־געשטעלט זיך אין מיטען גאס, ארומגעקוקט זיך. די גאס איז שוין פינסטער געווען, אלע געוועלבען פערמאכט, די לאמטערנס פערלא־שען, און עס האבען זיך געהערט די טריט פון די זעלנער, וואס זיינען געגאנגען מיט די ביקסען אין גאס. ער האט מיט אמאל דערפיהלט זיין גאנץ עלענדקייט. וואוהין געהט מען? וואוהין געהט מען? ער האט זיך אן עפיס דערמאהנט און האט אנגעהויבען צו געהן מיט פלינקע טריט אריין אין „ראוו" און אנגעקומען פאר דאקטאר לייזער־ראוויטש'עס הויז. דער לאדען איז שוין צו געווען, נור אינווייניג האט די לאמפ נאך געלויכטען. ער האט אריינגעקוקט דורך א שפאלט פון לאדען. ראחעל איז געווען איינע אליין ביים טיש און האט איבערגעזעצט דאס בליהעכץ פון איין קאסטען אין צווייטען אריין. ער האט אנגעקלאפט:

— איך בין עס, מישא.

— אה, מישא, ווי גוט איז, וואס איהר זייט געקומען, — האט זי מיט פרייד אויסגערופען, אבער באלד איבערגעריסען און געקוקט איהם אין די אויגען אריין: פארוואס זייט איהר אזוי טרויעריג?

מישא האט זיך קוים איינגעהאלטען פון טרעהרען. ער האט גע־רעדט ערנסט:

— לאזט מיך דא זיין מיט אייך, איך האב נישט קיינעם, — האט ער נישט געענדיגט זיין זאץ. ער האט דערפיהלט ראהעל׳ס קאלטע הענד אויף זיין קאפ, אויף זיין פנים, אויף זיין האלז.

— אבער, מישא, מישא, טייערינקער מישא, — האט זי אויסגע־רופען אויף אידיש.

## דאס דרייצעהנטע קאפיטעל.

מאקסימאוויטש איז געווארען א בעשטענדיגער גאסט ביי קאוואל־סקי׳ן און האט זיך זעהר דערנעהענטערט צו מערי׳ן.

מערי איז פיר איהם געווארען איינע פון יענע נשמות ביי וועלכע ער האט דערוואריעמט און אויפגעפרישט זיין ביסעל צו־אלט נעמיטה.

ער האט ליעב געהאט יוגענד, און דאס יונגע פאר, וואס האט אלץ אוועקגעווארפען און וואוינט זיך בעזונדער דא, אויף דעם „אסטראוו״, האט איהם ענטציקט. ער פלעגט זיך דארט געפינען יעדען פאר־נאכט צום קאפע, און האט זיך צוגעוועהנט צו זיי, אז עס איז געווארען זיין געליעבט היים. ער האט געפיהרט מערי׳ן איבער פעטערבורג, אין „ערמיטאזש״, שעה׳ן אבגעשטאנען פאר די רעמבראנדטישע קעפ און איהר דערצעהלט די געשיכטע פון יעדען בעדייטענדען בילד, ווי אזוי עס איז אנגעקומען אין „ערמיטאזש״. ער איז געקראכען אין די פארצעלאן־אבטהיילונג, מיט ליעבע בעטראכט יעדען טעלער בעזונדער און מיט מערי׳ן געטהיילט זיינע אנשויאונגען. פאר איהר איז ער געווען אויפריכטיג, האט אויפגעעפענט זיין גאנץ הארץ, אויסגעגאסען זיין כעס אויף דעם סיסטעם פון רוסישען ביוראקראטיזם, וואס האט אריינגעבראכט אין „ערמיטאזש״ א סך אונעכטע בילדער, און האט זיך אבגערעכענט מיט זיי פאר דער אכטצעהן־יעהריגער מיידעל.

— געקומען פיאטער אין א רינשטאק, צווישען זומפען, און האט געזאגט: „דא, וויל איך, זאל זיין דער פונקט פון דער וועלט״ — און עס איז געווארען! און הונדערט מיט דרייסיג מיליאן מענשען, צר וואַרפען אויף א זעקסטעל פון דער ערד, ארבייטען אויף דעם פיתום ורעמסס, וואס פיאטער האט געגרינדעט, יאגען פון זיך ארוים זייערע קרעפטען און שפייזען דעם רינשטאק, וואס הייסט פעטערבורג. פון

די פוילישע סאלאנען און שלעסער האט מען די בילדער ארויסגע־שלעפט, צושטערט א קולטור פון הונדערטער יאהרען און צוזאמענ־געשלעפט זיי אויף איין ארט, אהן טעם און אהן סיסטעם, קיין מענש זעהט זיי נישט, קיין רעכטע פאטאגראפיע איז דאך ס'מאל נישטא פון זיי. האט איהר שוין געזעהן א ריכטיגע אבבילדונג פון די בילדער אין „ערמיטאזש"? ווייסט דען די וועלט פון רעמבראנדט'ס בעסטע בילד: „דער צוריקגעקומענער זוהן"? נא, קוקט דארויף, זעהט דאס פנים פון דעם יונג, וואס דרעהט זיך איין אין פאטער'ס שויס. איז ער נישט ווי א קאלב, וואס בעהאלט זיין קאפ אונטער דער קוה'ס ברוסט? דאס איז דאך דאס פרימיטיווע געפיהל, דאס נאטור־געזעץ, וואס שטעקט אין יעדען שטאנג פון א בלום, קען עס די וועלט? זיי זיינען אין די מעטשעטען פון קאווקאז אריינגעקומען, האבען די טייערסטע קרוגען ארויסגענומען, וועלכע ענטהאלטען אין זיך טרעהרען פון פעל־קער; געטער, צו וועלכע נאציאנען האבען געבעטען, און האבען זיי אין דעם פינסטערען קעלער פון „ערמיטאזש" איינגעגראבען. די געהיימניספאלע געטער פון די מדבריות, וועלכע זיינען דורכגע־בריהט מיט זונגען־שטראהלען פון פיער טויזענד יאהר, האט מען דא, ביי די רינשטאקען פון פעטערבורג אויפגעשטעלט. די זון שיינט דאך קיינמאל ניט איבער זיי, זיי זיינען פערהילט אין פינסטערע חמארעס. קוקט אויף די צוויי ספינקסען, וואס שטעהען ביי דער נעווא! זיי בענקען דאך צוריק אין דער מדבר אריין, נאך די זון, וואו די מענשען זיינען געקומען געבלאנדזשעט צו זיי, עולה רגל זיין, האבען געשלאגען די שטערנס צו דר'ערד און געפרעגט ביי זיי בעשייד אויף דאס רעטעניש פון לעבען. און דא, צו וואס דיענען זיי? ווער קוקט זיך אויף זיי ארום? די איזוואזטשיקעס בינדען אן די פערד ביי זייערע העלזער. איך בין אמאל אדורכגעגאנגען, האב איך געזעהן, ווי א שכור'ער גוי שטעהט און פארעט זיך ארום די ספינקסען — האב איך אין דעם געזעהן דעם סימוואל פון רוסלאנד. אויף דעם רינשטאק, וואו מען האט דעם שטענדיגען קאטאר, אויף דער פייכטקייט, וואו דער מענש איז שטענדיג פערקיהלט, ארבייט גאנץ רוסלאנד. עקסטרא־צוגען געהען אב פון ניצא מיט די שעהנסטע בלומען פון דער רעוויערא, און ווי זיי פיהלען נור די לופט פון פעטערבורג, ווערען זיין פער־שמאכט. איז דען א וואונדער, וואס אויף דעם זומפ האט געפינט

אויסוואקסען אזא ווילדע שרעקענדע פרוכט, ווי דאסטאיעווסקי. יעדער צווייטער מענש אין פעטערבורג איז דאך דאסטאיעווסקי'ס א טיפ — דאס איז די לופט שולדיג, די פייכטקייט און די טונקעלע חמארע, וואס הענגט ווי א קללה איבער פעטערבורג.

נעשטעקט האט ער מיט'ן קאפ אין דער רוסישער קולטור, איז געווען א טרעגער פון איהר און א שעפפער פון איהר, און א טיעפע שנאה איז געלעגען פערהוילען אין די ביינער פון דעם אידען צו אלץ, וואס איז רוסיש.

— געהען מאכען א רעוואלוציע — ווער? דער רוסישער פויער — האט ער געשימפפט איבער דער רעוואלוציע פאר מערי'ן, — זייער לופט איז דאך אנגעשטעקט מיט פראוואקאציע, אהן צו ווייסען און אהן צו וועלען. ווייסטו דען, וואס דער רוסישער פויער וועט וועלען אין צוויי שעה ארום? עס איז דאך א מאטעריאל וואס האלט אין קאכען. זיי שטעהען דאך נאך אין דער פאר־היסטארישער צייט. מען האט זיי מיט געוואלד א קריסטליכע רעליגיאן אנגעווארפען, און זיי האבען נאך א נטיה צו די ווילדע געטער, צום אנטלויפען פון די דערפער, געהן אין די סטעפעס און פערברענען זייערע קינדער. און מיט דעם זאל איך שותפות מאכען, מיין גורל פערבינדען מיט זיינעם! ניין, דאס מוז מען נאך מיט דער רוט שלאגען. איך וועל ליעבער האבען צו טהאן מיט דעם וואס שלאגט זיי; ער האט דאך מעהר מענשליכע בעדערפנישען.

אזוי פלעגט ער זיין כעס אויסגיסען אויף דער שטאדט, אויף פעטערבורג, אויף די מענשען, וועלכע זיינען איינגעטונקט אין דער רעוואלוציע און האבען אן איהם פערגעסען. אזוי פלעגט ער זיך שטעלען פאר דער אכטצעהן־יעהריגער מיידעל, פאר וועלכע ער האט אנגעהויבען צו פראנטעווען, זיינע גרויע האהר אביסעל אונטערגע־פארבט און נייע שווארצע וועסטען זיך געניהטם.

און מענשען האבען געקוקט דערויף, וואס ער טראגט זיך אין דער ערנסטער צייט מיט אן אכצעהן־יעהריגע מיידעל און האבען געלאכט אין די פויסטען: „אהא, מאקסימאוויטש האט שוין ווידער עפּיס געפונען".

מערי'ן האט זעהר אימפאנירט, וואס אזא געבילדעטער און בער־וואוסטער מענש געהט מיט איהר ארום. זי האט איהם ליעבליך יעדען

פריהמארגנען צוגעשמייכעלט און געקומען פינקטליך צו די „ראנדע־וואוס“ אין די מוזעאומס, הערצליך געפלוידערט מיט איהם אין די פאר־נאכטען אין דעם טונקעלען קליינעם סאלאן, ביי דעם זידענדען טערקישען קאפע־קאן. אמאל, אזוי גאר, ווי אונבעמערקט, האט זי זיינע האאר געגלעט, איהם איבערראשט מיט א קראוואטע אדער מיט אנ'אלטער גראוויורע. עס איז נישט בלויז געווען א בעציהונג ווי צו א פעטער, ניין, נור עפּיס א רחמנות, אויסגעמישט מיט א מאדנעם געפיהל, וואס זי ווייסט עס נישט ווי אנצורופען, האט זי ארומגענומען צו דעם שטאלצען, ליידענדען קונסט־קענער.

מאקסימאוויטש פלעגט דאן טהיילמאל פאר איהר אויסטהאן זיין מאסקע און זיין געזיכט פלעגט אננעהמען זיין נאטירליך טרויעריג אויסזעהן, נור בעגאסען זיך מיט'ן שמייכעל פון גליק און אמת'ן נחת.

## דאס פערצעהנטע קאפיטעל.

קאוואלסקי האט געקוקט אויף מאקסימאוויטש'עס בעציהונג צו מערי'ן זעהר גלייכגילטיג און אפילו מיט סימפאטיע. ער האט גע־וואוסט, אז מערי קאן פון דעם אלטען קונסט־קענער זעהר פיעל לער־נען. ער האט בעמערקט א שמייכעל ביים עולם צו מאקסימאוויטש'עס ארומטראגען זיך מיט דער „אכטצעהן־יעהריגער“ (מאקסימאוויטש'עס שוואכקייט איז געווען איבעראל בעקאנט). קאוואלסקי'ן איז געגאנ־גען אום מערי'ס כבוד, ער האט זי געוואלט מאכען אויפמערקזאם — נור עס איז ניט געווען אויף וואס. מאקסימאוויטש'עס בעציהונגען צו מערי'ן האבען איהם אויסגעזעהן אזוי נאאיוו, אונשולדיג און אויסער קאנקורענץ, אז עס האט איהם א רחמנות ארומגענומען צו דעם אלטען פעראיינזאמטען קונסט־קענער. האט ער נאך אליין מערי'ן צוגערעדט צו דער פריינדשאפט.

— זיי גוט צו מאקסימאוויטש'ן, זיי גוט, קינד, עס איז א רחמנות אויף איהם, און ער האט דאך דיך אזוי ליעב.

דערצו איז קאוואלסקי געווען די לעצטע צייט זעהר פערטראגען, בייז און אויפגערעגט. דערצו האט איהם געבראכט נאטאליא מיכאי־לאוונא — די דאמע פון דעם בעקאנטען סאלאן. פון דער ערשטער

צייט אַן, ווען קאָוואַלסקי איז נור קיין פּעטערבורג געקומען און מען האָט פון איהם אַנגעהויבען צו רידען אין די קינסטלערישע קרייזען, איז איהר געגאַנגען אום דעם, אַז ער — ווי יעדעס שטיקעל „בעריהמט־הייט“ אין פּעטערבורג, — זאָל פערליעבט זיין אין איהר. נור זינט מערי האָט זיך בעוויזען, אַלע האָבען אַנגעהויבען ריידען פון איהר און זי האָט ביי איהר גאַר אינגאַנצען צוגענומען מאַקסימאָוויטש'ן. וועלכער זיצט ביי איהר גאַנצענע טעג, איז עס פּשוט געגאַנגען אין איהר ווייבערשער עהרע, אַבצונעהמען קאָוואַלסקי'ן פון מערי'ן. זי האָט געזעהן אין איהר אַ קאָנקורענט און האָט איהר געוואָלט ווייזען איהר מאַכט. און זי האָט אַנגעהויבען צו פייניגען קאָוואַלסקי'ן מיט איהר צודרינגליכקייט. זי האָט געזעהן מיט אַלע מעגליכקייטען זיך צו טרעפען מיט איהם אַליין, געוואָרפען צו איהם אַ צווייידייטיג וואָרט, אַ בליק, אַ קרעכץ, אַנגעטהאָן זיך פאַר איהם, און וויפיעל ער האָט מיט זיך נישט מלחמה געהאַלטען, און וויפיעל ער האָט זיך נישט בעמיהט זי אויסצומיידען, דאָך האָט ער זיך מיט איהר בעגעגענט. צי איז דאָס געווים אַ צופאַל, צי האָט זיך דער יצר הרע פאַר זיי גענומען — זי האָט איהם כמעט געזעהן יעדען טאָג און זי האָט איהם אַלץ מעהר זיינע נערוועז געררייצט מיט איהר ווייבליכען שעהנעם קערפּער.

קאָוואַלסקי האָט בעקומען אַנ'איינלאַדונג צו עפענען די „אויס־שטעלונג פון די פרייע רוסישע קינסטלער“. מאַקסימאָוויטש האָט זיי אָבגערעדט דאָרט אַהין צו געהן. מאַקסימאָוויטש איז איבערהויפּט מעהר נישט געגאַנגען נישט אויף קיין היינטיגע אויסשטעלונגען, נישט אין טהעאַטער אריין און נישט געלעזען קיין בוך פון אַ היינטיגען אויטאָר. „סאָציאַל־דעמאָקראַטען“ — האָט ער געשימפּפט. מערי האָט אויך נישט געוואָלט געהן. זיי האָבען איבערהויפּט געזעהן אויס־צומיידען מענשליכע געריידעריי, און מערי און קאָוואַלסקי האָבען זיך אַלץ זעלטענער צוזאַמען געוויזען. קאָוואַלסקין האָט דער יצר הרע געצויגען — צי ער האָט יאָ געוואוסט דערפון, צי נישט. ער האָט באַלד דאָרט געטראָפען אויף דער ערעפנונג נאַטאַליאַ מיכאַי־לאָוונאַ. זי איז געווען אַנגעטהאָן אין אַ בלוי סאַמעט קלייד מיט פוטער בענייהט אין אַ טיעפען דעקלאַטע, פון וועלכען עס האָט זיך איהר רונדיגע פולע ברוינליכע ברוסט אַרויסגעגאַסען, ווי אַ רייפע קאַרש מיט טוי בעדעקט... זי האָט זיך באַלד דערנעהנטערט צו איהם

4

מיט דעם בעקאנטען פערבענקטען שמייכעל אויף איהרע פרישע רויטע ליפען, פון וועלכע עס האבען זיך ווי פער'חלש'ט ארויסגעוויזען איהרע ווייסע עלפאנט־ביינערנע צייהן.

די ערעפנונג איז געווען גוט בעזוכט פון דעם עלעגאנטעסטען פעטערבורגער פובליקום, האלב עקזאטיש אנגעטהאן אין לעסער'ס סטיל, וואס איז דעמאלט געווען די מאדע אין פעטערבורג. אטהענישע אפראדיטען האבען זיך דא געוויעזען מיט געשפאלטענע העלע קליידער, פון וועלכע עס האבען זיך ארויסגעוויזען די ראזען־לייבעדיגע פיס פון די זיידענע לאנגע שטרימף. עס האט גערוישט דאס זיידענס און די שפיצען האבען געשוימט, ווי דער שוים פון ים. עס האבען געבלאנקט די שווארצע אויגען־ברעמען און די זיידענע האהר־טואלעטע. זיי האבען זיך דערוויטערט אין אנ'אבגעלעגטען קליינעם סאלאן און אבגעשטעלט זיך פאר א נאקעטער מיידעל מיט שרעקליכע דינע געטאקטע הענד און פיס און האבען בעטראכט שווייגענדיג דאס בילד.

— און איהר דענקט, אז דאס ווייבליכע, וואס די פרוי גיט איבער דעם קינסטלער האט ניט קיין דויערנדען איינפלוס אויף זיין קונסט? — האט נאטאליא מיכאילאוונא איהם געפרעגט, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אריין, וועלכע זיינען שטעהן געבליבען אויף איין ארט, און געוויזען איהרע פער'חלש'טע ווייסע צייהן פון איהרע ליפען ארויס.

קאוואלסקי האט נישט געפרובט די אויגען אראבצונעהמען. מיט א פער'חלום'טען ברומען האט ער איהר בליק אנטקעגען גענומען און האט געענטפערט:

— ניין, איך קען מיינע קאלעגען צו־נוט.

פון די ווייטערדיגע סאלאנען האט זיך פערנומען דאס גערויש פון די זיידענע טואלעטען איבער די טעפיכער און א שטיל פליסטערן פון די הערען.

— ווי מיינט איהר דאס? — האט נאטאליא איהם געפרעגט, האט הויך אבגעעטעמט הארט נעבען איהם, און איהר ברווינליכער דעקאלטע האט זיך נעהויבען פון די ארומגענייהטע שפיצען ביי איהר קלייד, און א הויך, מעהר פון איהר לייב, ווי פון דעם ארכידעאוספערפום, וואס האט זיך געטראגען פון איהר דעקאלטע, האט ארומגעכאפט זיין אטעם און איהם פער'שכור'ט.

— א, איך קען מיינע קאלעגען צו־נוט, — האט קאוואלסקי ווי־דערהאלט זיינע ווערטער א ביסעל בייז, — ווען מיר וואלטען אויפ־גענומען דאס אלץ, וואס יעדע וויל פון איהר איינענס ביי אונז לאזען, וואלט שוין גארניט איבערגעבליבען פאר ס'אייגענע.

— און דאס אלץ — געמאסטען מיט דער **אייגענער** מאס, — האט זי געזאגט מעהר מיט איהרע אויגען, ווי מיט איהרע ליפען.

— איינע מעהר, די צווייטע וועניגער. נור עס איז אינטערע־סאנט. יעדע פרוי, מיט וועלכען קינסטלער זי קומט צוזאמען, זוכט מיט אלע מעגליכקייטען איהם צו בעאיינפלוסען מיט איהר אינדי־ווידואליטעט. עס איז זיי וועניג דאס ליבע, זיי מוזען אויך נאך א חלק האבען אין דער נשמה. און דאס איז יעדע. מיט אנ'אמת, — האט ער זיך מיט א פערלעגען שמייכעל געווענדעט צו איהר, ווי ער וואלט איהר געוואלט פערגעלטען פאר דעם רויטען בלוט־פלעק, וואס זיינע ווערטער האבען ארויסגערופען אויף איהר געזיכט, — מיט אנ'אמת, האט איהר נישט בעמערקט, א פרוי געהט גאנץ אנדערש צו צו א קינסטלער, ווי צו יעדען אנדערן מאנספערשוין? און דאס יעדע, אפילו אזעלכע, וועלכע ער טרעפט צופעליג, דורכגעהענדיג, קוים ווערט זי געוואהר, אז יענער איז אויסער מאן נאך א קינסטלער, לאזט זי באלד פאלען דאס, וואס האט זיי אייגענטליך צוזאמענגעפיהרט, און הויבט באלד אן צו צו־ווינקען צו זיין קונסט, ווי זיי וואלטען אזוי ארום געוואלט ווייזען זייער אונפעהינקייט צו זיין אליין פראדוקטיוו, נור צו ווירקען אויפ'ן צווייטען.

זי האט איהם אנגעקוקט און האט ווידער לייכט געשמייכעלט.

— גלויבט איהר נישט אז קינסטלער זיינען ווי די ביהנען, וועלכע פליהען ארום איבער די בלומען, און די בלומען — דאס זיינען מיר, פרויען, פון יעדער פון אונז נאגט איהר אויס דעם זאפט, — האט נא־טאליא געזאגט, געווארפען אויף איהם א פערשעמט שמייכעלע און אראבגעלאזט די אויגען צו דר'ערד.

אין דעם קליינעם סאלאן האבען זיך אנגעהויבען ווייזען די געסט פון דער אויסשטעלונג. אייניגע דאמען אין פאנטאסטישע קליידער, געפיהרט פון א יונגען מאלער מיט לאנגע צושויבערטע האהר, אין א קורץ רעקעל, פון וועלכען עס האבען זיך ארויסגעזעהן זיינע צו־לאנגע הענד, זיינען אריין אין דעם סאלאן, וואו דער יונגער מאלער האט

צונעפיהרט די דאמען צו זייגע סקיצען, וועלכע זיינען געהאנגען אויף דערזעלבער וואנד, וואו נאטאליא און קאוואלסקי זיינען געשטאנען, און האט אנגעהויבען די דאמען צו ערקלערען דאס גיי־ערפונדענע ליכט פון זיינע סקיצען. נאטאליא און קאוואלסקי האבען אבגעהאקט זייער געשפרעך און אנגעהויבען ריידען פון עטוואס אנדערש.

— האט איהר שוין געזעהן די נייע טעפּיכער, וואס דער אגענט פון מיין פאטער׳ס פאבריק האט מיר מיטגעבראכט פון פערסיען?

— ניין.

— דאס מוזט איהר זעהן, עס וועט אייך זיין זעהר אינטערע־סאנט.

— ביי א געלעגענהייט.

— האט איהר איצט עפּעס וואס בעסערס צו טהאן? ווילט איהר דען נישט געהן? איך גלויב, מיר האבען שוין אלץ געזעהן.

— איך בין גרייט.

זיי האבען דעם סאלאן פערלאזט. אין קארידאר פרעגט נא־טאליא:

— וואו איז מערי? פארוואס האט איהר זי נישט מיטגעבראכט?

— זי האט נישט געוואלט געהן. זי האט בעזוך. איך גלויב אז מאקסימאוויטש וועט היינט זיין ביי אונז, מיר זאלען אינאיינעם געהן צו דעם אבענד צו סאפיא אנדרייעוונא.

— וואס, איז ער אפּט ביי אייך? אח, דער מאקסימאוויטש! זינט ער האט געזעהן אייער מערי, ווייזט ער זיך נישט מעהר, זייט איהר נישט אייפערזיכטיג? — האט זי זיך געווענדעט צו קאוואלסקי׳ן.

קאוואלסקין איז שרעקליך אונאנגענעם געווען דאס געשפרעך. ער האט׳ס איבערגעריסען מיט שוייגען.

— ווילט איהר דען נישט מיך אהיים בעגלייטען? איהר וואלט באלד די טעפּיכער געזעהן.

— איזוואשטשיק! — רופט דער שווייצאר צו א שליטען.

— מען דארף נישט, — ווינקט זי מיט דער האנד צום שווייצאר,— איך האב ליעב דעם פעטערבורגער פאר־נאכט. אזוי זעלטען האבען מיר דא די זון, דאס לעצטע ביסעל, — זאגט זי צו קאוואלסקי׳ן, — וועלען מיר נישט צו־פוס געהן?

— ווי איהר ווילט.

אין פעטערבורג קומט זעלטען ווען אריין די זון אין ווינטער־צייט. נאר קוים קומט זי שוין אמאל אריין, שטעהט זי א גאנצען טאג מיט אזא הערליכקייט, מיט אזא פראכט, אז עס דאכט זיך, אז זי וואלט געוואלט אבנעהמען פאר דער גאנצער צייט, וואס זי איז נישט געווען. לאנגזאם, גאנץ לאנגזאם איז זי אויסגעגאנגען אונטער דעם גאלדענעם נאדעל־שפיץ פון פעטראפאוולאווסקי. דער גאלדענער נאדעל־טורם, האט זיך געדאכט, צוגעהט זיך אין דעם ברענענדיגען ליכט. די הייזער זיינען געווארען בענאסען מיט אזא פאנטאסטישער בעלויכטונג, אז עס האט זיך געדאכט, ווי דאס קומט ארויס אויס א לעגענדע; ווי ליכטיגע זונען וואלטען ארומגעבלאנדזשעט איבער די בעשנייטע גאסען, כאטש די קאנאלען האבען זיך שוין געהילט אין טונקעלן אבענד.

א קליינע צייט זיינען זיי געגאנגען אהן א ווארט צו ריידען. איינגעהילט אין איהר לאנגען פאקענעם זשאקעט, האט זי ארויסגעוויזען איהר פולען קארשען־קאפ. איהר פנים האט געברענט, און מען האט געהערט, אז איהר הארץ שלאגט אין דעם נאקעטען דעקאלטע הינטער דעם ווייסען פוטער פעלץ. זי האט אונבעהאלפען־קינדיש איייניגע מאל איבערגעווארפען איהרע ברענענדיגע אויגען אויף קאוואלסקי'ן, וועלכער איז געגאנגען נעבען איהר עפעס בייז און דעם קאפ אראבגעלאזט צו דר'ערד. זי האט אייניגע מאל הויך אבגעקרעכצט און דער ווארימער דופט, וואס האט געשלאגען פון איהר, האט ווידער געהויכט אויף קאוואלסקי'ן און ער האט זיך נישט אומגעקוקט, ווי ער וואלט מורא געהאט א ווארט ארויסצוריידען.

זי איז פלוצלים שטעהן געבליבען, ווי אונבעהאלפען. איהר טיעפער קאלאש איז אראבגעפאלען פון איהר פוס, און דער קליינער געטאקטער לאק־שוה מיט איהר זיידענעם שווארצען שטרומפף איז געבליבען הענגען אין דער לופטען, איבער דער פעטערבורגער בלאטע. קאוואלסקי האט איהר דעם קאלאש דערלאנגט. זי האט צו איהם אפיר געקוקט פון איהר טיעפען הוט און געוויזען איהם דעם איידעלען אויסגעטאקטען פוס.

— פארוואס זייט איהר אזוי שלעכט צו מיר היינט? — האט זי פלוצלינג געזאגט און געקוקט איהם ווידער אין די אויגען אריין.

— איך בין שלעכט? איך ווייס עס גארנישט! — האט קאוואלסקי ווידער געשמייכעלט און ווידער נים געקאנט איבערטראגען דעם ברען פון איהרע אויגען.

— יא, איהר זייט צו מיר זעהר שלעכט היינט, זעהר שלעכט, — האט זי געזאגט און געביסען איהר אויבערשטע ליפּ מיט איהרע ווייסע אלבאסטער־צייהן.

— פיליכט ווילען מיר פאהרען, צו איך איז נאך אזוי ווייט — האט ער געזאגט אויפגערעגט.

— איז איהר ווילט, ווילען מיר פאהרען.

זיי האבען צוגערופען אג'איזוואשטשיק און געזאגט דעם אדרעס.

לאנג זיינען זיי געפאהרען און האבען צווישען זיך קיין ווארט נישט גערעדט, יעדער אין זיין זייט געקוקט. פלוצים האט זיך קאוואלסקי אומגעקערט און געקוקט איהר אין די אויגען אריין.

זי האט זיין פנים נישט דערקענט, עס האט געפלאמט און די אויגען זיינען איהם אנדערש געווארען, גרעסער און געלויכטען אין זיין פנים; ער איז געווען ערנסט, נור צורודערט און איהר געקוקט גלייך, גלייך אין די אויגען אריין.

זי האט פון איהם איהר בליק נישט אוועקגענומען. דאגעגען, זי האט זיך געלאזט בעטראכטען פון איהם, אויסגעשטעלט דעם פלאם פון איהר אויג נעגענאיבער זיינעם און געלאזט אפען איהרע חלש'דיגע ווייסע צייהן. פון אונטער איהר פעלץ האט זיך געטראגען דער וואַרימער אטהעם פון איהר קערפּער אינאיינעם אויסגעמישט מיט ארכידעען־געשמאק. קאוואלסקי האט געטרונקען דעם געשמאק מיט אן אפען מויל. אזוי האבען זיי זיך אנגעקוקט, ווי צוויי טיער א לאנגע מינוט.

זי האט געוואוסט, אז זי זיצט איצט און האט שוין קיין ווארט נישט גערעדט, נור מיט דעם טריאומפירענדען שמייכעל, וואס איז אזוי אייגען דער ארט פרויען, האט זי געשמייכעלט און געלאזט זיך אויפעסען פון קאוואלסקי'ס דורשטיגע בליקען.

אז זיי זיינען אנגעקומען ביים קארידאר, האט זי שוין געפרעגט גאנץ גלייכגילטיג:

— איהר געהט מיט ארויף?

— געווים, איך בין דאָך נייגעריג צו זעהן די טעפּיכער, — האָט ער פערקרימט די ציינער.

זי האָט אין זיך געשמייכעלט און, טריאומפירענדיג, פריהער ארויף אויף די טרעפּ.

אז זיי זיינען אין צימער אריין און די דיענסט האָט פון איהר דעם מאַנטעל און הוט אראָבגענומען, האָט זי איהם אין סאַלאָן אריינגע־פיהרט און געוויזען איהם די טעפּיכער, וועלכע זיינען געלעגען אויס־געלעגט אזוי נור, זיי צו בעטראכטען.

— נישט וואהר, שעהן, בעזעהט, מיכאיל, — האָט זי געשמיי־כעלט, — פערצייהט, איך קום באלד אריין.

זי איז ארוים פון צימער מיט קליינע רוהיגע טריט, צוריקוואר־פענדיג דעם קאָפּ הינטער זיך.

ער האָט נאָכגעקוקט איהרע שעהנע, געטאָקטע פיס, איהרע טריט, וואָס זיינען געווען ריטמיש און גלייך, ווי זי וואָלט געזונגען מיט איהר גאַנצען שווארצען, חנ'עוודיגען קערפּער, וואָס האָט זיך איצט ווי א פולע פרוכט ארויסגעגאָסען פון איהר זיידען קלייד, און אויפגעגעסען יעדע בעוועגונג איהרע.

אז זי איז פערשוואונדען, האָט ער זיך ארומגעקוקט אין דעם האַלב־טונקעלן צימער, און א גרוים געלעכטער, אויסגעמישט מיט פער־דרוס, האָט איהם ארומגענומען אויף זיך. „שעהנע צייטען“, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — „מען האָט דיך געפאַנגען, קאַוואַלסקי, — מיט וואָס מען נעהמט דיך?!... אח, איך קען דאָך די שטיק! מיך וועסטו נישט נעהמען, וועסטו נישט נעהמען“, — האָט ער צו זיך געזאָגט, אנגעהויבען ארויף און אראָב צו געהן איבער'ן צימער. „אבער, וואָס טהו איך דאָ?“ — האָט ער צו זיך געזאָגט, — „אריינגעפיהרט מיך אין סאַלאָן און איבערגעלאָזט מיך דאָ אין טונקעלהייט. און וואָס וואָלט געווען ווען איך געה אזוי אוועק איצט און לאָז זי איבער? נאָ, מיך נעהמט מען נישט מיט אזעלכע זאכען; אח, וואָלט דאָס געווען א שטיקעל, וואָלט דאָס געווען א שטיקעל“. אבער ער איז דאָך געבליבען און איז צוגעגאַנגען צו די טעפּיכער, זיי בעטראכטען ביי דער קאַרגער שיין פון דער טאָג־ליכט.

— נישט וואהר, דאס איז דאך רייצענד, — האט איהם אין פנים געגעבען א שלאג פלוצלינג דער דופט פון איהר דעקאלטע. ער האט געגעבען א קוק אום — זי שטעהט הארט נעבען איהם, אבער אזוי הארט, אז איהר ברוסט דערגרייכט די זייניגע, און איהרע לאנגע נאקעטע הענד האלט זי ארום איהרע געקרייזעלטע לאקען און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין מיט יענעם פער'חלש'טען שמייכעל אויף די ליפען און אבגעפרישט אינגאנצען מיט יונגען היר־פערפום, וואס דופטעט ווי א צויבער פון איהרע האאר און הארץ.

— נישט וואהר זיי זיינען שעהן, — ווייזט זי גלייכגילטיג אויף די טעפיכער.

קאוואלסקי האט זי פלוצלינג געגעבען א שליס־איין אין זיינע ארעמס און האט זי אנגעהויבען צו בערעקען מיט קושען, וויא א משוגע'נער.

— אבער גערענקט אין נאכט — מיין מאן איז דא, — האט זי נעפליסטערט אין דער שטיל און געריסען זיך פון איהם — מיין מאן, מיין מאן.

— טויזענד מענער איז מיר נישט קיין חלוק, — האט קאוואל־סקי געערדט הויך — זאל ער זיין, איך האב קיין מורא נים, און האט ליידענשאפטליך געקושט איהרע אויגען, איהרע האאר.

זי האט איהם פערשטעלט מיט דער האנד דאס געזיכט און געלאכט צו איהם מיט די אויגען.

— אבער נישט אזוי הויך, משוגע'נער, מיין מאן וועט הערען, ער איז דארט, — ווייזט זי אויפ'ן קאבינעט.

— געהט מיך נישט אן, — האט ער גערעדט בייז, ווי אויף זיך אליין, — זאל ער זיין, איך וויל אלץ, אלץ.

זי איז בלייך געווארען, געשיקט זיך ארויסגעדרעהט פון איהם און בעגאסען איהם מיט איהר ביסעל פערפום און גערעדט מיט א געהיימען פליסטערן:

— אבער בערוהיג דיך, משוגע'נער, בערוהיג דיך, מיין מאן איז אין דער היים.

ער האט זי אנגענומען שטארק ביי די הענד און זי האט געציטערט.

— מיט מיר שפּיעלט מען זיך ניט! איך האב לאנג מלחמה גע־האלטען. האסטו דוקא געוואלט זיך מיט פייער שפּיעלען, טא ביז אין לעצטען אריין, — האט ער אויסגעשריען און זי ארומגעחאפּט מיטביידע הענד, ברוטאל זי אויפ'ן דיוואן געווארפען און אנגע־הויבען איהרע ליפּען צו בייסען.

— אבער מיין מאן איז אין דער היים, געדענק אין גאט, — האט זי זיך געבעטען.

— זאל ער זיין, — האט ער איהרע ליפּען צוגעשלאסען מיט זיינע ציינער.

זי האט מורא געהאט פאר איהם, נאר זי האט שרעקליך ליעב געהאט איצט צו קוקען אין זיינע גרויסע אויגען אריין. זי האט זיך געטרייסעלט און מורא געהאט, אז די טהיר זאל זיך נישט עפענען, און אונטערגעגעבען זיך ווי א קעצעל אונטער א רעגען.

— ועסט געהערען צו מיר?

— יא.

— ווען זאל איך קומען?

— קום מארגען, פיער; איך וועל ארויסהענגען א רויט טיכעל אין ליפּטשיק, וועסטו זעהן.

זי האט נאך אויסגעשטרעקט איהרע קארשען־ליפּען צו איהם, איהרע פולע הענד, ער האט זיך ארויסגעמאכט פון איהרע הענד, ברוטאל זי אבגעשטופּט, און איז האסטיג ארויס פון שטוב, גע־חאפּט דעם פּעלץ, און אהן א ווארט צו ריידען האט ער די טהיר צוגעהאקט הינטער זיך.

קאוואלסקי איז אויפ'ן גאס ארויס. ער האט זיך געפיהלט פרייער און בעסער. עס איז שוין נאכט געווען. פון אומעטום האט זיך גע־נאסען דאס ליכט, די בעוועגונג איז געווען זעהר בעלעבט, און ער האט זיך אין מיטען דער מענגע געפיהלט ווי אין א נייער וועלט: ער האט געוואלט פלינק אנטלויפען פון דעם ארט, געחאפּט א איזד־וואשטשיק און געהייסען פאהרען. וואוהין — האט ער נישט געזאגט, און מיט דעם יאגען פון שליטען זיינען זיינע געדאנקען געלאפען. ער האט אנגעהויבען אליין זיך צו בעטראכטען, און מיט אמאל איז

איהם פאר די אויגען שטעהן געבליבען די גאנצע פעטערבורגער געזעלשאפט, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט, און די ראליע, וואס ער שפיעלט אין איהר — דער דאן־זשואן, וואס פערפיהרט די ווייבליך פון דער געזעלשאפט.

— וואס טהו איך דא? וואס דרעה איך זיך אין פעטערבורג ארום? — איך האב געמאלט א בילד און עס איז מיר איין מאל אין מיין לעבען געראטען צו נעהמען דערפאר טויזענד רובל, און שוין, און איך האב שוין גענוג. קיין פאריז נישט געפאהרען, קיין איטאליען נישט געפאהרען, נור זיץ אין פעטערבורג און שפיעל די ראליע פון גרויסען מאלער און פערפיהר מיידלעך און ווייבלעך, און לעב א גוטען טאג, א גוטען טאג. ער האט געפיהלט אז ער מוז אוועקפאהרען פון פעטערבורג, ווי צום גיכסטען, פלוצים פערשווינדען, ארויסרייסען זיך, אז נים — וועט ער דא זיין גאנץ לעבען שטעקען בלייבען. עס איז איהם מיאוס געווארען פעטערבורג, און ער האט זיך פערבענקט צו זיך אליין, אליין נור מיט זיין פענזעל, דארט הינטער'ן טיעפען וואלד אין די בערג און בעטראכטען יעדען טאג די זון און די בערג, דאס וואסער, וואס ברעכט זיך אין אייז, די שאטענס, ווי זיי לעגען זיך איבער'ן שניי. און וואהנען דארט אויפ'ן בוידעם־שטיבעל מיט זיין קאלעגע, דעם רוטענישען פויער בויטשוק, מיט וועלכען ער איז צוזאמען אין אקאדעמיע געוועזן. קיין געלד זאל נישט זיין, נור ברויט, ברויט א סך און א טונכעל מיט האניג, וואס בויטשוק'ס פאטער, דער פויער פון דארף, האט דעם זוהן פון דער היים געשיקט, און זיצען און טונקען דאס ברויט אין האניג און עסען, און ליעגען א גאנצען טאג אין די וועלדער אויף די בערגער און האפען וואלקען, וואלקען.

אח, האט זיך איצט איהם פערבענקט נאך וואלקען, נאך הימעל, נאך דער לופט, נאך די ריינע דורכזיכטיגע לופט, נאך דעם ריח פון דער ערד, נאך דעם שניי, וואס לעגט זיך איבער די בערגער, און נאך דעם אלטען הויכען „געקאנט", און נאך די פרישע טוי, וואס פאלט פון הימעל יעדען טאג און דעקט אלץ צו! ער וואלט צומארגענס בענעבען א געה ארויס און אריינגענומען אין זיך דעם רייגעם דורכזיכטיגען דופט (עס איז איהם עפעס אריינגעפאלען אין קאפ און ער האט געמאפט זיין קעשענע). הונדערט און פופציג האב איך נאך,

און וואס וואלט געווען, ווען איך חאפ זיך אזוי אויף, ווי איך שטעה און געה, און אוועק, היידא, אוועק...

ער איז שוין געפאהרען, ער האט שוין געזעהן, געפיהלט די לופט פון דער רייזע פון אויף יענער זייט פעטערבורג. אין הארץ האט געגע־בען א טרייסעל — מערי.

ער איז פערשעמט געווארען ביי דעם געדאנק. מערי — ער האט זי אין דעם אויגענבליק געזעהן אין אלע איהרע געשטאלטען, איהר גאנצע נשמה און ווען האט ער געפיהלט, אזוי ווי ער האט זי געקענט, — און ער האט זי געקושט אין זיך. זיין פנים איז בעלויכטען געווארען פאר גליק, אז זי געהערט צו איהם און פלינק האט ער געהייסען דעם איזוואשטשיק, אז ער זאל אהיים פאהרען. ער האט זי געוואלט די מינוט זעהן, זעהן זי, הערען זי, פיהלען זי און קושען זי, קושען זי — איהר גאנצע נשמה אויסקושען.

ער האט געבענקט נאך א גרויסען ליעבעס געפיהל, וואס זאל איהם איגגאנצען אריינגעהמען, ער זאל זיך קאנען אינגאנצען אוועק־געבען דעם געפיהל, דיענען דערצו. און ווי האט ער איצט מקנא געווען מישא'ן. יא, עס איז דא א גרויס געפיהל אויף דער וועלט, און נור געצעהלטע בעזיצען עס — מישא. ער האט'ס פון דערווייטענס געזעהן, טיעף געקוקט אין זיין הארץ, און פערגליכען זיך צו מישא'ן...

א שרעק האט איהם ארומגענומען פאר זיין לעערקייט. ער האט דערזעהן פאר זיך א גרויס ליכט, צו וועלכען ער קאן נים דערגרייכען, און א בענקשאפט האט איהם איצט ארומגענומען צו בעזיצען יענעם געפיהל פון איבערגעבענהייט, פון אוועקשענקען זיך, אויסטוישען אלע קליינע פערגעניגענס אויף א גרויס גליק און פרייד. און ער האט זיך געוואלט איינריידען, אז ער בעזיצט דאס געפיהל צו מערי'ן, און ער האט אין זיין זכרון איהר גאנצע שעהנהייט ארויסגערופען און מיט פיעל צערטליכקייט ארויסגעבראכט איהר נאמען פון זיינע ליפען, און געהייסען אבשטעלען דעם איזוואשטשיק פאר א בלומען־געשעפט און געקויפט דריי פון די צערטליכע ווייסע רויזען, צו בעפוצען איהר שווארצען קאפ האהר אויף דעם אבענד, וואס זיי געהן איצט צו דער בעוואוסטער שריפטשטעלערין סאפיא אנדרייעוונא.

ער האט געזעהן איהרע שווארצע פערל־האהר בלישטשען ארוים פון צווישען די ווייסע רויזען, און א גרויס צערטליכקייט האט איהם

ארומגענומען צו איהר, געזעהן די געשטאַלט פון איהר יונגען קער־פער און האָט אַלץ געקושט אין איהר. איך וועל מיר זי נעהמען און אוועקפאָהרען קיין איטאַליען, קיין רוים און דאָרט מיט איהר וואַהנען און בעגליקט ווערען פון איהר בליק, נור ווי צום שנעלסטען, ווי צום שנעלסטען, — האָט ער געזאָגט — דאַרף מען דאָס טהאָן, שוין, שוין, היינט ביי נאַכט. פעטערבורג איז סם, עס לאָזט נישט צוזאַמען זיין, צונויפנעהמען זיך און אוועקגעבען זיך אינגאַנצען.

אין דער טיעפסטער בעהעלטעניש פון זיין הארץ איז ווער געזעסען און מיט'ן קאָפּ שפּאָטיש געשאָקעלט אויף איהם, און עס האָט גע־הויסען: „ווענען נארסטו? ווענען? צום בעסטען וואָלסטו דאָך געוואָלט איצט אליין זיין"...

מיט זיין פרייד און גליק האָט ער פערשטומט די שפּאָטישע שטים אין זיין הארץ. ער האָט זיך פערטיעפט אין דער ענטציקונג פון איהר שעהנקייט און זי געזעהן אין איהרע שעהנסטע מינוטען, און עס איז איהם געלונגען — ער האָט זיך געפיהלט גליקליך און פרעהליך דערמיט, וואָס ער וועט זי באַלד זעהן, וואָס דאָס שטילע זינגענדע וועזען זיצט איצט דאָרט ביי זיך אין צימער און איז אינגאַנצען איבערגעגעבען איהם, וואַרט אויף איהם און געהערט צו איהם.

מיט ליעבע האָט ער אָנגעקלאַפּט אין איהר טהיר, ער איז אריין. ביי איהר אין צימער האָט ער געטראָפען מאַקסימאָוויטש'ן, וועלכער איז געווען אינגאַנצען אַ אויסגעפראַנטעוועטער און אַ אויסגעגאָלטער, פערלעגט איין פוס אויפ'ן צווייטען און געטרונקען שוואַרצע קאַפּע. דאָס טערקישע קעסעלע האָט זיך געקאָכט פאַר איהם און ער האָט געפיהרט מיט מערי'ן אַ לייכט קאַפּע־געשפּרעך. זי איז געווען ביי זיך אין שלאָף־צימער, געמאַכט דעם טואַלעט און געפיהרט דאָס קאַפּע־געשפּרעך דורך דעם קאָרעלען פאָרהאַנג, וואָס האָט פערשטעלט איהר שלאָף־צימער.

— נו, ווי געפעהלט אייך די אויסשטעלונג פון אונזערע מוזשי־קעס? — פרעגט מאַקסימאָוויטש אַ ביסעל צומישט און מיט אַ פער־לעגען לעכלען, וואָס ער האָט איהם געטראָפען ריידען מיט מערי'ן דורכ'ן פאָרהאַנג.

— אַח, דו ביזט עס! — רופט מערי — ניין, ניין, מען קאָן נאָך ניט אריינגעהן, — האָט זי גערופען פון דעם צווייטען צימער.

— מיר ווארטען אויף אייך. מיר ווילען אינאיינעם געהן צו סאָפיא אנדרייעווגא, זי האט אייך זעהר געבעטען, — האט זיך מאקסימאָוויטש ווי האלב פערענטפערט.

קאָוואלסקי'ן איז מיט א מאל קלאר געווארען די לאגע פון מערי'ן, ווי זי זעהט אוים אין דער געזעלשאפט, אין וועלכע ער האט זי אריינגעבראכט, און דערין האט ער זיך זעלבסט בעשולדיגט, און צום ערשטען מאל האט ער מיט'ן גאנצען ערנסט פערשטאנען, וואס ער האט געטהאן. ער האט גענומען א יונג מיידעל פון א גוט הויז ארוים, וואס דארף נאך האבען איבער זיך אנ'אפעקון, און האט זי אריינגעבראכט אין א געזעלשאפט פון אבגעלעבטע, זעטיגע מענער, וועלכע האבען געמאכט אוים איהר א פריהצייטיגע סאלאן דאמע, און פאר די אויגען האט זיך איהם געגעבען א שטעל פאר דאס בילד פון נאטאליא מיכאילאָווגא.

— דו קאנסט, — האט זי ארויסגעשטעקט איהר קאפ דורך דעם פארהאנג און האט גערופען קאָוואלסקי'ן, — זעה, ווי איך זעה אוים! אבער איהר, אסיפ גריגאָריעוויטש, אייך בעט איך, איהר קוקט נישט, — האט זי גערופען קאקעטיש.

— איך ווארט, ביז עס וועט אינגאנצען פארטיג זיין, — רופט זיך אָן מאקסימאָוויטש.

קאָוואלסקי האט די בלומען גענומען און איז אריין צו איהר אין שלאף־צימער. זי, נאך קעמענדיג זיך די האהר ביים שפיגעל, זאגט אין דער שטיל:

— איך האב ערהאלטען א גרויסע טעלעגראמע פון טאטען. ער שרייבט, איך זאל באלד אהיים פאהרען, אז ניט — קומט ער אליין צופאהרען.

— ס'אי שוין לאנג צייט געווען — רופט זיך אָן קאָוואלסקי בייז, מיט א הויך קול.

— וואס? — האט זיך מערי מיט א בלייך געזיכט אבגעווענדעט פון שפיגעל און איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אריין.

— דו דארפסט האבען איבער דיר א מענשען, אנ־אפעקון, דו ביזט נאך א יונג, נאַריש מיידעל!

זי האט איהם גלייך געקוקט אין די אויגען אריין. ביי דעם גאנצען צארן, וואס זיינע רייד האבען ערוועקט אין איהר, האט זי ארויס־

געפיהלט זיין ליעבע צו איהר, זיין איפערזוכט. און זי האט ליעב גע־
האט צו קוקען אויף זיין בלייך געזיכט, אויף זיינע ציטערדיגע ליפען.
זי האט באלד געוואלט איינפאקען איהרע זאכען און אהיים פאהרען.
נור אז זי האט דאס בעשלאסען, איז זי רוהיג געווארען, זי האט זיך
ווייטער אנגעטהאן, איז אריין צו מאקסימאוויטש'ן און אויפ'ן געזיכט
ביי איהר איז גארנישט געווען צו דערקענען.

קאוואלסקי'ן האט שוין באנג געטהאן זיינע רייד. ער איז איצט
געווען פערליעבט אין איהר ביז צום טיעפסטען ביין.

ער האט געוואלט דערגעהן וועגען וואס זי קלערט, וואס זי האט
בעשטימט, נור איהר געזיכט איז אזוי גלייכגילטיג געווען, אז עס
איז גארנישט געווען צו דערקענען.

זי האט אנטקעגען גענומען מיט דאנקבארע בליקען די בלומען,
וואס ער האט איהר געגעבען, און די רייד, וואס ער האט גערעדט
צו איהר, אבער דאס האט איהם קיין זאך ניט קלאהר געמאכט.

זיי זיינען אלע דריי אוועק צו דעם אבענד, צו דער שריפטשטעלערין
סאפיא אנדרייעוונא, און קאוואלסקי האט געקלערט די גאנצע צייט,
ווי אזוי זי איבערצובעטען.

---

## דאס פופצעהנטע קאפיטעל.

ביי סאפיא אנדרעיעוונא איז געווען דער נייטראלער באדען, אויף
וועלכען עס זיינען זיך צוזאמענגעקומען מענשען פון פערשיעדענע
ריכטונגען אין דער קונסט און אין דער פאליטיק. ביי איהר אין סא־
לאן האבען זיך בעגעגענט דער ליבעראלער פאפ מיט'ן עקסט־לינקען
אנהענגער פון לעסער'ס שוהל מיט א בכבוד'ן פראפעסאר, און אלע
האבען זיך ביי איהר געפיהלט גוט. אליין איז זי געווען א העכסט
אינטעליגענטע פרוי, דורכגעדרונגען מיט דער קולטור פון מערב־
אייראפא, וואו זי האט פערבראכט א לענגערע צייט פון איהר לעבען.
זי האט זיך בעשעפטיגט מיט ליטעראטור מעהר אויס דילעטאנטישער
קולטור־זעטינקייט, ווי אויס טאלענט. זי האט אבער געקאנט האל־
טען איהר סאלאן אין יענעם לייכטען גייסטרייכען טאן, אויסגעמישט

מיט שענהייט און פארנעהם. נידריג געוואקסען, פערקעמט די האאר שייטעל־גלאט, האט זי זיך אנגעטהון איינפאך, נור מיט גרויס גע־שמאק. אין שווארצען זיידענעם מיט דעם זילבערנעם צלם אויף איהר הארץ (סאפיא אנדרעיעוונא האט געשטאמט פון אידען און האט געטראגען א זילבערנעם קרייץ מעהר אלס ציהרונג, ווי אויס רעלי־גיאזיטעט), האט זי עמפפאנגען די געסט אין איהר ליכטיג לופטיגען סאלאן, וועלכער איז פול געווען מיט בלומען אין אלע ווינקעלעך. אויף איהרע קליינע חנ'עוודיגע ליפעלעך האט געשוועבט יענער אפענ־הערציגער שמייכעל, מיט וועלכען זי האט עמפפאנגען די געסט, וועל־כער איז ניט בלויז געקומען פון גוטער ערציהונג, נור אויך פון איהר אמת'ער אויפריכטיגער נשמה. די געסט זיינען דא געווען די איינענע וואס ביי נאטאליא מיכאילאוונא, נור עטוואס געמישט מיט מעהר ערנסטע און פארנעהמע העררען. א פראגרעסיווער פאפ איז געזעסען, וועלכער איז געווען בעקאנט אין גאנצען פראגרעסיווען רוסלאנד, א צוויי אקאדעמיסטען, פראפעסארען און איינינע קאדעטישע פאלי־טיקער. די געזעלשאפט פון נאטאליא מיכאילאוונא האט זיך דא געפיהרט ערנסטער, צוריקגעהאלטענער און געלאזט ריידען די עלטערע. סאפיא אנדרעיעוונא איז געווען א גוטע בעל־הבית'טע. זי האט גע־וואוסט די שוואכקייט פון יעדען גאסט אידרען און האט געזעהן, אז ביי איהר אויפ'ן אוונד, זאל יעדער געפינען די דאמע, צו וועלכער זיין הארץ נייגט. דורבדעם האבען זיך אויף די „זשור־פיקסען" פון סאפיא אנדרייעוונא געפונען פיעל פון דעם שעהנעם געשלעכט, און זי האט געקאנט אזוי צוזאמענשטעלען די ליסטע פון איהרע געסט, אז עס זאל נישט ארויסקומען קיינע דיסהארמאניע. אלע האבען זיך געפיהלט ביי איהר גוט און אפילו דער בעריהמטער סאווארין איז היינט אויסגעפראנטעוועט אין א קראגען מיט א שניפס און זיצט אין א ווינקעל־שטוב און הערט זיך איין צום געשפרעך, מעשה מענש. צום סוף איז איהם געווארען לאנגווייליג צו זיצען און אויס־צוהערען דאס לאנגווייליג געשפרעך פון די פראפעסארען, וואו עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א נייער איבערזעצונג פון דאנטע אין רוסישען, און האט שוין אויסגעזוכט א אידישען יונגען מאן, א דאקטאר פילאזאפיע, וועלכער איז געקומען צופאהרען פון בערלין און מיטגעבראכט ווייגינגער'ס אידעען. דער יונגער מאן האט זיך

אוועקגעזעצט מיט זיינע געפרעסטע הייזלעך און האט מיט זיין פי־לאזאפיש קאקעטישער מינע אנגעהויבן אלע ארום צו מוסטערן. סאווארין האט איהם אויסגעזידעלט, געפרעגט, וואס ער וויל דא, דער־נאך האט ער פערלאנגט צו טרינקען. מען האט איהם דערלאנגט אויף א זילבערנעם טאץ, וואס ער האט געוואלט. „יעדען איינעם דאס, וואס ער ליעבט“, האט עס געהייסען אין דער געזעלשאפט. מען האט גע־לאכט און געקוקט אויף מאקסימאוויטש'ן, וועלכער איז געזעסען אין א ווינקעל און עלעגאנט גערעדט מיט מערי'ן. געזאגט האט מען עס צו סאווארינען, נור געמיינט האט מען עס מאקסימאוויטש'ן, וואס די גאנצע געזעלשאפט האט געוואוסט זיין שוואכקייט צו דער אכט־צעהן־יאהריגער, און זיין ראליע, וואס ער וויל שפיעלען אלס יונגער קאוואלער. צום סוף איז סאווארין שכור געווארען. די מאדאם פון הויז האט זיך באלד געפונען נעבען איהם און גענומען איהם אונ־טער'ן ארעם און מיט איהר הערציליך לעכלען איהם ארויסגעפיהרט פון סאלאן און שלאפען איהם געפיהרט אין דעם צימער, וואס איז שוין פריהער געווען פאר איהם אנגעגרייט צו דעם צוועק. זי האט איהם מיט איהרע ליעבע רייד, ווי א קינד, צוגערעדט, אז ער זאל זיך אויפ'ן בעט לעגען. ער האט זי געפאלגט און זיך אוועקגעלעגט אין אנטהון אויף דעם ריין־אויסגעבעטען בעט. א גוט שמייכעלע האט געשוועבט אויף איהרע ליפען. זי האט געלעגט איהרע קליינע הענד אויף זיין קאפ און מוטערליך געקושט איהם אויפ'ן שטערן און איז צוריק צו די געסט אריינגעגאנגען.

דאס געשפרעך האט זיך באלד געדרעהט ארום די לעצטע גע־שעהנישען — ארום די פאגראמען. אלע האבען אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט דעם פראגרעסיווען פאפ, וועלכער האט גע־פרובט צו ערקלעהרען די אכזריות, וואס דער רוסישער פויער האט ארויסגעוויזען ביי די פאגראמען. דערמיט, וואס ער האט די אמונה פערלארען. „די ערשטע זאך, וואס די רעוואלוציאנערען האבען גע־טהון, אז זיי זיינען צום פויער געקומען — האט דער פאפ געזאגט —איז נישט געווען איהם בילדונג צו ברענגען, איהם אויסלערנען שריי־בען און לעזען, נור דעם גאט ביי איהם אבצונעהמען. זיי האבען זיין אמונה צום געלעכטער געמאכט און די קירך בעליידיגט. די אמונה האבען זיי ביי איהם צוגענומען און קיין אנדער מאראל ניט געגעבען.

זעלבסטפערשטענדליך, אז עס איז קיין גאט ניטא און קיינער איז נים איבער אונז, מעג מען גנב'נען, גזל'נען, הרג'ענען און רציחות אנטהון. איז אויסגעגאנגען דער צארן צום שוואכסטען — צום אידען, צו דעם, וואס קאן זיך אם ווענינסטען וועהרען, און פאר וועלכען מען וועט זיך אם ווענינסטען אננעהמען".

אלע האבען אויסגעהערט דעם עהרווירדיגען פראגרעסיווען פאטער און צוגעשאקעלט מיט די קעפ און איהם רעכט געגעבען. מען האט בעדויערט די אידען, וואס זיינען דא נעבאך בחנם דאס כפרה־הינ־דעל געווארען. ווארום די געזעלשאפט איז געווען א פראגרעסיווע און מען האט שטארק רחמנות געהאט, און דער שריפטשטעלער אקימאוו האט זיך אנגערופען אין זיין פויערישער, מאלארוסישער שפראך:

— וואס איז דא א סך צו ריידען? איך וועל אייך זאגען, ווי א פראסטער פויער זאגט, דא איז נישטא קיין איד און קיין רוס. ביי אונז אין רוסלאנד זיינען נור צוויי פארטייען: איינע— די רעגירונג, די איבעריגע — אלע זשידעס!

דאס ווארט איז זעהר געפעלען און אלע האבען געלאכט און געזוכט מיט די אויגען מאקסימאוויטשען, און אלע האבען ווי שטענ־דיג געווארט און געוואלט הערען, וואס וועט מאקסימאוויטש זאגען וועגען די פאגראמען. אלע האבען ערווארט פון איהם אנ'אריגינעל ווארט, ער, אלס איד, און וואס פיהלט דערביי אזוי טיעף דעם רוסי־שען גייסט.

אבער מאקסימאוויטש איז אלץ געזעסען אין א ווינקעל הינטער א קארב מיט בלומען און האט זעהר בעלעבט גערעדט מיט מערי'ן.

— און אייך געפעלט דא דאס לעבען? און איהר וואלט געוואלט דא בלייבען? — האט מאקסימאוויטש געפרעגט.

— וואס זאל איך זיך נארען?! יא, איך האב פיעל וועגען דעם געקלערט. מיר דאכט זיך, אז דאס איז מיין מיליע, אז איך געהער דא אהער, און איידער נאך איך האב אט דאס לעבען געקענט, האב איך, דאכט זיך, דא אהער אנגעהערט. איך האב דאס געפיהל, אז איך וועל שוין נישט קאנען לעבען אין אן אנדער געזעלשאפט. מיר געפעלט דא דאס לעבען.

— איהר זייט א ציניינער־קינד, — האט מאקסימאוויטש גע־לאכט.

— וואָס מיינט איהר דערמיט?

— האָט איהר נישט געהערט, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע קינדער, וואָס ווערען געבוירען ביי אַנשטענדיגע עלטערן, און האָבען אַ נויגונג צום ציגיינער־לעבען? אונבעוווסט קומט צו זיי דאָס געפיהל, און אַז זיי דערהערען צופעליג פאַר זייערע פענסטער זינגען דורכציהענדע ציגיינער, ציהט זיי אַהין צו די ציגיינער. און עס כאַפּט זיך טייל־מאָל אַזאַ מיידעל אויף און געפינט זיך פּלוצים אין אַ לאַגער פון צי־גיינער און ווייסט נישט, ווי אַזוי זי איז אַהין געקומען. דאָס איז אַ ציגיינער־קינד.

— גלויבט איהר, אַז איך בין אַ ציגיינער־קינד? — פרעגט מערי איהם קוקענדיג אין די אויגען אַריין.

— איהר האָט דאָס אַליין געזאָגט, — לאַכט מאַקסימאָוויטש, — איהר קאָנט אין קיין אַנדער געזעלשאַפט שוין נישט זיין.

— דאָס איז וואהר, — איבעריגענס, דאַכט זיך מיר, איהר האָט רעכט. יאָ, איך בין אַ ציגיינער־קינד, און מיין צוקונפט איז אין דעם ציגיינער לאַגער. איך האָב אַמאָל אַ חלום געהאַט. עס דאַרף זיך נור דער ריכטיגער ציגיינער געפינען.

— האָט איהר דען נישט דעם ריכטיגען ציגיינער געטראָפען? — פרעגט מאַקסימאָוויטש.

מערי האָט די מינוט דערזעהן קאָוואַלסקי'ס פינקעלנדע אויגען, וועלכער איז געזעסען געגענאיבער זיי אין אַ צווייטען ווינקעל און איז אויפפאַלענד אַליין געזעסען און בעטראַכט יעדע זייער מינע, און האָט גאַרנישט בעהאַלטען זיין אייפערזיכטיגקייט פאַר דער געזעל־שאַפט, וואָס די געזעלשאַפט האָט אויך גוט בעמערקט.

— דאָס וועט זיך נאָך ווייזען, — האָט זי געזאָגט.

— אַ, דער ציגיינער וועט זיך שטענדיג געפינען, — האָט מאַקסי־מאָוויטש געשמייכעלט.

— דענקט איהר אַזוי?

די געזעלשאַפט האָט שוין לאַנג בעמערקט מאַקסימאָוויטש'עס אויפפאַלענד־פערטיפטעס געשפּרעך מיט מערי'ן און קאָוואַלסקי'ס אַליין־זיצען. דאָס האָט אַרויסגערופען גלייך־ווערטלעך פון די לצים

אין די ווינקעלער און אַ שטיל פערשטיקטעם לאַכען. די מאַראַם פון הויז, וועלכע איז וואך געווען אויף אַלץ, וואָס קומט פאַר צווישען איהרע געסט אין איהר סאַלאָן, האָט דאָס בעמערקט, און כדי אויסצומיידען דאָס געריידעריי, איז זי צו צו מאַקסימאָוויטש׳ן און פריינדליך אַנגעהויבען צו ריידען מיט מערי׳ן, זי גענומען אונטער׳ן אָרעם און אַנגעהויבען זי צו פיהרען איבער׳ן סאַלאָן, ריידענדיג מיט איהר וועגען פעטערבורגער טהעאַטער.

מאַקסימאָוויטש איז צו צו די מענער און אַנגעהויבען זיך צוהערען צום געשפרעך, וואָס ווערט געפיהרט.

ער האָט בעמערקט, אַז אין דער געזעלשאַפט הערשט אַ לייכטער טאָן איבער זיין אויפפאַלענד צוזאַמען־זיצען מיט מערי׳ן און האָט געוואָלט צוריק אויפהויבען זיין כבוד אין די אויגען פון דערגעזעלשאַפט. ער האָט נאָכאַמאָל אַנגעקניפּט דאָס געשפרעך איבער די פּאַגראַמען און געזאָגט אַ מיינונג, אַז די אורזאַכע פון די פּאַגראַמען דאַרף מען זוכען ניט אין די אויסערליכע סבות, נור אין דער טיפעניש פון דער רוסישער נשמה. דאָס האָט פעראינטערעסירט די געזעלשאַפט, און אַז ער האָט געזעהן, אַז ער האָט דעם עולם פעראינטערעסירט מיט זיינע רייד, האָט ער מיט אַ גרינגשעצינגען בליק ארומגענומען די אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט, ווי ער וואָלט זיך ערשט געוואָלט איבערלעגען, צי עס לוינט זיך צו ריידען פאַר זיי. ער האָט פערקנייטשט דעם שטערן, פערמאַכט די אויגען און געהאַלטען אַ לאַנגע רעדע אין זיין גלענצענדען רוסיש, אין שטאַרקע ווערטער, רייך אין גייסט, ארויסווייזענדיג דערין זיין קענטעניש.

— אום צו פערשטעהן די נשמה פון רוסישען פויער, מוז מען געהן צו זיין לאַנדשאַפט, מוז מען קענען די געזיכטער פון זיינע הייליגע, צו וועלכע ער בעט, ווי ער שטעלט זיך זיין גאָט פאַר. און ער האָט אַנגעהויבען צו ריידען וועגען די רעליגיעזע סלאַווישע בילדער, און פון דעם איבערגאַנגען צום מיסטיציזם פון רוסישען פויער און האָט עס פערגלייכט מיט דעם מיסטיציזם פון דעם אידישען חסידיזם, גערעדט איבער די מאָראַל פון דער ערד ביים רוסישען פויער און זי פערגלייכט מיט דער מאָראַל פון די ביבעל־העלדען. דער צאַרן, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען פון דער רוסישער נשמה — דאָס קומט פון פער־

צווייפלונג, פון זיין גאט זוכעניש; אין יעדען רוסישען פויער ליעגט א שטיק פון דאסטאיעווסקי'ס אונרוהיגע זוכענדיגע נשמות. מען דערקענט עס באלד, ווי ער מאלט זיך זיינע היילינגע בילדער. די גע־זיכטער פון די רוסישע היילינגע זיינען פול מיט גרויזאמקייט, מיט שרעק, אזוי מאלט ער זיך זיין גאט. און זיין צארן־אויסברוך איז גע־ווען נישט בלויז צו אידען. ער וואלט זיך מיט דערזעלבער פער־צווייפלונג געווארפען אויף זיין אייגענע קינד. ער האט אויסגעקליבען דעם אידען, ווייל דער איד איז איהם דער נאהענסטער, ער איז איהם דער היימישער. אבער זעהט איצט זיין חרטה־געפיהל. אין קיינעם וועט איהר נישט געפינען אזא געפיהל פון בענקשאפט, ווי ביים רו־סישען פויער. ער ליעגט אודאי איצט, דער פויער, און נישט נור ער בעדויערט דאס, וואס ער האט געטהאן, נאר מיט די פערבלוטיגטע הענד העלפט ער נאך פערבינדען די אידישע וואונדען, צוזאמענגעהמען זיין צובראכען אריםקייט. האט דרך ארץ פאר דעם מענשען, וואס טראגט אין זיך אזא שטן און וואס קאן דערנאך אזוי חרטה האבען, — האט ער אויסגעפיהרט זיין רעדע.

זיין רעדע, וואס איז פול געוועזען מיט פאעטיש־מיסטישער בע־גייסטערונג פון רוסישען פויער, האט גראד נישט געמאכט קיין גרוי־סען איינדרוק אויף דער געזעלשאפט. נור די דאמען האבען זיך ארומ־געשטעלט ארום איהם און געשלונגען זיינע ווערטער. ער האט געזעהן דורך די גאנצע צייט, וואס ער האט גערעדט, מערי'ס בלישטשענדע אויגען, וועלכע האבען איהם גלייך געקוקט אין פנים אריין. ער האט צופריעדען געשמייכעלט און גערעדט גאנץ גלייכגילטיג מיט דער מאדאם פון הויז, לאזענדיג זיך בעוואונדערן פון די דאמען.

— אח, טייערינקער, האסטו מיר פון הארץ ארויסגערעדט, מיין קראנק הארץ האסטו מיר געהיילט מיט דיינע ווערטער, — איז צו צו איהם פעאדיום מיט אויסגעשטרעקטע הענד, — מיין נשמה האסטו מיר געהיילט, מיין פאטערלאנד האסטו מיר צוריקגעגעבען, מיין ברודער, דעם רוסישען פויער, צוריקגעקעהרט. לאז דיר קושען, טייערינקער, — פאלט ער ארויף אויף מאקסימאוויטש'ן, איך האב קיין צייט נישט, מוז אין רעדאקציע צוריקגעהן, עס וועט איצט אודאי זיין די איינצעלהייטען פון פאגראם צו בעשרייבען, איך מוז נאך דאס לייט־ארטיקעל מאבען. בלייב געזונד, מיין טייערער, — און לויפט שנעל ארויס פון צימער.

מאקסימאוויטש האט געשמייכעלט, אויסהערענדיג פעאדיוס'ס לויב, און האט אויף מערי'ן געקוקט. ער האט געזעהן, ווי קאוואלסקי שטעהט מיט איהר אין א ווינקעל און רעדט מיט איהר זעהר האסטיג. ער האט זיך ארויסגעמאכט פון פעאדיוס'ן און איז צו צו זיי.

— אח, איהר געהט שוין אהיים! און איך האב נאך מיט אייך געוואלט אביסעל פערברענגען. פיליכט, געהען מיר וואו אינאיינעם?

— איהר זייט א קאקעט און רעדט אין די סאלאנען, כדי צו אימ־פאנירען אזעלכע אכטצעהן־יעהריגע נארישע מיידלעך, ווי זי איז, — ווייזט קאוואלסקי אויף מערי'ן.

— וואס? — שרייט האלב אויס מאקסימאוויטש און ווערט בלייך, ער האט זיך אבער באלד געפונען, פערצויגען דעם שטערן און געזאגט צו קאוואלסקי'ן מיט פעראכטונג:

— ווער זייט איהר דאס אזעלכער? איך קען אייך גארניט!

קאוואלסקי האט באלד מיט געוואלד ארויסגעצויגען מערי'ן פון סאלאן און זיי האבען פערלאזט דאס הויז.

מאקסמיאוויטש איז איבערגעבליבען און זיי נאכגעקוקט מיט זיין פעראכטענדען שמייכעלע און זיך געמאכט גלייכגילטיג ריידען מיט זעם בכבוד'ן פאפ און פיעל נאך גערעדט מיט איהם וועגען די רעליגי־עזע אלטע בילדער, און האט דא ארויסגעוויזען זיין גאנץ קענטעניש.

ביים טיש האט מען פיעל גערעדט וועגען מאקסימאוויטש'עס רערע. דער יונגער באמאוו האט געטרונקען אויף זיין וואויל, די גע־זעלשאפט האט אונטערגעכאפט און מען האט געהאלטען הויכע לויב־רעדעס אויף דעם רוסישען פויער. מען האט דערביי דערמאהנט טאלסטאי'ען, משה רבינו, און אקימאוו האט גערעדט די גאנצע צייט מיט דעם רוסישען פויערישען אקצענט. מאקסימאוויטש האט אלץ גלייכגילטיג צוגעהערט און צוגעשמייכלט לייכט, ווי עס הייסט: איך טהו אייך צוליעב און הער אייך אויס, אבער וואס קענט איהר מיר, מישטיינס געזאגט, זאגען?...

אהיים געקומען אין ביקאוו'ס וואהנונג, האט מאקסימאוויטש גע־טראפען דעם קאמיסאר פון זיין צירקעל, מאכענדיג א רעוויזיע אין דער וואהנונג פון דעם שוישפיעלער ביקאוו. דערזעהן מאקסימא־וויטש'ן, האט דער קאמיסאר געפרעגט:

— ווער ביזטו? ווי הייסטו? א פאס האסטו?

מאקסימאוויטש האט זיך גלייך געשטעלט און געזאגט:

— איך? איך הייס יאנקעל ליכטענבערג און בין פון קאוונא.

— און מיט וואס פאר א רעכט וואהנסטו אין פעטערבורג?

— איך? — האט מאקסימאוויטש געזאגט מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ, מיט דער האנד אויפ'ן הארץ און מיט פאטאס — איך בין א דיענער ביים באראן גינצבורג!...

— און וואס טהוסט דו דא? אהיים שלאפען צו דיין בעל־הבית.

מאקסימאוויטש האט די שטוב פערלאזט

---

## דאס זעכצעהנטע קאפיטעל.

מאקסימאוויטש איז איצט בעגאנגען אליין איבער די טונקעלע גאסען פון פעטערבורג און האט נים געהאט וואו זיך אהינצוטהאן. שכורים האבען די גאסען אנגעפיללט, געוואקעלט זיך, געשריען, ליעדער געזונגען, שכור'ע פראסטיטוטקעס האבען זיך אין די ארעמס געווארפען. ער האט געטראכט וועגען דעם פסוק פון נייעם טעסטאמענט, וואו קריסטוס זאגט: „און גאט'ס זוהן האט נים וואו דעם קאפ אניידערצולעגען“. אויסגעטהאן האט ער פון זיך איצט אלע מאסקעס און אלע קליידער און איז געבליבען א נאקעטער שטעהן דא אויף די פעטערבורגער גאסען, און א בענקעניש האט איהם ארומגענומען מיט וועמען צו זיין, איצט וועמען ביי זיך צו האבען, וואס קען איהם, וואס ווייסט, ווער מאקסימאוויטש איז. ער האט מורא געהאט פאר דער גאס, פאר דער רויהייט, פאר די שכורים. עס איז איהם איינגעפאלען פעאדיוס. פעאדיוס האט אן איינענע וואהנונג, און ער האט אן איזוואשטשיק גענומען און איז אהין געפאהרען צו פעאדיוס'ן.

פעאדיוס איז אוועק פון סאפיא אנדרייעוונא אין דער רעדאקציע, וואו ער האט געארבייט. עס איז געווען איינע פון די פראגרעסיווע צייטונגען אין רוסלאנד, דארט האט ער בעקומען די לעצטע ידיעות, וואס זיינען געלאפען פון די קארעספאנדענטען און זיינען פול גע־

ווען מיט שרעקליכע איינצעלהייטען פון די פאגראמען. דאס אכזריות, מיט וועלכע די אידישע קינדער זיינען געווארען געטויט, האט איהם אזוי ערציטערט, אז דער זשורנאליסט האט זיך צום ערשטען מאל אבגעזאגט צו שרייבען א לייט־ארטיקעל, וואס האט געזאלט זיין דער פראגרעסיווער פראטעסט פון רוסלאנד געגען די פאגראמען און איז אוועק אהיים.

אז ער איז אהיים געקומען, האט ער פערשלאסען די טהיר הינטער זיך, ארויף און אראב געדרעהט זיך איבער דער שטוב, ארויסגענומען דעם טלית פון הינטער א טיעף בעהעלטעניש פון שראנק — דעם טלית, מיט וועלכען ער פאהרט אין געהיים אויף יעדען יום־כפור קיין ווילנא, אין שוהל אריין דאווענען, און אוועקגעלעגט איהם פאר זיך אויפ'ן טיש. האט געווארפען א בייזען בליק אויף דער איקאנע, וועלכע האט געברענט אין א ווינקעל שטוב. דאס געזיכט פון פעטרוס'ן, פון דעם אידישען פישער, פון וועלכען ער פלעגט אזוי אפט ריידען אין דער אידישער געזעלשאפט, אז עס איז אזוי אידיש, אז עס דערמאהנט איהם אן דעם פאטער'ס געזיכט, און ער פיהלט זיך אזוי נאהנט דערצו — איז איהם איצט פרעמד און שלעכט געוועז. ער איז ארויפגעקראכען, פערשטעלט עס מיט א האנדטוך. פון דער קיך האט זיך דערהערט דער דיענסט'ס שטים, ווי זי זאגט עפעס, האט ער זיך דערשראקען, שיער ניט אראבגעפאלען און האט אריינגערופען: „נאטאשא, נאטאשא! בלייבט דאך שטיל אויף א מינוט!“ דערנאך האט ער אנגעשטעלט דעם גראמאפאן, וואס ער האט ביי זיך אין שטוב געהאט, און געלאזט זיך שפיעלען „כל נדרי“, ארויף און אראב געדרעהט זיך איבער דער שטוב און אנגעקוואלען מיט דער מעלאדיע פון „כל נדרי“ און מיטגעכאפט דעם טאן: כ־ל נ־ד־ר־י! און אמת'ע אידישע טרעהרען, אפשר די איינציגע אמת'ע טרעהרען, וואס ער האט פערמאגט, האבען זיך איהם געוויזען אין די אויגען.

נור באלד האט מען געקלונגען אין דער טהיר. פעאדיוס איז א בלייכער געווארען און א דערציטערטער האט ער געזופען דורך דער טהיר צו דער דיענסט: „נאטאשא, נאטאשא! עפען נישט!“ ער איז פלינק ארויף אויף דעם שטוהל, אראבגעכאפט דעם האנדטוך פון דער איקאנע, בעהאלטען דעם טלית אין שראנק אריין, ארויסגעשטעקט דעם קאפ אין טהיר און האט געפרעגט:

— ווער? אה, דאָס ביזטו, מאַקסימאָוויטש, טייערינקער, טפו, זיך דערשראָקען, געמיינט אַ קריסט. קום אריין. הער, וואָס איך האָב דאָ, חער — לאָזט ער דעם גראַמאָפאָן — איז דאָס נישט קיין פרינצען־ליעד? דאָס איז דאָך אַ פרינצען־ליעד, דאָס האָבען דאָך אונזערע עלטערען געזונגען. הער, טייערער, ווייסט, זיי האָבען דאָך אונז שוין ווידער געשלאָגען. איך קום פון דער רעדאַקציע. קיעוו, טייערינקער, ערגער פון קישינעוו. קליינינקע קינדערלעך — לענט ער פשוט צו אויף אידיש — קליינינקע קינדערלעך — ווייזען זיך איהם טרעהרען אין די אויגען — פאַרוואָס? הער דאָס ליעד, דאָרט קוק נישט — ווייזט ער צו דער איקאָנע — עס האָט אונז פיעל צרות אָנגעטהאָן. קליינינקע קינדערלעך! איך וועל אוועקפאָהרען קיין ירושלים, ווי איך בין אַ איד, קיין ירושלים. אט ביי דעם טלית דאָ, ווייזט ער אויף דעם שראַנק, מנייר זיין זיך, צוריק אַ איד ווערען. דיר וועל איך די ביבליאָטעק פערשרייבען, פאַר מיין יורש דיך מאַכען נאָך מיין טויט, אזוי זאָל מיר גאָט העלפען. וואָס? דעם סינאָד רייכער מאַכען? דיר אַלץ פערשרייבען, און אליין פאָהרען קיין ירושלים, וועסטו זעהן. עס איז אַ פרינצען־ליעד, אַ ליעד פון קעניגען איז דאָס. קליינינקע קינדערלעך האָבען זיי גע'שחט'ן פאַר די מוטערס אין די אויגען. אידישע ביינדעלעך, אָרים אידיש קינדער־בלוט — האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען אידיש, און איז געפאַלען אויף מאַקסימאָוויטש'עס ברוסט, און האָט אָנגעהויבען ביטערליך, הויך צו וויינען.

מאַקסימאָוויטש האָט זיך אויסגעצויגען, שטעהן געבליבען, ערנסט געוואָרען, דעם שטערן פערקנייטשט, די ליפען פערצויגען אין אַ ביטערער גרימאַסע.

— זיי האָבען מיך פון מיין שטוב ארויסגעיאָגט.

— ווער? — פרעגט פעאָדיוס.

— די, וואָס האָבען אונזערע קינדער גע'שחט'ען, — רעדט מאַקסימאָוויטש פראָסט אידיש.

זיי האָבען זיך ביידע אוועקגעזעצט מיט געזונקענע קעפּ, און דער גראַמאָפאָן האָט פאַר זיי געשפּיעלט „כל נדרי“.

# דאס זיעבענצעהנטע קאפּיטעל.

אז קאוואלסקי און מערי זיינען אהיים געפאהרען פון אבענד, האבען זיי דורכ'ן גאנצען וועג קיין ווארט נישט גערעדט. געזעסען זיינען זיי יעדער בעזונדער אין זיין ווינקעל און געווען פערטיעפט אין זייערע געדאנקען. אז זיי זיינען אהיים געקומען, האט מערי געוואלט אריין צו זיך אין צימער. קאוואלסקי האט זיך אנגערופען: „איך מוז מיט דיר עפּעס ריידען". זי האט איהם אנגעקוקט נישט בייז, נור ווי עפּעס מיט מיטלייד, און ער איז אריין צו איהר אין צימער.

— איך האב בעשטימט מארגען אבצופאהרען פון פעטערבורג, — האט קאוואלסקי געזאגט.

אנשטאט זי זאל פערשוויינען, אדער מיסטרויאיש קוקען אויף איהם, האט זיך קאוואלסקי פערוואונדערט צו הערען מערי'ס פריינד־ליכע שטים:

— אזוי? וואוהין?

— איך וויים נאך נישט וואוהין, נור איך וויל אבפאהרען פון פעטערבורג.

מערי האט געשוויגען.

— איך וויים נישט, וואס דו האסט בעשטימט, נור דיך אין פעטערבורג וועל איך נישט לאזען, — האט קאוואלסקי געזאגט פעסט און בעשטימט.

מערי האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט: „ווי הייסט?"

— איך וועל דיך נישט לאזען אין פעטערבורג. איך האלט עס פאר מיין פפליכט דיך פון דער קינסטלער־אטמאספערע ארויס־צונעהמען.

— פאר א פפליכט? — האט מערי געשמייכעלט, — נענען ווען האסטו זיך דען פערפפליכטעט?

— נעגען מיר אליין.

— ווילסטו מיך, הייסט דאס, נעהמען מיט געוואלד?

— אז עס וועט אויסקומען, — האט קאוואלסקי געזאגט זעהר געלאסען און רוהיג.

מערי האט איהם געקוקט אין פנים אריין און האט געזעהן, אז ער מיינט דאס ערנסט, און עס איז בעשטימט, און אז ער איז גרייט אויסצופיהרען זיין פלאן, אפילו ווען עס זאל קומען צו אן עפענטלי־כען סקאנדאל.

זי האט זיך אביסעל דערשראקען.

— און אז איך וועל נישט וועלען?

— וועל איך בענוצען געוואלט, — האט ער געזאגט גאנץ בע־שטימט.

— אבער דאס איז דאך קאמיש!

— רוף עס, ווי דו ווילסט, אבער איך וועל דאס באין אופן נישט דערלאזען. איך וואלט עס מיר קיינמאל נישט געקענט מוחל זיין צו פאהרען און דיך דא איבערלאזען אין דער פער׳עפוש׳טער לופט פון דער קינסטלער־מיליע. דו ביזט א קליין נאריש מיידעל, וואס האט זיך דעם קאפ פערדרעהט פון א פאר ביכלעך, און אז דו הערסט אזא מאקסימאוויטש׳ן ריידען, לויפסטו צו איהם. דאס איז ליטעראטור און דו ביזט א אידיש „ליטעראריש" מיידעל. מען דארף דיך מיט גע־וואלט אוועקנעהמען פון דער סביבה, ווען דו אליין האסט קיין שכל נים.

מערי איז רויט געווארען פאר קרענקונג. יעדעס ווארט האט א וואונד אויסגעבריהט אין איהר הארץ. אבער זי האט געקוקט אין זיי־נע אויגען אריין, אין זיינע ווערטער האט זי געפיהלט זיין ליעבע צו איהר, זיין גרויסען אייפערזוכט און זי האט געוואלט, ער זאל זי וואס מעהר אויסזידלען, וואס שטארקערע ווערטער זאגען.

— גאט, ביזטו גראב! — האט זי אויסגערופען, — ביזטו אונ־קולטורעל!

— רוף עס ווי דו ווילסט, און דיך דא לאזען וועל איך נישט. אזעלכע אלטע, אבגעלעבטע יונגען, ווי דיין מאקסימאוויטש איז קאנען גוט נעפינען דעם שליסעל צו אזעלכע נארישע אידישע מיידלעך, ווי דו ביזט, און די „ליטעראטור" פערשטעלט — די געפארבטע האהר און דאס גערונצעלטע פנים.

— ווילסטו מיך, הייסט דאָס, מיט געוואַלט אוועקנעהמען. אַח, אַח! — האָט מערי מעהר געלאַכט אויס פרייד פון זיין אייפערזוכט, איידער אויס קרענקונג.

אין אַ פּאָר מינוט ארום.

— און וואו ווילסטו מיך דאָס מיט געוואַלט נעהמען?

— אַז דו ווילסט, פאָהר מיט מיר מיט אין די קאַרפּאַטען אין זאַקאָפּאַנע, מיר וועלען דאָרט וואָהנען ווייט פון מענשען. דו ווייסט, ווי איך האָב דיר ליעב, — האָט ער פערשעמט אָבגעבראָכען אין מיטען.

זי האָט מיט אַ פול האַרץ נחת אויסגעהערט זיין פערשעמטע ליעבע און דאָך האָט זי זיך אָנגערופען:

— מיט דיר פאָהרען? ניין, דאָס איז קאָמיש — איך האָב דיך פיינט.

זי האָט געוואוסט, אַז די ווערטער זיינען איהר טויט־אורטהייל קאָוואַלסקי, וועלכער איז שטאָלץ, וועט נאָך איינמאָל נישט איבער־ריידען זיין וואונש — וויפיעל ער זאָל נישט ליידען דעריבער, און דאָך האָט זי צוגעגעבען:

— עס וואָלט פאר מיר געווען דער גרעסטער אומגליק.

— איז פערפאַלען, איז פערפאַלען, — האָט ער נעביסען זיינע ליפּען, זיינע נעגעל, בלייך געוואָרען און געפיהלט, ווי עפּעס וואָלט זיך געריסען אין זיין האַרץ. — איז שניי דאָ אויף דער וועלט, זיינען בערג דאָ, און מאַראַנצען־גרוי און פייכטער טוי. אַ, עס איז אַ גוט בעהאַלטע־ניש, אַ פאַנצער איז דאָס, קאָן אונז גאָרנישט געשעהן, אַז דו ביזט איינגעטונקט אין דער ארבייט, אַז דו זעהסט דאָס ליכט פון די בערגער, קאָן דיר גאָרנישט געשעהן.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס, — האָט מערי געזאָגט, און ווי טרעהרען וואָלטען זיך איהר געוויזען אין די אויגען, — אייך קאָן גאָרנישט געשעהן, אייך קאָן מען גאָר נישט טהון. איהר האָט אייער קונסט, זי בעשיצט אייך פון אלץ, איהר זייט נישט ווי דער נאַרישער מישא, וועלכער האָט גאָרנישט מעהר, גאָרנישט מעהר. אָבער איהר ליעבט נישט, איהר קאָנט נישט ליעבען, איהר ווייסט נישט פון דעם גרויסען געפיהל, נישט, וואָס הייסט אינגאַנצען זיך נעהמען און אוועק־געבען זיך. איהר זייט פערקויפט, דיענט צו אַנ'אָבגאָט, צוערשט

אנ׳אנדערען די שבועה געשווארען, דערנאך ערשט זיך. א, איהר קאנט נישט ליעבען, איהר האט זיך אליין נישט, איהר קעהרט אן וועמען אנדערש. ניין, ניין, אייך קאן מען גארנים טהון, גארנישט טהון.

קאוואלסקי איז געשטאנען אנ׳אויגענבליק און עס האט זיך איהם געדאכט, ווי מען וואלט איהם א שרעקליך טויט־אורטייל געלעזען. זי האט איהם אויסגעזאגט דעם טיעפען סוד, פון וועלכען ער האט נים געוואגט צו קלעהרען. זי האט רעכט, אז טיעף דארט אין הארץ ביי איהם איז איהם אייגענטליך אלץ איינס, צו זי וועט יא מיט־פאהרען מיט איהם, צי ניין. יא, ער ווייסט אייגענטליך נישט פון דעם גרויסען געפיהל, וואס הייסט „ליעבע אדער טויט“, אז ער שטעהט א נאקעטער פאר איהר. און אין אמת׳ן ארט איהם ווענינ די גאנצע מעשה. און פארוואס איז אזוי? צי וועט ער שטענדיג אינערליך אזוי גלייכגילטיג בלייבען? צי איז גאר נישטא, וואס זאל איהם טיעפער ריהרען? און ער האט זי דאך ליעב — איהרע האאר, איהרע הענד, איהרע קליינע דינע ליפען. ווי האט ער זיך איצט געוואלטווארפען פאר איהר צו איהרע פיס, זי קושען און וויינען און שרייען: „עס איז נישט וואהר! א, איך קאן ליעבען, איך קאן אויך אוועקשענקען, אלץ אוועקשענקען, אלץ אוועקשענקען“.

נור ער האט געוואוסט, אז עס איז נישט וואהר, אז עס איז נישט וואהר. ער האט זיך געפיהלט, ווי ער וואלט געקומען אויף א חתונה, און ער איז צו דער חתונה נישט גרייט... ער האט נים געקאנט קיין ליגען זאגען די מינוט, האט ער אהן א ווארט די שטוב פערלאזט און איבער די גאסען געגאנגען.

אז מערי איז אליין געבליבען, איז זי אויף איהר דיוואן געפאלען; זי האט איהר קליין געזיכט אין איהרעביידע קליינע, קאלטע הענד איינגעהילט און האט וועגען מישא׳ן געקלעהרט. זי האט זיך געוואלט דערמאהנען יעדע איינצעלהייט פון זיין פערגעטערונג, פון זיין איבער־געבענהייט צו איהר, זיין בליק, זיין פנים, ווען ער קוקט זי אן, זיין פרייד, וואס יעדעס איהר פריינדליך לעכלען רופט ארויס אין איהם. זי האט זיך געוואלט דערמאנען אן מישא׳ן און איהם ליעב האבען. זי האט זיך אבער באלד אליין געפונען אין דער לאגע, וואס קאוואלסקי. דער געדאנק וועגען מישא׳ן האט זי געלאנגווייליגט, זיין בילד איז צורונען צווישען איהרע פינגער און די עראינערונגען זיינען צופלאסען

געוואָרען. פאר איהרע אויגען האָט זיך געשטעלט קאָוואַלסקי, קאָ־וואַלסקי מיט זיין קאַלטער גלייכגילטיגקייט. זי האָט זיך דערמאָהנט אָן מאַקסימאָוויטש'עס ווערטער וועגען דעם ציגיינער־קינד און זי האָט עס פּלוצלינג דערפיהלט, דאָס ציגיינער־קינד, וואָס איז בעהאַל־טען אין איהר טיעף. יאָ, זי האָט אין זיך אויך פון דעם כשוף, וואָס קאָוואַלסקי; אַז איינענטליך טיעף אין איהר איז אויך עפּיס הויל, איז איהר אויך אַלץ איינס...

זי האָט זיך אויפגעהויבען און, ווי אַ צוּבראָכענע אונטער דער לאַסט פון קאָוואַלסקי'ס ווערטער, געגאַנגען אויספיהרען זיין בעפעהל, זיך די זאַכען איינפּאַקען אין קאַסטען.

צו מאָרגענס, ווען קאָוואַלסקי איז אריינגעקומען, האָט ער שוין געפונען די זאַכען איהרע איינגעפּאַקט. זי האָט געוואָרט, אַז ער זאָל אָנהויבען אַנ'אַנדער טאָן. ער איז אָבער געווען ערנסט און גלייכ־גילטיג. זעהר פריינדליך צו איהר, האָט ער געפרעגט וואָס זי דאַרף צו דער רייזע, און איהר מיטגעבראַכט קליינינקייטען. זי איז געוואָרען בייז, שווייגענדיג און פערקלעהרט. ער האָט בעהייסען דעם מענש די זאַכען אראָבנעהמען און דעם איזוואָשטשיק רופען צו דער באַהן צו פאָהרען.

אַז זיי זיינען פערביינעפאָהרען די סאַראָווע גאַס, האָט קאָוואַלסקי דעם קאָפּ פון דער דראָזשקע ארויסגעשטעקט און אין אַ פענסטער בעמערקט אַ רויט טיכעל. ער האָט אויף דעם זיינער געקוקט — עס איז פונקט געווען פיער אַזייגער...

— מיר פאָהרען פארביי נאַטאַליאַ מיכאַילאָוונאַ'ס הויז, — האָט קאָוואַלסקי געזאָגט.

— זאָלען מיר אראָבגעהן זיך געזעגנען?

— ניין, — האָט קאָוואַלסקי אויסגעשריען, בלייך ווערענדיג און אָנכאַפּענדיג מערי'ס האַנד.

— פאַרוואָס?

— איך בעט דיך — פרעג מיך ניט.

מערי האָט געקוקט אויף איהם און איז בלייך געוואָרען. זי האָט אָנגעהויבען אַלץ צו פערשטעהן. זי האָט מעהר קיין וואָרט ניט גע־

רעדט און דעם קאָפּ געבויגען צו דער ערד. אַז זיי זיינען צו דעם וואָקזאַל אָנגעקומען האָט קאָוואַלסקי געפרעגט:

— וואויהין זאָל איך קויפען בילעטען? קיין ווארשוי?

— ניין, איך וויל אהיים, אהיים! — האָט מערי אויסגעשריען.

דורך דער גאַנצער רייזע איז זי געזעסען אין א ווינקעל וואַגאָן, איינגעוויקעלט אין איהר זשאַקעט און איז זעהר בלייך געווען. זי האָט נים געקוקט אויף קאָוואַלסקי'ן, האָט דעם קאָפּ אראבגעבויגען צו דער ערד און איז פערטראַכט געווען. מיט צרות האָט קאָוואַלסקי אריינגעבראַכט אין איהר די פּרוכטען, וואָס ער האָט מיטגענומען אויפ'ן וועג. קאָוואַלסקי האָט זיך אַלץ געפּרואווט זי אריינצוברענגען אין הומאָר, ער האָט אייניגע מאָל געפּרואווט רעדען וועגען שלום, וועגען צוזאַמען-לעבען, וועגען זיינע פּלענער אויף ווייטער, און פאַר־נאַכט האָט ער איהר דערצעהלט פון זיין ליעבע. זי איז אָבער געווען פער־שלאָפען און קיין וואָרט נים אבגעענטפערט. א מעת־לעת זיינען זיי אַזוי אבגעפאָהרען. אין מיטען דער־נאַכט זיינען זיי אויף דער סטאַנ־ציע פון איהר שטאָדט אָנגעקומען. קאָוואַלסקי איז מיט איהר אראָב, איהר די זאַכען ארויסגענומען, און א בריטשקע גענומען, און זי אָב־געפיהרט צו איהרע עלטערנ'ס הויז.

די נאַכט איז געווען א טונקעלע, מיט וואָלקענס בעלעגט און די גאַסען זיינען געווען ווי אויסגעשטאָרבען. קיין מענש נים. נאָר פון דערווייטענס האָבען זיך געהערט די טריט פון דעם פּאַטרול. צווערשט האָט זי געשוויגען, זיצענדיג אין בריטשקע, נאָר אַז קאָוואַלסקי האָט זי געפרעגט:

— האָסט מיר גאָרנישט צו זאָגען, איידער מיר געהען זיך פונאַנ־דער?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, און דאָס איז געווען דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זי האָט גערעדט צו איהם דורך דער גאַנצער רייזע. זי האָט זיך נעהנטער צוגערוקט צו איהם און גענומען זיין פּנים אין איהרע קליינע הענד. קאָוואַלסקי האָט געהערט ווי איהר האַרץ קלאַפּט הויך, און זי האָט מיט שטראַהלענדע, דורכלעכערענדע בליקען געקוקט אין זיינע אויגען אריין.

— זאָג מיר דעם אמת, האָסטו מיט יענער פרוי אין פּעטערבורג געהאַט צו טהאָן?

קאוואלסקי האט איהר געקוקט גלייך אין די אויגען אריין.

— ניין, איך בין צוליעב דעם אוועקגעפאהרען פון פעטערבורג — האט ער קורץ און בעשטימט אבגעענטפערט.

— איך גלויב דיר, — האט זי געזאגט און האט צוגעצויגט איהרע ליפען צו זיינע, און א לאנגער, לאנגער קוש האט זיי ביידע בעהאפטען.

זיי האבען ביידע געשוויגען. דער איזוואשטשיק האט זיך דער־נעהענטערט צו זייער וואהנונג. זיי האבען ביידע געוואוסט. זיי האבען געוואוסט, אז איצט איז די לעצטע מינוט, אז זאלען זיך דורכ־ריידען. זי האט געוואוסט, אז אויב ניט איצט — איז קיינמאל ניט. און דאך האבען זיי געשוויגען, זיינען ביידע געזעסען און געזעהן, ווי דער איזוואשטשיק דערנעהענטערט זיך צו איהר הויז און געהאט ביידע דאס געפיהל, ווי דער טויט־אורטהייל, וואס זיי האבען זיך ביידע ארויסגעגעבען, קומט אויף זיי, און קיינער האט דאס מויל ניט געעפענט דעם טויט־אורטהייל צו פערניכטען.

דער איזוואשטשיק האט זיך אבגעשטעלט. זיי זיינען אין קארי־דאר אריין. נאך פיהלט זי זיין ווארימע האנד, זיין הויך קלאפענדע הארץ, זי ווארט אויף זיין ווארט, ווען וועט ער עס זאגען?... דער לעצ־טער האנד־דרוק, דער לעצטער בליק, די לעצטע בעריהרונג פון זיינע הויך געוואקסענע האהר. ער שווייגט און דאס הארץ קלאפט. זי געהט פלינק ארויף אויף די טרעפ.

— בלייב געזונד! — און זי קלינגט אן דעם גוט־בעקאנטען גלאק.

ער דערוויטערט זיך אין דער פינסטערער נאכט אריין, פון וואנען ער איז אנגעקומען.

זי האט מיט אמאל דערפיהלט איהר גאנץ עלענד און פוסטקייט אהן איהם, איהר גאנצע צוגעבונדענקייט צו איהם, און זי וויל איהם נאכלויפען, נאכלויפען: „קאוואלסקי"! זיך ווארפען פאר איהם אויף די קניע, קושען זיין האנד: „פערלאז מיך נישט! פערלאז מיך נישט!" שוין האט זי געמאכט א טריט הינטער זיך — עס איז שוין אבער צו־שפעט. די דערשראקענע טאטע־מאמע מיט ווארימע קושען זיינען שוין ארום איהר.

— ארים קינד! געלויבט איז גאָט, וואָס מיר זעהען זיך!

— וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט, דורכגעלעבט!

די שטאָדט איז געווען נאָך אַ פּאָגראָם. אַנגעהויבען האָט עס זיך אין מיטען העלען טאָג, ווען מען האָט אָם וועניגסטען געריכנט דערויף, און אין דעם קווארטאל אויף וועלכען מען האָט גאָרניט גע־דענקט — אין „ראָוו". אין מיטען העלען טאָג איז געוואָרען אַ גערו־דער און אַ געשריי אויף די גאַסען. וואָס? ווער? — דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. די געוועלבער פערהאַקט, די לאָדען און טויערען צר־געשלאָסען און די גאַסען אויסגעשטאָרבען. אַ מענש איז געשטאַנען אי־בער די ליידיגע גאַסען און האָט געשריען אין די פערמאַכטע לאָדען און טויערן:

— אין „ראָוו" האָט זיך אָנגעהויבען!

אז די יונגע לייט, — — — — — — — זיינען אָנגעקומען צולויפען — — — — — — — — — — האָבען זיי געפונען דעם „ראָוו" אָבגעשלאָסען. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — איינינע מוטהיגע יונגע־לייט האָבען זיך געפּרואווט דורכצורייסען. ——— — — — — — — — — — — — — אַנדערע האָבען אָבגעטרעטען, און די יונגע לייט זיינען געשטאַנען ווי משוגעים, ווי אין חלום, און האָבען געקוקט אין „ראָוו" אריין. פון דאָרט האָט מען גאָרנישט געהערט, גאָרנישט געזעהן, נור אַ שטיל ברומען האָט מען פערנומען. ווי אַ ים וואָלט געזאָדען, און פון צייט צו צייט אַ פערשטיקט געשריי, וועלכעס איז אָבגעשטאָרבען אין מיטען. וואָס דאָרט, אין ראָוו האָט זיך געטהאָן — האָט קיינער נישט גע־וואוסט...

צווישען די יונגע לייט, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער זייט „ראָוו", — — — — — — — — — — — — איז אויך געווען מישא. די גאַנצע צייט האָט ער ניט אָבגעטרעטען פון ראחעל און דורך גאַנצע נעכט איז ער אומגעגאַנגען מיט זיין רעוואָלווער אין האַנד און געהיט די שלאָפענדע ראחעל — ווייל עס האָט זיך איהם געדאַכט אז ער איז פערפליכטעט צו היטען איהר עהרע, נישט בלויז פון מענש־ליכקייט, נור אויך פון פּאַלקס־פפליכט, וואָרום ער האָט געזעהן אין איהר דעם סימבאָל פון דער פערלאָזטער אידישער שוועסטער. און

ווען דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבען, האָט זיין מזל געוואָלט, אז ער זאָל זיך דוקא געפינען אויף דער זייט פון „ראוו“, ווייט פון איהר. ער איז דאָ געשטאַנען א בלייבער, — — — — — — — — — מיט דעם בעוואוסטזיין, אז ראחעל איז דאָרט אליין, אָהן שוץ, אין מיטען דער ראזענדער ווילדקייט. זיין קאָפּ איז געוואָרען אָנגעצונדען פון די פאַנטאזיעס, פון דער גרויזאַמקייט, וואָס איז איהם פאר די אויגען געשטאַנען. עס איז איהם אַ חרפה געווען איצט צו לעבען. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך שוין געוואָרפען — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

דערנאָך האָט ער זי געזעהן. מיט'ן ערשטען אויגענבליק האָט ער אַלץ געוואוסט. די שטוב איז געווען חרוב, צובראכען אַלץ. צווישען די קאַסטענס ערד און יונגע אויסגעריסענע בליהעכטס איז זי געלעגען בעהאַלטען אין א ווינקעל, דאָס פּנים איינגעשטעקט אין קישענס. —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — און צום ערשטען מאָל —

צום ערשטען מאָל! — זינט מישא האָט זי געקענט, האָט זי דעם קאָפּ ארויסגעריסען פון זיינע הענד און פערשעמט צוריק אריינגעשטעקט איהם צווישען די קישענס.

ער האָט פון אַלץ געוואוסט.

ווי א משוגע'נער איז ער אויף איהר ארויפגעפאַלען, האָט זי אָנגעהויבען בעדעקען מיט קושען און איהר אבגעווישט מיט די ליפּען דאָס בלוט פון איהר פּנים.

— מיין שוועסטער, מען האָט דיר שלעכטס געטהאָן!

זי האָט זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענד און בעהאַלטען דאָס פּנים אין די קישענס.

אזוי איז זי אבגעלעגען צוויי טעג און נאַרנישט געגומען צו זיך.

מישא איז געזעסען נעבען איהר. ער האט צו איהר קיין ווארט נישט גערעדט. ער האט זי נישט געטרייסט, ער איז נור נישט אב־געטראטען פון איהר אויף איין מינוט.

דורך די צוויי טעג איז זיין צער צייטיג געווארען.

---

## דאס אכצעהנטע קאפיטעל.

אין צוויי טעג ארום איז דאקטאר לייזעראוויטש אהיים געקומען פון טורמע. דאוויד איז אבער שוין נישט געווען אויף דער וועלט. — — — — — — — — — — — — — — —

פאטער און זוהן זיינען די גאנצע צייט געזעסען צוזאמען אין איין קאמער. פאר־טאג האט מען דאוויד'ן ארויסגענומען און געפיהרט צום געריכט, נאך מיטאג האט מען איהם צוריקגעבראכט. דער יונג איז געווען בלייך, די ליפען פערביסען און די אויגען האבען איהם ארויס־געשטארט פון פנים. — — — — — — — — — — — — — —

ער איז מיט'ן פאטער אבגעזעסען א גאנצען נאכמיטאג, ביז אין דער האלבער נאכט אריין, און קיין ווארט נישט דערצעהלט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע פאטאגראפיע זיינע האט געוויזען אין כעם צוזאמענ־געביסענע צייהן אויף די ליפען און גרויסע אויסגעשטארטע אויגען...

דאקטאר לייזעראוויטש איז געוואהר געווארען פון זיין זוהנ'ס טויט ווען ער איז שוין פריי געווען.

ווען דאקטאר לייזעראוויטש האט געפונען די טאכטער אין אזא צושטאנד — פערבארגען דאס פנים אין קישען און קיין מענש ניט געוואלט אין געזיכט קוקען, האט ער ביי איהר קיין זאך נישט געפרעגט. ער האט זי אבגעוואשען מיט עטהער, קיין טיפע וואונדען זיינען נישט געווען, דעם קאפ האט ער איהר געוואשען, אויסגעטהאן זי און אין בעט אריינגעלעגט. מיט געדולד און גלייכגילטיגקייט האט ער אנגעהויבען צוריק צונויפשטעלען זיין צושטערט אפטייקעל, די שיינקער צוזאמענגעשלאגנע, פאליצעס צוריק איינגעהאקט און אנגעהויבען אויפצוזוכען פון די חורבות ארוים די פלעשלעך מיט רפואות, און זיי צוריקגעשטעלט יעדעס אויף זיין ארט. זיין געזיכט האט זיך נישט געענדערט, קיין צער, קיין וועהטאג איז ניט געווען אן איהם צו בעמערקען. נאר דער רוקען איז אביסעל מעהר איינגעהויקערט געווארען און די לעצטע קאלטנעס אויף זיין אויסגעקראכענעם קאפ זייען דורך דער קורצער צייט גרוי געווארען. שטיל־שווייגענדיג און אריינגעטראן איינגאנצען אין דער ארבייט, האט ער דעם זעלבען טאג, וואס ער איז אהיים געקומען, שוין פאציענטען אויפגענומען. „דער „ראוו" קאן נישט ווארטען" — האט ער געשמייכעלט, דערזעהענדיג די ערשטע פאציענטען, וועלכע האבען אנגעהויבען אריינצוקריכען צו איהם פארנאכט, ווי זיי זיינען נור געוואר געווארען, אז דער דאקטאר איז צוריקגעקומען.

— וואס? שוין ווידער קראנק? — האט ער בעגעגענט די פאציענטען מיט זיין אריגינעלער פרעטענזיע, — נישט געקאנט דערווייל געזונד ווערען, וואס? — לאזט מיר נור דאס אפטייקעל אויפשטעלען.

אין א פאר טעג ארום האט זיך ראחעל אויפגעהויבען פון בעט. איהר געזיכט האט זיך ווייניג וואס געענדערט — דער זעלבער קינדערשער בליק פון די אויגען. נור הינטער דער אויבערשטער ליפ האט זיך אריינגענב'עט א פרעך שמייכעלע און אז זי האט מיט וועמען גערעדט האט זי יענעמ'ס בליק אויסגעמידען.

קיינער האט נישט געוואוסט דעם סוד פון דעם שמייכעלע. קיינער האט זי גארנישט געפרעגט און קיינעם האט זי קיינמאל נישט דערצעהלט, וואס דאס שמייכעלע בעטייט.

---

ערשט נעכטען דא געווען אין גארטען, — האט מערי געזאגט.

# דאס נייצעהנטע קאפיטעל.

עס איז געוועזן א פאר טעג נאך מערי'ס קומען. עס איז א הער־ליכער פריה־מארגען. דער ערשטער פריהלינגס־ווינד האט געוועהט אין מערי'ס אפענע פענסטער. עס איז געווען לאנגווייליג צו זיצען אליין אין דער היים און צו הערען די מוטער דערצעהלען פון די שרעק־ליכע טעג. די עלטערען האבען זיך געקליבען קיין אויסלאנד און גע־ווארט נאר ביז זיי וועלען פערענדיגען זייערע געשעפטען. זי האט געזאלט מיטפאהרען און איז געווען בעשעפטיגט מיט פארבערייטונגען. ביז איצט האבען זי די עלטערען אויף דער גאס ניט ארויסגעלאזט, נאך געווען איבערגעשראקען פון די פאגראמען, און זינט זי איז געקו־מען האט זי קיין מענש ניט אנגעזעהן אין די אויגען. מישא האט זיך ניט געוויזען, כאטש זי האט איהם געלאזט זאגען אז זי איז דא, און פון די חבר'טארינס האט מען אויך קיינע נישט געזעהן. נור די שטאדט האט זיך שוין געהאט בערוהיגט: די טויטע זיינען שוין געווען בע־גראבען און די קראנקע זיינען געלעגען אין די שפיטאלען. אין שטאדט האבען זיך געבילדעט קאמיטעטען צו צוטהיילען די שטיצע פאר יענע, וואס האבען געליטען — די שטיצע, וואס איז געקומען פון אויסלאנד. יעדער איינער איז געווען פערנומען מיט צונויפשטעלען צוריק זיין רואינירטע היים און בעקומען וואס מעהר געלד פון די קאמיטעטען. די געשעפטען האבען זיך שוין געעפענט, דער האנדעל איז געגאנגען און די גאסען האבען אנגעהויבען צוריק צו בעקומען זייער געוועהנ־ליך אויסזעהן.

די עלטערן האבען ערלויבט מערי'ן דאס ערשטע מאל ארויסצוגעהן אין גאס. דער טאג איז געווען א שעהנער, א פריהלינגס־הויך איז גע־לעגען אין דער לופט פערשפרייט, און די בוימער איבער די טראטו־ארען האבען אנגעהויבען אויסצוציהען זייערע שווארצע צווייגען און אויפגעריכט זיך צום פריהלינג. דער הימעל איז געווען ריין, און די מענשען אויף דער גאס — פיעל בעלעבטער און פול מיט האפנונג. די טויטע זיינען שוין געווען בעגראבען און די איבערגעבליבענע האבען זיך אריינגעווארפען אין לעבען אריין, וואס איז זיי נאך איבערגעבלי־בען, און פערגעסען אן די טויטע.

דא און דארט האט מען געזעהן מענשען בעגעגנען זיך, פאלען איינער דעם אנדערען אויפ'ן האלז און קושען זיך און פרעהען זיך, וואס מען זעהט זיך ווידער. מערי איז ווייטער געגאנגען. זי האט נאך קיין איינציגען בעקאנטען נישט געטראפען. זי איז אנגעקומען פאר דעם שטאדט-גארטען און האט פון דער-ווייטענס בעמערקט מישא'ן, ווי ער געהט זיך אליין פון הינטער איהר.

ער האט זי שוין פריהער געהאט בעמערקט אויף דער גאס און איז איהר נאכגעגאנגען אויף דעם צווייטען טראטואר און האט זי בעטראכט פון דער־ווייטענס. אויסער רחמנות, האט ער שוין איצט גארנים געפיהלט צו איהר.

— אהא, מישא, — האט זי מיט פרייד אויסגערופען, גלייך ווי עס וואלט צווישען זיי גארנים בעשעהן.

איהר שטים האט אין זיין הארץ עפּיס אויפגעוועקט און ער איז אוים געוועהנהייט רויט געווארען און דאס הארץ האט איהם אנגע־הויבען צו קלאפּען.

— און איך בין שוין אזוי לאנג דא, און מען זעהט דיך נישט, זיץ אליין אין דער היים, און קיינער קומט נישט צוגעהן!

מישא האט נאך קיין צייט נישט געהאט קיין ווארט פון מויל ארויסצוברענגען.

דער גארטען האט זיך בעפרייט פון זיין ווינטער־דעק. דער אי־בערגעבליבענער שניי האט געשמאלצען אין די ווינקלען, און די בוימער זיינען שווארץ געווען, האבען זיך געטריקענט אין דער פריהלינגס־זון און פויגעל זיינען שוין אומגעפלויגען. דער הימעל איז ריין געווען. אין א מינוט ארום האט זיך זיי ביידען געדאכט, אז דאס אלץ, וואס זיי האבען דורכגעלעבט אין דער קורצער צייט, איז א שלעכטער חלום געווען, און אט האבען זיי זיך ערשט ווידער בעגעגענט אין דעם גארטען, אין וועלכען זיי פלעגען אזוי אפט שפּאצירען צוזאמען, ווען זיי זיינען נאך קינדער געווען.

— טרויעריגע טעג געהאט, וואס?

— איך האב געהאט — טרויעריגע.

— אין אזא קורצער צייט, גאט מיינער, מיר דאכט, איך בין

— מיר דאכט זיך צומאל אויף אזוי, שמייכעלט מישא.

— דאס אומגליק איז גרויס! יא, עס איז וואהר, מיט ראחעל, דאקטאר לייזעראוויטש'עס טאכטער, האט זיך געטראפען אזא אומגליק? — האט מערי געפרעגט דערשראקען.

מישא איז בלייך געווארען און אבגעענטפערט הויך און שארף:

— ראחעל, דאקטאר לייזעראוויטש'עס טאכטער איז מיין כלה, און מיט איהר האט זיך קיין שום אומגליק ניט געטראפען.

מערי האט איהם אנגעקוקט האלב פערוואונדערט, צי מיינט ער דאס ערנסט און האט בעמערקט, אז ער מיינט דאס ערנסט.

— איך גראטוליר דיך, — האט זי אויף ערנסט געענטפערט.

— איך דאנק אייך, — האט מישא צורקגעענטפערט.

זיי זיינען נאךביידע געגאנגען א קורצע ווייל צוזאמען, זיי האבען זיך אבער ביידע געפיהלט שלעכט און האבען זיך צושיידט.

מישא איז איצט מיט פלינקע טריט אריינגעגאנגען אין „ראוו“. עפיס א גרויסע אידעע האט איהם געגעבען א בליץ אין קאפ. — דאס וואס ער האט אזוי פיעל געקלעהרט דעריבער אין דער לעצטער צייט, איז איהם איצט קלאהר געווארען. יא, ער האט עפיס, עס איז דא — חתונה האבען און אוועק ערגעץ. וואוהין? — דאס האט ער נישט געוואוסט, האט ער נישט געזעהן. נור געפיהלט האט ער די גרויסע שאנד און וועהטאג און זיין מאכטלאזיגקייט. דאס האט ער געפיהלט. דאס האט ער דעם וועהטאג, דעם צער — יא, בויען די צוקונפט, דאס וויטערדיגע לעבען אויף דעם צער, וואס ער טראגט אין זיך.

ער איז געגאנגען געשווינד, ווי בעניימט מיט א האפנונג, מיט א ווייטען, ווייטען שטראהל, וועלכען ער האט געזעהן, ווי אויס א נעבעל. אידען זיינען געשטאנען אין „ראוו“ און צונויפגעקלאפט מיט ברעטער זייערע צוואווארפענע חורבות און אויפגעקליבען פון די אנגעווארפענע הויפענס זייערע זאכען.

ער האט נישט בעמערקט, ווי ער איז אנגעקומען צו דאקטאר לייזעראוויטש'עס הויז.

זינט עס האט זיך מיט ראחעל דאס אומגליק געטראפען, האט זי פאר מענשען מורא געקראגען און פלעגט זיך דערווייטערען, ווען א

מענש איז אין שטוב אריינגעקומען. דער דאָקטאָר האָט זי גאָרנישט געפרעגט. זי פלעגט זיך אויף גאַנצע טעג איינשליסען ביי זיך אין צימער און קיינעם נישט צוגעלאָזען צו זיך. דער פאָטער האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך אַ מעשה ניט אָנטהאָן און פלעגט האַלטען הינטערן שלאָס אַלע גיפט־געטראַנקען און זי אויס דעם אויג נישט געלאָזט. נור מעהר ווי אַלע פלעגט זי אויסמיידען מישאַ׳ן. קוים פלעגט מישאַ קומען צו זיי, פלעגט זי אין צוויטען צימער אריין און אפילו נישט געגריסט זיך מיט איהם. מישאַ האָט בעמערקט, אַז זי וויל זיך מיט איהם ניט טרעפען, האָט ער אויסגעמיטען דאָס הויז.

איצט איז ער אריינגעקומען אונבעמערקט. דער דאָקטאָר איז נישט געווען, ער איז געלאָפען צו אַ קראַנקען. ער האָט זי געטראָפען זיצענדיג ביים טיש און איבערזעצענדיג די צוטרעטענע פלאַנצען אין די קאָסטענס. זי איז זעהר טרויעריג געווען און בלייך. ביי מישאַ׳ס אריינקומען איז זי דערשראָקען געוואָרען און זי האָט געוואָלט זיך אויפהויבען און אריין אין אַ צווייטען צימער. מישאַ האָט זי אָבער ביי דער האַנד אָנגעכאַפּט און געזאָגט מיט אַ האַסטיגער שטאַרקער שטים:

— ראחעל, אַנטלויפט נישט פון מיר, איך ליעב אייך, איך ליעב אייך זעהר און וויל מיט אייך חתונה האָבען!

דאָס מיידעל האָט איהם אָנגעקוקט ווילד און דערשראָקען. איהר האַרץ האָט הויך געקלאַפּט, זי האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט די צייהן און אַ מינוט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען. פּלוצלונג האָט זי זיך געגעבען אַ ריס ארויס פון זיינע הענד, אַ בויג ארונטער דעם קאָפּ הינטער דעם טיש און האָט צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען צו שלוכצען:

— אָבער איך קאָן דאָך נישט, איך קאָן דאָך נישט!

ער האָט איהר מיט געוואָלט דעם קאָפּ אויפגעהויבען און געקוקט איהר גלייך אין די אויגען אריין:

— דו קאָנסט, דו ביזט מיין ווייב, איך ווייס פון אַלץ.

ביי דעם לעצטען וואָרט האָט זי זיך געגעבען פלינק אַ ריס ארויס פון זיינע הענד און געוואָלט אַנטלויפען פון שטוב ארויס.

מישאַ האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר ביידע הענד, גענומען איהר קאָפּ און ווידער איהר געקוקט גלייך אין די אויגען אריין:

— ווילסטו ניט, נעה איך און לעג זיך אנידער א טויטער פאר דיינע אויגען.

זי איז דערשראקען געווארען. זי האט געזעהן אין זיין בליק, אז ער וועט עס טהאן און זי האט אנגעהויבען צו ציטערען:

— אבער, מישא, איינציגער מישא, — האט זי ארויסגעשטאמעלט די ווערטער אין אידיש, און איז געפאלען אויף זיין הארץ און האט הויך און לאנג געוויינט, ווי א קינד.

ער האט זי געלאזט אויסוויינען.

— איך ליעב דיך. איך האב קיינמאל קיינעם נישט געליעבט, נור דיך. און מעג זיין דיין שאנד און דיין אומגליק נאך טויזענד מאל גרעסער, ווי עס איז, איז עס מ י י ן אומגליק, מ י י ן שאנד, וועל איך עס נעהמען ווי א קרוין און אויף מיינע הענד ארומטראגען.

זי האט איהם אנגעקוקט, נור מיט יענעם בליק, וועלכער קיהלט דאס בלוט. איהר גאנצער צער, איהר פערבארגענער גרויזאמער סוד איז געלעגען אין איהר בליק.

— מישא, אבער איינציגער מישא!

— זאג, וואס זאל איך טהאן פאר דיר, זאג!

— גארנישט, מישא, גארנישט, — און זי האט געציטערט אין זיינע ארעמס און האט איהם געקושט אויף די ליפען.

---

אז דאקטאר לייזעראוויטש איז אריינגעקומען, איז מישא צוגע־גאנגען צו איהם און געזאגט:

— דאקטאר לייזעראוויטש, איך בין נאך א יונגער מענש, איך האב נאך נישט קיין פראפעסיע און קען נאך גארנישט, אבער איך וועל זיך נעהמען צום לערנען און וועל פלינק ענדיגען. איך ליעב אייער טאכטער און אייער טאכטער ליעבט מיך, און איך וויל חתונה האבען מיט אייער טאכטער.

דאקטאר לייזעראוויטש האט זיי ביידען אנגעקוקט ווי משוגע, פערוואונדערט און ערשטוינט. ער האט זיך געקראצט אין די איבער־געבליבענע גרויהע לאקען און געקלאפט מיט די ליפען צופריעדען:

— וואס? וואס חתונה האבען? חתונה האבען? און וואס זאגט זי? — ווייזט ער אויף זיין טאכטער.

— זי וויל אויך, — זאגט מישא און ווייזט אויף די שטעהענדע ראחעל, וועלכע האלט מישא'ס האנד שוואך.

— וויל אויך, וויל אויך, — קלאפט ער מיט די ליפען. — ווען?

— היינט, באלד, — שרייט אוים מישא, — מיר ווילען ווי אם שנעלסטען אוועקפאהרען קיין אויסלאנד. איך וויל זיך צוגרייטען צום עקזאמען אין אויסלאנד.

— און וואס זאגט זי? — ווייזט ער אויף דער טאכטער.

— זי וויל אויך, — זאגט מישא.

— אזוי, אזוי, — קלאפט דער דאקטאר מיט די ליפען, — נו, וואס ווילט איהר פון מיר? וואס זאל איך טהאן?

— מיר ווילען נעהמען חופה וקדושין ביים רב.

— וואס? — וואונדערט זיך דער ראדיקאלער דאקטאר, — א רב? נאך וואס קומט דא אהער דער רב? וואס דארף מען דא א רב? — מור־מעלט דער אלטער.

— ניין, נור חופה וקדושין ביים רב, — שפארט זיך איין מישא.

דער דאקטאר האט זיך לאנג געאמפערט און האט צום סוף געמוזט בעשטעהן, אז עס זאל זיין חופה וקדושין ביים רב. מישא האט דורכאוים פערלאנגט. דער דאקטאר האט עס געמוזט נאכגעבען און אליין פערבעטען דעם רב צו זיך אין שטוב.

— א דור היינטו! — האט ער געברומט, — וואס פאר א דור איז היינטו! מיר האבען חתונה געהאט אהן חופה וקדושין, אהן א רב, און זיי דארפען א שטריימעל, חופה וקדושין. שעהנע ראדיקאלען! — האט ער געמורמעלט, ארויסגעהענדיג פון רב.

---

מערי האט זיך נאך ארומגעדרעהט א געוויסע צייט אין איהר שטעדטיל. עס איז איהר געווען לאנגווייליג און טרויעריג. מיט די חבר'טארינס האט זי זיך וועניג געזעהן, און מיט די, וואס זי האט זיך בעגעגענט, איז איהר געווען לאנגווייליג און ניט אינטערעסאנט. זי האט זיך ארומגעדרעהט אין שטעדטיל און קיין זאך האט זי דא נישט

פעראינטערעסירט. זי איז שוין געווען אבגעוועהנט פון דער געזעל־
שאפט און האט געבענקט נאך דער גרויסער שטאדט, נאך דער מיליע,
וואס זי האט דארט געהאט. זי האט געפרואווט צו לעבען איינזאם,
אליין, אין איהר בענקשאפט נאך קאוואלסקי׳ן. אבער דאס האט איהר
נישט געניגט. אלץ האט זיך איהר אויסגעוויזען קליין און לאנגווייליג
און זי האט געבענקט, געבענקט נאך דער גרויסער שטאדט.

דורך גאנצע נעכט איז זי געלעגען אויף איהר געלעגער און האט
נאכגעקלעהרט מאקסימאוויטש׳עס ווערטער, וואס ער האט איהר גע־
זאגט פאר דעם אוועקפאהרען, — אז זי איז א ציגיינער־קינד און עס
זיינען פאראן אזעלכע ציגיינער־קינדער, וועלכע הערען ביי־נאכט דאס
ציגיינער־ליעד קלינגט זיי דורך די פענסטער אריין און צרמארגענס
געפינט מען זיי אין ציגיינער־לאגער.

זי איז געלעגען דורך גאנצע נעכט און האט געהארכט נאך דעם
ציגיינער־ליעד, וואס וועט זיך אין איהר פענסטער הערען, נאך דער
ציגיינער־באנדע, וואס וועט פאר איהר טהיר פארבייציהען.

זי האט אמאל דאך געמוזט פערנעהמען דאס ליעד אין א נאכט.
ווארום צו־מארגענס אין די פריה, אז די עלטערן זיינען אויפגעשטאנען,
האבען זיי זי שוין מעהר נישט געפונען: זי איז געווען אנטלאפען קיין
פעטערבורג און האט איבערגעלאזט א בריעף, אז זי קאן מעהר נישט
לעבען אין דעם קליינעם שטעדטעל.

עגדע

